# ירושלימער
# אלמאַנאַך

## 2-3

## 1974

ייִדישער שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין אין ישׂראל — ירושלימער אָפּטיילונג

אגודת סופרי ועתונאי יידיש בישראל — סניף ירושלים

1974

# JERUSHALAIMER ALMANACH

of the Union of Jewish Writers and Journalists — Jerusalem Branch

רעדאַקטאָר: **יוסף קערלער**

מיטרעדאַקטאָרן: **שמחה סנה, דוד ספאַרד**

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג
(קולטור־דעפּאַרטאַמענט), קליטה־צענטער פון ירושלים און אַבסאָרבציע־אָפּטייל
ביי דער סוכנות.

הילע: חיים אַראָנשטאַם

פאַרלאַג "אייגנס", ירושלים





נדפס בישראל 1974

דפוס קואופרטיבי "אחוה" בע"מ, ירושלים

# אינהאַלט:



## קיום

זייט

## מע זאָל עס דערציילן אין פריידן...



## שרייבער און ווערק



## נאָטיצן, אינפאָרמאַציעס



אונדזער שטעלונג צו דער פּלאַנירטער וועלט־קאָנפערענץ פון יידישער קולטור אין ישראל ● פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך ● כראָניק ● צו די קונסט־אילוסטראַציעס ● ביאָ־ביבליאָגראַפיע.



**שניאור זלמן שזר ז״ל**

געבוירן אין מיר (פינסקער גובערניע), א׳ כסלו תר״ן

נפטר־געוואָרן אין ירושלים, שבת חול־המועד סוכות תשל״ה

# שניאור זלמן שזר ז״ל

פאַריתומט און שווער געטראָפן שטייען מיר ביים פרישן קבר פון אונדזער שניאור זלמן שזר (רובאַשאָוו) ז״ל.

דער דריטער נשיא פון דער יידישער מדינה איז מיט זיין טיף־יידישער גייסט־רייכער פערזענלעכקייט צום שטאַרקסטן און נאַטירלעכסטן געווען און פאַרבליבן דער לעבעדיקסטער סימבאָל פון מיזוג מדינת ישראל מיט עם ישראל, פון איין גרויסן אחד און פון איין אומדערשיטערלעכער אחדות פון יידישן וועלטפאָלק.

זיינע טיפע פאָרשונגען וועגן קבלה און צפת, וועגן די מעכטיקע משיחישע באַוועגונגען צווישן יידן, וועגן חסידות, האָבן מיט זייער חכמה און חריפות באַרייכערט אונדזער נאַציאָנאַלע וויסנשאַפט, דורכגעלייגט אַ נייעם שטעג צו אונדזערע אייביקע קוואַלן.

אַ טאַלאַנטפולער פירער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ לײדנשאַפטלעכער טריבון און אַ דיכטער פון לירישער תפילה איןביידע אונדזערע לשונות — אַזאַ איז די ווייט נישט פולע כאַראַקטעריסטיק פון שזר׳ס ליכטיקער געשטאַלט.

מיר טרויערן צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק און מיט גאַנץ מדינת ישראל איבערן טויט פון שניאור זלמן שזר ז״ל...

אָבער מיר, יידישע שרייבער, שפירן זיך באַזונדערס געטראָפן, באַזונדערס צעווייטיקט פון אָט דעם צערפולן פאַרלוסט: —

קיינער ווי ער, דער יידישער דיכטער, האָט נישט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל אינטימע ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש פאַר יידיש לשון און יידישער ליטעראַטור;

ווייניק פון אונדזערע גרויסע מנהיגים האָבן אַזוי געשטיצט מיט וואָרט און טאַט די גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות פון יידישן פען־מענטש.

אין זכות פון זיינע בענטשנדיקע הענט, וועלן מיר מיט נאָך מער ליבשאַפט, טריישאַפט און עקשנות פאַרזעצן אונדזער שווערן שעפערישן גאַנג אין דער גרויסער יידיש־קולטור — דער ווערטפולער אינטעגראַלער טייל פון יידישקייט בכלל.

כבוד זיין ליכטיקן אָנדענק!

יידישע שרייבער־גרופע פון ירושלים

כ״א תשרי תשל״ה — 7 אָקטאָבער 1974

**זלמן שזר ז״ל**

## אַ תפילה לשלום ישראל

טראָגט זיך איצט ווידער, פון האַרץ ווי פון סידור
די תפילה די שטילע, איינציק און ריין:
ה׳ עוז לעמו יתן!

גאָט זאָל ישראל איצט שטאַרקייט פאַרשאַפן
שטאַרקייט אין ווילן און שטאַרקייט אין וואָפן
און שטאַרקייט אין איינהייט, סיי אַלט און סיי ניי,
סיי פרומע, סיי פרייע — אַלע געטריי.
און ליבע זאָל פלייצן פון האַרץ ווי אַ שטראָם
פון יעטוועדן יידן באשר הוא שם.
וה׳ יברך את עמו בשלום!

# ק י ו ם

## מלכה לאָקער

### דער גאָלדשמיד האָט די קלייט פאַרשלאָסן...

דער מאָרגן זיצט אויף מיין שכנס דאַך
און קוקט פון ווייטן אין מיין פענצטער —
דער גאָלדשמיד האָט די קלייט פאַרשלאָסן,
זאָגט ער אָן מיט זאָרגן,
זאָגט דער מאָרגן בלאַס,
די זונענקויל פון אונדזער זייט איז אויסגעלאָשן,
דאָס צירונג איז קאַלט און איז נאַס
און דיין פנים ווייזט ניט קיין שטראַל...

גוט־מאָרגן, מאָרגן, זאָג איך שטיל,
איך וויל דו זאָלסט זיין גוט,
און דו זאָלסט וואַקסן ווי דאָס ליכט אין אַפּריל,
און דו זאָלסט פאַרגעסן נאָר אויף איין מינוט,
אַז עס איז נאָך פינצטער
און דו זאָלסט מיר ברענגען דאָס ערשטע בלוי,
וואָס בליט אויפן באַרג און שפּיגלט זיך אין טוי
און בליאַסקעט ווי דאָס צירונג אין אַ בלויען פריבאַגין...

דער גאָלדשמיד האָט די קלייט פאַרשלאָסן,
דאָס צירונג האָט ניט קיין שטראַל,
און דו האָסט ניט קיין באַוווין, יונגער מאָרגן,
און שפיכת דמים אין גאַסן
האָט דאָס טאָגליכט אָפּגעוואָרגן...

קוק ניט, ליבסטער, אויף דער נאַכט,
וואָס זיצט נאָך ברייט,

נעמט אַלצדינג איין, וואָס די ערד דעקט צו
און פאַרשליסט דעם גאָלדשמידס קלייט...
קוק ניט אויף מיין האַרץ, וואָס איז פאַרריגלט
און האָט ניט קיין טיר
און כאַוועט די שטיינער דרינען פאַרשלאָסן,
וואָס וואַקסן פון הונגער איבער די גאַסן,
גוט־מאָרגן, מאָרגן, כ׳האָב געוואַנדערט איבערן מאַרק,
כ׳האָב געהונגערט מיטן קליינוואַרג,
און כ׳האָב געזוכט די מוטערס און די בענטשליכט
און די ווערטער פון מיין פאָטערס תפילה...

ניט דאָס צירונג, ניט דעם כתר,
כ׳האָב געזוכט די קלייניקייטן,
די קליינע פונקען, און כסדר זיך געבעטן
אפילו נאָר אַ קריי,
אַ קריי פון אַ האָן אין אַ פאַרטאָג...
דער טאַטע וואַשט די הענט און ״זאָגט״
און דעקט מיך איין און היט מיין שלאָף
״גאָט איז אַ היטער
וועט ער דיך היטן
אַ גאַנצע נאַכט ביז אין דער פרי...״

פאַרגעס די שטיינער אין האַרצן,
דעם גאָלדשמידס פאַרשלאָסענע קלייט.
אין אַ ווינטערנאַכט אַ שוואַרצער
שפּאַנען קינדער איבערן וועג
מיט אַ ליכט אין די לאַמטערנס, אין די אויגן
ערגעץ מוז איך זיי געפינען.
די גאָלדענע פאַווע איז צוגעפלויגן,
כ׳האָב אַליין זיי מיטגעגעבן צו פאַרבייסן
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען און אַ ביסל פון מיין האַרצן,
וואָס איז דעמאָלט וואַרעם נאָך געווען —

ס׳איז ווייט, ווייט ביז אין דער פרי,
און אין דער טיפער נאַכט ברענט מיין שטעטל רויט.
פייער! פייער אין די גאַסן! פייער אין אַלע גאַסן,
דער בית־עולם אַרומגערינגלט מיט אַ פלויט
שטייט פאַרפלייצט אין וואַסער,

וואַרט.
אומזיסט.
דער מאַרק איז פוסט,
נישטאָ קיין שׂריד ופליט.
דאָס טייטל פונעם דרדיקן וואָלט איך כאַטש געפונען
דעם אָנהויב נאָר,
דאָס ערשטע יאָר פון קמץ אַלף אָ,
דעם אָנהויב ווי אַזוי אָנהויבן אויף ס׳ניי.
וואַרט אויף מיר. לויף ניט אויף צוריק,
צי שפּילט מיין קינד אין וויג, צי שווין אין ניס,
ער בויט זיך אַ בריק פון פּאַפּיר...

די זון זיצט אין חושך
און גליוועָרט אירע שטראַלן אין צווייגן פון פראָסט,
דער שטורעם קאָוועט בלעכן, וויסע בלעכן איבערן גאַס,
האַלט דעם לאַמטערן, מיין קרוין,
די זון זיצט אין ווינטערפּאַס
שווין אַ קימא לן פון יאָרן
און קיין שטערן זעט מען ניט...
איך האָב פאַרגעסן דאָס געלע גאָלד
וואָס וויגט זיך אין אַ פעלד פון קאָרן,
איך וואָגל אַלץ זיך איבער שליאַכן
און זוך — און האָרך, צי שופרות רופן,
צי קלאַפּט אַ ווידערהאָרן אַנטקעגן וואַנט,
איך זוך דאָס חן־גריבל, ליבער, אויף דיין פּנים,
דעם פּונק אין דיין אויג, דעם הויכן בויג —
פון דיינע ברעמען טיף אַריין אין שטערן.
האָסט אַ לאַנגן וועג, מיין קרוין,
און דאַרפסט זיך גאָר ניט שעמען
אפילו ווען די קלויבסט זיך עסן טעג.

לערן, לערן ,דער וועג איז לאַנג,
האַלט דעם לאַמטערן פאַרן וועג,
די ערד איז גלאַטיק ווי פּאַרמעט
און גליטשיק פונעם פראָסט
דער הימל איז אויסגעפּלעקט ווי׳ דעם לעמפּערטס פעל
און קאָרטשעט זיך...

קלמן סעגאַל

# אידענטיפיקאַציע

## (פראַגמענט פון אַ ראָמאַן)

...איך בין מיד, מיד. עס טוען מיר ווײ די פיס, די נײַע פּאָר שיך קוועטשן לײַכט, אָבער קאָנסעקוועגט. אַ ביסל צו פיל האָב איך אין די לעצטע טעג אַרומגעקלעטערט אין דער דאָזיקער גרויסער שטאָט און הינטער דער שטאָט, מיט דער מאַפּע פון רוים אין דער האַנט בין איך געגאַנגען צו פוס פון סטאַציאָנע טערמיני ביז צו וויאַ אַפּיאַ, אין יענער געגנט, וווּ עס געפינט זיך דער בית־עולם פון ייִדישע געפאַנגענע און שקלאַפן: די זעלנער פון וועספּאַסיאַנוס און טיטוס האָבן זיי געטריבן פון די הרי יהודה אויף מערב, צום ברעג פון ים, דאָרט האָט מען זיי אויף רוימישע שיפן צוגעקאָוועט צו די וועסלעס, מער האָבן זיי שוין נישט געזען די היימישע בערג, נישט דעם היימישן ברעג, פון אָסטיע זענען זיי ווידער געגאַנגען צו פוס. אויפן פאָרום ראָמאַנום האָט דער המון געפײַערט דעם אָנקום און דעם זיג פון רוימישן קיסר און פון די רוימישע לעגיאָנען. דאָס פאָלק, דער שטאָלצער פּאָפּולוס ראָמאַנוס האָט געפליעסקעט אין די הענט און געשפּיגן אויף די שקלאַפן, שוין נישט קריגס־געפאַנגענע, נאָר שקלאַפן, סאָלווע וועספּאַסיאַנוס, האָבן זיי געשריגן, עס לעבע דער פיהרער, און — האָך האָך הוררראַאַ — איך בין געגאַנגען אויפן טראָטואַר און עמעץ איז צו מיר צוגעקומען און האָט מיר דערמאַנט, אַז פערד, הינט און ייִדן טאָרן נישט גיין אויפן טראָטואַר, האָב איך זיך געלאָזט גיין אין מיטן שאָסיי, און איצט גיי איך דורך דעם טיטוס־טויער אין דער ריכטונג פון רוימישן סענאַט, איך מוז נישט גיין אויפן טראָטואַר, איך בין שוין צוגעוווינט צו גיין מיט פאַרשײדענע וועגן, מיט סטעזשקעס, באַרג אַרויף, דורכן וואַלד, אָדער דורך אַ טײַך, דורך בלאָטע, שניי אָדער אײַז; מען האָט אונדז אַרויסגעשלעפּט, אַרויסגעטריבן פון דער שטוב אין אַ געוויסער זומערדיקער נאַכט, צום ציל האָבן מיר דערגרײַכט ערשט אין שפּעטן האַרבסט, ס'איז געפאַלן אַ שניי און געבלאָזט האָט אַ פראָסטיקער ווינט, די נאַכט איז געווען אַ לאַנגע און ווײַסע, אַ פאַלאַרע, די טײַגע איז געווען שיין ווי דער טויט, דאָ וועט איר איצט לעבן, האָט געזאָגט דער רוימישער אָפיציר, וועלכער האָט זיי צוגעפירט צום ברעג פון טיבּרוס, דאָ וועט איר לעבן און פגרן, האָט געזאָגט דער רוסישער אָפיציר, פאַרן רום פון דער אייביקער רוימישער אימפּעריע, פאַרן רום פון דער צאַרישער אימפּעריע, פון דער צאַריש־סאָוויעטישער אימפּעריע, פון דער דײַטשישער אימפּעריע,

אַלע שווייגערייען קומען פאַר אין נאָמען פון עמיצנס רום, זענען מיר געגאַנגען אין אויוון אַריין פאַרן רום פון טויזנטיעריקן דויטשן רייך, האָבן מיר געקאָר־טשעוועט די טייגע צום רום, זענען מיר געפּגרט פאַרן רום און פריער האָבן די לייז אויסגעזויגן אונדזער לעצטן טראָפּן בלוט, מען האָט געשאָסן צו אונדז ווי צו האָזן, מיר האָבן אונטערגעהאַקט די שיינע סיבירערביימער, וועלכע דער רבונו של עולם האָט אייגנהענטיק פאַרפלאַנצט מיט אַ טאָג פריער איידער עס איז גע־בוירן געוואָרן דער ערשטער מענטש.

בין איך אַרומגעגאַנגען אויפן פאָרום ראָמאַנום, כ'האָב געוואָלט זיין אַ פּאַ־טריציער, אָבער געווען בין איך בלויז אַ שקלאַף, אַרום דעם פּאַלאַץ פון ליוויאַ האָב איך געפלאַנצט בלומען, ווען עס האָבן געדאַרפט קומען געסט, האָב איך פאַר זיי צוגעגרייט משקאות, פינגער האָב איך געהאַט שטאַרקע און פלינקע, איך האָב געוווּסט ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַנוצן מיט שמעקעדיקע איילן, איך בין געווען דער, וואָס האָט געפלעגט דאָס ווייסע לייב פון דער שיינער רוימערין, — דאָמינאַ,

האָב איך איין מאָל געפרעגט, מאַסירנדיק אירע פיס, אירע לענדן, אירע ברוסטן, — דאָמינאַ, צי אַרט דיך נישט מיין בליק, דער באַריר פון מיינע הענט, איך בין דאָך אַ מאַנצביל, — זי האָט זיך צעלאַכט: — ניין, מיין יינגל, עס אַרט מיך נישט, ווען עס וואָלט מיך געאַרט דיין בליק, וואָלט איך געהייסן דיר אויסשטעכן די אויגן, ווען עס וואָלטן מיך געאַרט דיינע הענט, וואָלט איך געהייסן אָפּהאַקן דיינע אָרעמס, ווען דו וואָלסט געווען אַ מאַנצביל, וואָלט איך געהייסן דיך קאַס־טרירן, אָבער דו ביסט ניט קיין מאַנצביל, דו ביסט מיין שקלאַף.

איך בין צוגעפאָרן צו דער קאַטעדרע פון הייליקן פּעטרוס אויף יענער זייט פון טייך, גראָד זענען דאָרט אָנגעקומען די קאַרדינאַלן מתפלל זיין, אין די רויטע מענטעלעך האָבן זיי געשפּאַנט בכבודיק אָבער באַשיידן, אַמעריקאַנער טוריסטן האָבן געטראַסקעט מיט די פאָטאָ־אַפּאַראַטן, די בראָנזענע פיגור פון הייליקן שמעון, דאָס הייסט פון הייליקן פּעטרוס, האָט איין פוס אַ קלענערן, דאָס האָבן די פרומע פּילגרימען אויסגעקושט די פינגער פון פוס אַזוי, אַז עס איז שוין פון זיי קיין סך נישט פאַרבליבן, דער לינקער פוס, און אפשר איז עס דער רעכטער, זעט איצט אויס אַ סך קלענער. אין די טונקעלע ווינקלען פון די קאַפּליצעס האָבן התלהבותדיק מתפלל געווען בלאַסע נזירות, זיי האָבן היינט געזען דעם הייליקן פאָטער, דעם פּויפּסט, ער האָט אונדז געבענטשט, שטייענדיק אין אַן אָפענעם אויטאָמאָביל, אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע מאָטאָציקליסטן, איך בין אויך דאָרט געווען, דער אויטאָמאָביל איז געפאָרן זייער פּאַמעלעך, דער המון האָט אַפּלאָ־דירט, געלאַכט און אויסגעשריגן לכבוד דעם אַפּיפיור, אויך ער האָט געשמייכלט, דאָס אַלץ האָט אויסגעזען זייער סימפּאַטיש. אַ גרויע נאָנע פון סיציליע האָט צום ערשטן מאָל דערזען דאָס גוטמוטיקע געזיכט פון הייליקן פאָטער, האָט זי געזאָגט, אַלע האָבן עס געהערט, אַז איצט קען זי שוין רויק אַהיימפאָרן און שטאַרבן.

אין דער גראַנדיעזער קירך איז אַן ענגשאַפט, אָבער נעבן די קאָנפעסיאָנאַלן איז פּוסט, קיינער שטופּט זיך דאָ נישט, די גייסטלעכע דרימלען דאָרט אינע־

ווייניק, קיינער קומט נישט זיך מתוודה זיין, כאָטש קיינער איז נישט פריי פון זינד, מיר וועלן זיך שוין אַליין אָן עצה געבן מיט אונדזערע עבירות, אַז מען וועט זיך גוט פאַרטראַכטן, וועט מען קומען צו דער איבערצייגונג אַז אפילו גאָט אַליין קען אויך נישט האָבן קיין רויק געוויסן, און אויב אַזוי, אויב אַזוי גייען מיר ווייטער, צום שלאָס סאַנטאַ אַנדזשעלאָ, צום שלאָס פון הייליקן מלאך, דאָ איז אַמאָל געווען אַ לעבן, דער פויפּסט האָט דאָ געוווינט, דאָ האָט מען געוווּסט ווי זיס איז דער טעם פון לעבן און ווי ביטער איז די גרויזאַמקייט פון מענטשן, דאָ האָט מען געפירט טעאָלאָגישע וויכוחים, מען האָט דאָ באַשטימט גרענעצן, דעצידירט וועגן פּאָליטיק און מלחמות, פּרויען שיינע האָט מען דאָ געליבט און באַמאַנט, יסורים האָט מען דאָ אָנגעטון, געבראַכן ריפּן אויף ספּעציעלע הילצערנע רעדער, אין קעלער זענען געזעסן צוגעקאָוועט מיט אייזערנע קייטן הויך־געבוי־רענע פאַרברעכערס, אַפּיקורסים און שאַרלאַטאַנען, זיי האָבן געהאַט גאַנצע יאָר־צענדליקער צו טראַכטן וועגן באַגאַנגענע פעלערן און וועגן דער נישטיקייט פון דער אכזריותדיקער וועלט, זיי האָבן געוואַרט אויפן טויט, תמיד און אומעטום וואַרט ווער מיט בענקשאַפט אויפן טויט, קאַליאָסטראָ איז דאָ געזעסן, ער איז געווען אַ מענטש מיט דמיון, האָט ער זיך באַמיט מיט זיינע געדאַנקען דורכ־צובויערן די דיקע ווענט פון דער פעסטונג און די געדיכטע פינצטערניש פון זיין קאַרצער, בכדי צו קענען נאָך איין מאָל זען די אייביקע שטאָט און דעם זון־אונטערגאַנג, וואָס שפּיגלט זיך אין די בורע וואַסערן פון טיבּרוס.

דעם צווייטן טאָג בין איך צוגעפאָרן צום רוימישן קאָמונאַלן בית עלמין. אין דעם גרויסן מתים־הויז, געבויט אין סעצעסיע־סטיל, איז אָן ענגשאַפט ווי אויף אַ מאַרק־פּלאַץ אָדער ווי אויף אַ וואָקזאַל, זיסער פאַרטומלענדיקער ריח פון רויזן און אומעטיקער גערוך פון וועלקונג, שטילע טרומנעס אויסגעשטעלטע אין אַ געאָמעטרישן סדר, וואַרטן געדולדיק אויף זייער ריי, און אין די טרומנעס יום־טובדיק אָנגעטוענע, וועלכע זענען פון עמיצן אָוועק, יעדער באַזונדער איז געווען אַ גאון, אַלע צוזאַמען שטעלן שוין גאַרנישט מיט זיך פאָר, רויזן און ליליעס, בוקעטן און בלומען־קרענץ אַרומגעהילטע מיט ווייסע, שוואַרצע, גאָלדענע לענטעס, אויף יעדער לענטע אַ קורצע אָבער איינהאַלטסרייכע עפּיטאַפיע, זייער שיין.

סעקטאָרן. די וועלט איז פאַרטיילט אויף סעקטאָרן, דער הימל, דער בית עלמין. אין יידישן סעקטאָר האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף דעם קבר פון מאָדי־ליאַניס עלטערן. אַרעמער מאָדיליאַני, אָרעמע עלטערן. און אין קאַטוילישן סעק־טאָר: עטלעכע קריפּטעס מיט קברים פון פּוילישן אָדל — עס האָט מיך אַ ביסל גערירט, אין אַ געוויסער מאָס בין איך דאָך אויך אַ פּאָליאַק, אַ פּאָליאַקאָזשיד, אַ זשידאָפּאָליאַק, פאַקטיש בין איך אַ זשיד, אַ ייד, נישט קיין גלויביקער, אַן אומפּאַרטייאישער, אָבער איך בין געמלט און יעדער קען זיך וועגן דעם איבער־צייגן. מיט דער אידענטיפיקאַציע פלעג איך אָפּט האָבן פאַרשיידענע שוועריקייטן, מען האָט צו מיר אָדער וועגן מיר געזאָגט: זשידעק, זשיד פּאַרך, יודע שוויין, יעווריעסקאַיאַ מאָרדאַ, איין מאָל האָט מען מיך קוואַליפיצירט פאַר אַ פּאָלסקי

פֿאַן און פֿאַלסקי וורזאַג נאַראַדאַ,* מיט דער צייט האָב איך זיך צו אַלעם צוגעוווינט און איך האָב זיך אויפֿגעהערט צו באַליידיקן.

מיטן טראַלעיבוס בין איך צוגעפֿאָרן צום שטאָט־צענטער, פֿאַרנומען אַ טישל אויף דער טעראַסע פֿון קאַפֿע־הויז נעבן דעם חרובן גאַלדענעם פּאַלאַץ פֿון קיסר נעראָן. ער איז געווען אַ גראַפֿאָמאַן, דער נעראָן, מיט אַ קרענקלעכער פֿאַנטאַזיע, שטענדיק זאָג איך, אַז גראַפֿאָמאַנען זענען געפֿערלעכע מענטשן, כאָטש דעמלט ווען זיי שאַפֿן, זענען זיי מלא חן, גראַפֿאָמאַנען דאַרף מען שיסן; בין איך געזעסן אויף דער טעראַסע פֿון קאַפֿע־הויז און דערנעבן האָט געשמעקט דער פּלידער, דאָס הייסט דער בעז. ווען איך פֿיל דעם גערוך פֿון בעז, בין איך כמעט גליקלעך. האָב איך זיך דאָ אַ ביסל אָפּגערוט און געגאַנגען צום קאַפּיטאָל, דאָרט איז אַמאָל געווען דער צענטער פֿון דער וועלט, און אויפֿן קאַפּיטאָל בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די שיינקייט פֿון אַלטערטימלעכן רוים און פֿון זיין מיטל־אַלטער איז טאַקע אוניווערסאַל, אָבער פֿאַר מיר זייער פֿרעמד, גאַנץ פֿרעמד, שרעקלעך פֿרעמד, און — שוין האָב איך אין זיך אָנגעהויבן אַ וויכוח מיט דער דאָזיקער פֿעסטשטעלונג, אין זיך און מיט זיך, שוין האָב איך גענומען דיסקוטירן: שיינקייט קען נישט זיין פֿרעמד, שיינקייט איז אַ באַגריף אַן אַבסאָלוטער, נאָר אַ קיטש קען זיין פֿרעמד, דער קאַפּיטאַלינישער מאָנומענט פֿון קעניג וויקטאָר עמאַנועל אויף אַ רייטוואָגן, דאָס איז אַ קיטש, אָבער די קירך דע סאַנטאַ פּיעטראַ אין ווינקולי איז אַ קונסט־טעמפּל, ווו עס געפֿינט זיך דער גיגאַנטישער משה רבינו פֿון מיקעלאַנדזשעלאָ, אַפֿילו דאָס קליינינקע מאָמערטינום מאַכט אַן איינדרוק, כאָטש עס פֿאַרמאָגט נישט קיין שום קונסט־ווערק, דאָ, אין דעם אַ קאַרצער האָבן געוואַרט אויפֿן טויט דער הייליקער פּעטרוס, דאָס הייסט שמעון, און דער הייליקער פּאולוס, דאָס הייסט שאול, דער אַסימילירטער יידישער אינטעלעקטואַל, דער העלעניסט און מומחה צו מאַכן אידעאָלאָגישע פּראָפּאַגאַנדע. היינט פֿאַרקויפֿט מען אין מאָמערטינום ביליקע דעוואָציאָנאַליעס, הייליקע בילדלעך, פֿאַרביקע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון פּויפּסט, און ביי דער טיר שטייט אַ טריבער ברייט־פּלייציקער איטאַליענער און איינקאַסירט הונדערט לירעטעס פֿון אַ יעדן באַזוכער.

איך דיסקוטיר מיט זיך אַליין און איך לאָז זיך באַאיינפֿלוסן אין דער דאָזיקער דיסקוסיע: אפֿשר גייט דאָ נישט אין אַ מכלומרשטער פֿרעמדקייט פֿון רוימס שיינקייט, אפֿשר איז עס בלויז אַן ענין פֿון מיינע אייגענע אַסאָציאַציעס, פֿון מיין אייגענער געוווינהייט צו בינדן פּראָבלעמען, צייטן, דערמאָנונגען, וויזיעס, דאָס איז זעט אויס שולדיק מיין אייגענער פֿאַרשאָלטענער זכרון, וועלכער שטערט מיר אין דער אַדאָראַציע פֿון רוימישן אַנטיק, מיין זכרון לאָזט מיר נישט אַקצעפּטירן פֿאַרשיידענע זאַכן, און לאָזט מיך אַפֿילו נישט זיין גלייכגילטיק, נישט אָביעקטיוו, אַזאַ שגעון, דאָרט ווו איינער איז גערירט, בין איך פֿאַרצווייפֿלט, אין מיין זכרון איז פֿאַרשריבן אַ פּלאָנטער פֿון צייט, פֿון געשעענישן, געשטאַלטן, אָרטשאַפֿטן און סיטואַ־

* פּוילישער שונא פֿון פֿאָלק. (רוסיש)

ציעס, גערוכן, קאָלירן און קלאַנגען, וואָס קומען צוריק פון דעם אומענדלעכן שווייגן.

רוים איז שיין, אַ לויב פאַר די אָרעמע גילדענע הענט פון די שקלאַפן, זיי האָבן געוווּסט ווי אַזוי צו בויען מאָנומענטאַל, גאַנץ רוים איז אפשר אַ מאָנומענט פאַר זייערע שעפער, וועלכע זענען געווען שקלאַפן, אַחוץ די שטיינער האָבן זיי איבערגעלאָזט אַ מיטאָלאָגיע, וועלכע אַטאַקירט דעם דמיון: היינט איז יום טוב, יום טוב פאַר די פּאַטריציער און אויך פאַר דעם אָרעמען המון, איך בין דער המון, דער פּלעבס, דער פּאַפּולוס ראָמאַנוס, איך אייל זיך אין דער ריכטונג פון קאָלאָסעום, איך לויף; פון אַ שמאָלן אונטערערדישן קאָרידאָר שפּרינגט אַרויס אויף דער אַרענע אַ חיה, אַ נאַקעטער שקלאַף, אַ שקלאַף פון די יהודה־בערג שטייט אַנטקעגן דער הונגעריקער בעסטיע, גראָד היינט האָט דער לייב נישט באַקומען צו פרעסן, דער קערפּער פון שקלאַף גלאַנצט אין דער זון, איידער מען האָט אים אַרויסגעפירט פון קעלער, האָט מען אים איינגעריבן מיט שמעקעדיקע אייל, ער זאָל זיין אַנגענעם פאַרן אויג, מען האָט אים גוט דערנערט, ער זאָל זיין שטאַרק, מען האָט אים געגעבן די שאַנס, ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין אַ קאַמער צווישן דיקע מויערן, די מויערן האָבן געבויט אַנדערע שקלאַפן פאַר אים — פאַר זיך און פאַר זייערע שקלאַפן פאַר אים — פאַר זיך און פאַר זיינעטוועגן, אַ ביסל ווייטער זענען געווען די קאַמערן פאַר ווילדע חיות, ער האָט געהערט זייער ברומען, איצט שטייט ער אויף דער אַרענע אַנטקעגן דעם הונגעריקן לייב, דער לייב האָט נאָך דערווייל נישט אַטאַקירט, ער איז נאָך דערווייל געווען צעטומלט דורך דעם געוואַי פון אַכציק טויזנט מענטשן אין די לאָזשעס און אויף די מויערן פון קאָלאָסעום; ער איז שיין, האָט געזאָגט די מעטרעסע ליוויאַ צום סענאַטאָר מאַרקוס סעווערוס, און מיט די פינגער, מיט די נעגל האָט זי זיך אַריינגעקלאַמערט אין זיין אָרעם, איך וויל האָבן אַזאַ שקלאַף ווי דער אַ, האָט זי געזאָגט, איך וועל דיר שענקען הונדערט אַזעלכע, נאָך שענערע, נאָך שטאַרקערע, צי ווילסטו, אַז דער דאָזיקער שקלאַף פון יהודה זאָל הרגענען דעם לייב, ניין, האָט געענטפערט די פרוי, איך וויל זען זיין בלוט און איך וויל, אַז דאָס זאָל דויערן לאַנג, זייער לאַנג, דער מענטש אויף דער אַרענע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער וווּנד, זיין קערפּער האָט זיך צעבליט אין אַ גרויסער בלוטיקער רויז, און מיר זענען דעמלט געשטאַנען אויף דעם אַפּעל און עס האָט געבלאָזן אַ שאַרפער פראָסטיקער ווינט, דער שניי האָט אונדז געשמיסן איבער די פּנימער, דער שניי האָט געטייעט אויף אונדז און אונטער אונדזערע פיס, ווייל ביי אונדז איז דעמלט געווען אָנהויב ווינטער. ליוויאַ האָט שווער געאָטעמט, זי האָט אָנגענומען די האַנט פון סענאַטאָר און צוגעדריקט צו זיך, און ער, נישט אָפּווענדנדיק דעם בליק פון דער אַרענע, האָט אַריינגערוקט זיינע פינגער אונטער די פאַלדן פון איר טוניקע און ער האָט געשמייכלט מיט פאַרשטענדעניש. ער איז געווען אַלט און קלוג און ער האָט געוווּסט ווי אַכזריותדיק עס קענען זיין פרויען, פרויען און קינדער און באַפרייטע שקלאַפן, ליבערטינער. ער האָט געפילט ווי איר לייב צאַפּלט, זי איז שוין געווען אין מצב פון אָרגאַזם, און דער המון האָט געשריגן, געשריגן. די היטלעריסטן אין לעדערנע

מאַנטלען זענען אַרומגעלאָפן צווישן אונדזערע רייען, זיי האָבן אונדז געציילט, סעגרעגירט, סעלעקציאָנירט, קוואַליפיצירט, דער שקלאַף האָט נאָך אַלץ געקעמפט, דער המון איז אַריינגעפאַלן אין התלהבות, אין אַ משוגעת. תמיד איז אַזוי געווען, ווען עס האָבן געקעמפט די גלאַדיאַטאָרן, אַלע האָבן געוואַרט אויף זיין טויט, די גאַנצע וועלט האָט געוואַרט אויף זיין טויט. זיי האָבן אים דערמוטיקט צום קאַמף, זיי האָבן אים דערמוטיקט צום שטאַרבן. ער איז מסתמא געווען זייער איינזאַם אין שיין פון דער אונטערגייענדיקער זון, פון קוימען האָט זיך געהויבן אַ זייל פון שטינקעדיקן רויך, איך בין שוין געווען צוגעוווינט צו זען דעם דאָזיקן קוימען און צו פילן דעם געשמאַק, אַזוי שטינקט פלייש פאַרברענט אויפן רושט, פאַרברענטע ביינער. אויף אייזערנע וועגעלעך האָט מען אַרויסגעפירט דעם טליענדיקן אַש. מענטשלעכע ביינער זענען זייער האַרט, זיי פאַרברענען זיך נישט ביזן סוף, עס בלייבן נאָך זיי קליינינקע גרויע האַלאָוועשקעס. דער לייב האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעריסן פון זיין קרבן, בכדי אָפּצוגעבן השתנה, די מענטשלעכע ביינער פאַרמאָגן אַ סך קאַלציום, פון די דאָזיקע ביינדלעך און אַש האָט מען אָנגעשיט אַ גאַנצן געגנוג הויכן באַרג. ער איז געגאַנגען אַ נאַקעטער, איך בין געגאַנגען אַ נאַקעטער. דער באַראַק, צו וועלכן מען האָט אים געטריבן, צו וועלכן מען האָט מיך געטריבן, דער באַראַק האָט געשטונקען מיט שאַרפע כעמיקאַליען. פאַר אים, פאַר מיר איז געגאַנגען אַ נאַקעטער מענטש אויף דאַרע פיס. איך האָב געזען זיין אויסגעמאָגערטן קערפּער, זיין רוקן באַדעקט מיט אַ דינינקער הויט — ביינער צוגעדעקטע מיט אַ דורכזיכטיקער בלאָנע, מען האָט אים דערלאַנגט אַ שטיקעלע זייף, ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט עס נישט דאַרפן, דער שקלאַף האָט נאָך געלעבט, עס זענען פון אים גערונען די לעצטע כוחות, כאָטש דער גאַנצער קאַמף האָט געדויערט נישט מער ווי עטלעכע מינוטן, מיר זענען אַריינגעגאַנגען דורך דער טיר אין וועלכער עס איז געווען אַ קליין פירעקיק פענצטערל, דער לייב האָט געריוועט ווייל דער גלאַדיאַטאָר האָט אים פאַרווונדעט מיטן שטילעט, אין דעם רעווען פון דער חיה האָט זיך אַריינגעפלאָכטן דער לעצטער געשריי פון אַ באַזיגטן מענטש, גיב מיר די האַנט, ברודער, עמעץ האָט געזאָגט: גיב מיר די האַנט, עמעץ האָט געזאָגט: לאָמיר מתפלל זיין, ער האָט נישט געוואָלט מתפלל זיין, אָבער ער האָט נישט אַרויסגעלאָזט יענעמס האַנט פון זיין פויסט, דער שקלאַף האָט נאָך אַ מאָל געפּרוּווט זיך אויפהייבן, ער איז איצט עקלהאַפטיק, האָט געזאָגט ליוויאַ, מען האָט מיט אַ גרילץ פאַרמאַכט די טיר, דער שקלאַף האָט זיך געוואַקלט אויף די קניען ווי אַ קוסט אויפן ווינט, איך האָב מורא, האָט געזאָגט דער מענטש מיט די דאַרע פיס. דער שקלאַף איז געלעגן אומבאַוועגלעך, אַ צעריסענער שפּור פון אַ מענטש, אַ צעריסענער שפּור פון אַ שקלאַף, איך האָב מורא, האָב איך געזאָגט, פון באַלקן האָט גענומען טריפן דער טויט, אַ פּאָר גלייכגילטיקע אויגן האָבן זיך צוגעקלעפּט צום פענצטערל אין דער טיר, דער לייב איז געלעגן אַ מידער, אַ זאַטער, ער האָט אָפּגעלעקט דאָס בלוט פון די נאָזלעכער און פון די לאַפּעס, די שקלאַפן זענען געלאָפן אַרום דער אַרענע און געפּרוּווט

מיט געשריי און מיט לאַנגע שטעקענער אַרויסטרייבן די חיה צוריק אין איר קאַמער, אַנדערע שקלאַפן האָבן געוואַרט אַרויסצוטראָגן די פאַרבלוטיקטע רעשט־לעך פון מענטש און פאַרשיטן מיט זאַמד די קאַליוזשעס בלוט, דער שמייכלענ־דיקער פּאַטריציער מאַרקוס סעוועריוס און די צאַפּלענדיקע ליוויא זענען אַריין אין דער הינטערשטער טייל פון דער לאָזשע, אַ יונגע שקלאַפין האָט דאָרט צוגע־גרייט און באַצירט זייער געלעגער, זי האָט זיי דערלאַנגט אַ בעכער קאַלטן ווייַן, פון באַלקן האָט געטריפט דער טויט, געטריפט דער טויט, און עס זענען שטיל געוואָרן די געשרייען, דאָס געוויין און דאָס הוסטן און עס האָט אויפגעהערט דער פּחד, וואַקלענדיק זענען זיי אומגעפאַלן איינער אויף דעם צווייטן, די דאָזיקע לאָזשע, דער דאָזיקער צימער עקזיסטירט נאָך, היינט איז ער ביז צו דער העלפט פון די פענצטער פאַרשיט מיט שטיינער און צעבראָכענע שטיקער סקולפּטורן און רעליעפן, דורך דעם פענצטער זעט מען פון דאַנעט דאָס בערגל אויף וועלכן עס איז געשטאַנען נעראָנס פּאַלאַץ, דער קוימען איז אויך פאַרבליבן ביז היינט, אין אויוונס, די אייזערנע רושטן אויף וועלכע עס ליגן פאַרברענטע אָבער נישט אינ־גאַנצן פאַרברענטע ביינער, ביינדלעך, דער גלאַדיאַטאָר איז געוועזן פון ירושלים, צי פון גליל, און ער איז געוועזן פון גאַליציע, נישט פון גליל נאָר פון גאַליציע, איך מוז, איך פיל, איך בין פאַרפליכטעט אָנצושרייבן אַ בוך וועגן שקלאַף פון גליל, אַ גרויס בוך וועגן פרייען מענטש אין גליל, אַ ראָמאַן וועגן אייזערנע וועגעלעך, אויף וועלכע מען האָט געפירט פלייש צו די רושטן פון אויוון, מענטש־לעך פלייש צו די רושטן, מענטשן צו די רושטן, יונגע מיידלעך און קינדער צו די רושטן, שיינע פרויען און מיאוסע פרויען און בכבודיקע זקנות צו די רושטן. פיל מאָל האָב איך שוין אָנגעהויבן שרייבן אַ ראָמאַן וועגן רושטן, וועגן קוימענס, וועגן אַ שטיקעלע זייף, וועגן קאַנוואַליעס אויף יענעם באַרג, איר ווייסט וועלכן באַרג איך מיין, תמיד שרייב איך אַ ראָמאַן וועגן רושטן, עס איז פאַראַן אַזאַ מינוט, ווען דאָס אָנמעכטיקע טויטע לייב אַרומגעהילט אין רויטער שיין פון גהינומדיקער טעמפּעראַטור, מאַכט אַן איינדרוק פון באַוועגונג, נישט פון באַווע־גונג נאָר פון קאָנוווּלסיעס, פּונקט ווי עס וואָלט געפּרוווט אויפשטיין, אָדער מינ־דעסטנס אויפזעצן זיך, אָדער מינדעסטנס ענדערן די פּאָזיציע, שטענדיק שרייב איך וועגן דעם, און אויך וועגן שלאָגן איבערן פּנים, וועגן שיסן, וועגן הענגען, אַרויסרייסן גילדענע ציינער, פאַרגאַזעוועט, וועגן ליבשאַפט צו דער וועלט און וועגן ליבשאַפט צום טויט, וועגן פּחד פאַרן טויט, וועגן לעצטן אויפגאַנג פון דער זון.

אויך איצט, אין דער אַ מינוט, ווען דער רוימישער פּאַטריציער און זיין מעטרעסע שטייען אויף פון געלעגער, בכדי זיך אַרומצווואַשן און אָנזאַלבן דאָס לייב, שרייב איך דעם דאָזיקן ראָמאַן, איך טראַכט דעם דאָזיקן ראָמאַן, עס שטערט מיר נישט דער געזשום פון הונדערטער פרעמדע גלייכגילטיקע צופרידענע פלאַפּלענדיקע מענטשן, וועלכע וואַרטן דאָ אויפן רוימישן עראָדראָם, אויף אַ פאַרשפּעטיקטן עראָפּלאַן, מיט וועלכן זיי ווילן פליען פון דער שטאָט רוים — וווּהין ? אויף וועלכן שטערן ? אויף וועלכן אינדזל ? אויף וועלכן עק פון דער וועלט ?

## שלמה רויטמאַן

### האַרץ

גיס אין מיין האַרץ אַ קריגעלע מיט טויען מיר אַריין,
ס'איז דאָרט אַן אָנצינדונג, אַ האַרץ־אָנצינדונג, טייערע.
זאָל כאָטש דאָס גאָלדן דעכעלע פאַרהיט מיר זיין,
זאָל כאָטש מיין דעכעלע — דער מוח ניט אַוועקגיין מיט די פייערן.
גיס אין מיין האַרץ אַ קריגעלע מיט טויען מיר אַריין.

ווען ס'וואָלטן אויסגעדראָשן־דאַרע זאַנגען
פון לעבן מיינס, וואָס האָט שוין ניט קיין קערן,
און מיסט פון אויסגעליידיקטע באַגערן,
און פוסטע תאוות און פאַרלאַנגען
ביי מיר אין ברוסט אַ שייטער־הויפן בילדן,
וואָלט אויך דאָך ווי געטאָן דעם הויען האַרץ;
איין האָפענונג וואָלט נאָר די בריען שטילן,
אַז גיך ברענט אָפּ אַ וועלדל אַ פאַרדאַרטס,
און ביי איין טרייסט וואָלט נאָר דאָס האַרץ זיך קילן,
וואָס ביי מיין גרינס שטייט פייער אויף דער וואַך
און רייניקט מיין נשמה אָפּ פון סכך.

נאָר ווי האָט זיך געטראָפן, ווי פאַרלאָפן,
וואָס ס'קען מיין האַרץ אויף לינדערונג ניט האָפן;
דאָרט האָט מען אָנגעצונדן ביימער גרינע
מיט וואָרצלען — האָרעפּאַשניקעס געזונטע,
וואָס צאַפּן פון די אוצרדיקע גרונטן
קרישטאַלן, זאַלצן, מילכן און בורשטינען,
און ווי די פולע בוטלס פלאַצן שטאַמען,
און צווייג מיט צווייג, פאַרפלאָכטענע ווי גלידער,
שוין טרינקען לעצטן כוס פאַר דעם צעשיידן —
דעם שיכורדיקן כוס פון ווילדע ליידן.
און הייס צעקושן זיך די צווייגן־ברידער,
און קרוינען אויך מיט שאָטנס זייערע פלאַמען,
און מיט די קרוינען — פייגלען שוין צוזאַמען,

און מיט די פייגלען — אויך, אוי־ווי, די לידער.

גיך ברענען אויס די וואָרצל־האָר פון דרויסן,
נאָר וואָרצלען, וואָס די ערד טראָגט אַלץ אין שויסן
און שפייט מיט טוי דעם פייער גלייך אין פנים,
און שיט דעם טויט אין אויגן אירע זאַלצן,
און גיסט מעטאַל, ווי גלייך זי וואָלט געשמאָלצן
אַ פעסטונג פאַר די וואָרצלען — אירע בנים, —

זיי ברענען. נאָר זיי קענען ניט דערברענען,
און ס׳קען דער סוף צו וואָרצלען ניט גענענען —
צו זיי — דעם סאַמע אָנהייב פונעם לעבן,
צו זיי, וואָס איז באַשערט נאָר פרוכט צו געבן.
דערמאָנט דען זייער גורל ניט אין יענעם,
וואָס אויך דער שייטער איז נאָך ניט זיין שטראָף,
און אין יסורים, זאַטע שוין מיט גיהנום,
מע לייגט אים אויף דער ברוסט אַ קנויל אַ שוואַרצן,
פון וואָל, וואָס ווערט אין אייז־וואַסער געטונקען,
אַז ווערן זאָל זיין פיין ווי אָנגעטרונקען
מיט אייביקייט און גרייכן צום איין סוף
און תמיד, ווי אַ הונגעריקע שאָף
זיך פּאַשען און זיך פּאַשען אויף זיין האַרצן.

גיך צינדט זיך ביי די שטאַמען אָן די קאָרע,
נאָר אויסגיין זייערע לייבער, ווי די ליכטער,
ניט לאָזט דער זאַפט, — דער זאַפט איז דאָך דער ריכטער,
אַליין שוין מיט זיין גאַנג פאַר וועלטן גאָרע;
ער קומט צו דיר צוגיין, איז קומט דיין צוויטעו,
ער גייט פון דיר אַוועק, איז קומט דיין דאַרן.
צי קען דער זאַפט פאַרלאָזןביימער־גברן,
אַז ער, ווי יוגנט, זיצט באַ זיי אין מיטן,
ניט אים איז דאָך געגעבן זיי באַוויינען,
ניט אים, וואָס גיסט דעם ווין דעם סאַמע ריינעם
מיט פרייד אַריין אין בעכערלעך פון בליטן;
וועט ער, ווי אַש, אין בעכער דען זיך שיטן?
וועט ער דען זיין דער סוף ביי די געוועבן, —
דער זאַפט, וואָס איז דער אָנהייב פונעם לעבן,
ער קאָכט און לויפט און בושעוועט, ווי ימען,
נאָר בלייבט אין בוים און לאָזט אים ניט קיין פוסטן.

דערמאָנען דען די ברענענדיקע שטאַמען
ניט אָנגעטריפטע ביז דעם ווייטיק בריסטן
פון יענער יונגער זויגערין, דער מאַמען,
וואָס מ׳האָט איר קינד מיט גוואַלד אַוועקגענומען,
און ס׳קען דאָס דאָרשטיק מײַלעכל ניט קומען
שוין מער צו איר; און מילבן ברומען, כלינען
צוריק מיט בראַנד אין האַרץ אַרײַן, אין זינען
מיט קרעכצנדיקע טענות צו דער גוטער —
דאָס טענהט מיט איר ווי דאָך זעלבסט די מוטער.

גיך ביי די פייגלען פעדערלעך זיך צינדן,
נאָר ווען דער פלאַם דעם פליגל קומט פאַרבינדן —
דעם פליגל, וואָס ער וואַקסט פון האַרץ מסתמא —
און ווען עס קומט די קויל די צונג צו בראָטן —
די צונג, וואָס וואַקסט פון קעלעכל פון סאַמע, —
דאַן לייגט זיך ווי אַ היילנדיקער שאָטן,
דאָ צווישן פייגלען ווונדיקע און פייער
אַוועק די ליד און הייבט זיך אָן צו ווערן,
ווייל האַרץ און צונג און קול און פליגלען פרייע,
געגליט אויף קוילן, איר, נאָר איר געהערן.
און ס׳ברענען פייגלען, קענען ניט דערברענען,
און ס׳קען דער סוף צו לידער ניט געגענען,
ווייל לידער זיינען דאָך אַליין צוזאַמען
די ערד און האַרץ, די ליבע און די מאַמע.

גיס אין מיין האַרץ אַ קריגעלע מיט ליבע־טוי אַריין,
ס׳איז דאָרט אַן אָנצינדונג, אַ האַרץ־אָנצינדונג, טייערע,
זאָל כאָטש מיין דעכעלע — דער מוח — ניט אַוועקגיין מיט די פייערן,
זאָל אָט דאָס דעכעלע, וואָס דעקט מיין זינען צו, פאַרהיט מיר זיין.
גיס אין מיין האַרץ אַ קריגעלע מיט ליבע־טוי אַריין,
אין ברונעמל פון אויגן דיינע טרייע
סע זיצט אַ כישופמאַכערן אַזוינע,
וואָס קען באַווייזן ווונדער נאָר צום שטוינען,
וואָס קען אין טוי פאַרוואַנדלען העליש פייער —
דאָס איז דיין ליבשאַפט. דאָך, אויב ווילסט מיך שוינען
און אָפּקילן מיין אָנצינדונג, מיין פיבער,
טאָ וויסן זיי, אַז דו מיין סאַמע ליבע
קענסט ווערן דאַן מיין שוידערלעכסטער שונא,

ווייל קילנדיק דעם ווייטיק מיר דעם שווערן,
פאַרלעשסטו דאָך די פייגלען און די קרוינען;
און וועלן זיי, ווי רויכעלעך, פאַרשוועבן,
צו וועמען וועט די ליד זיך דעמאָלט קערן,
צו וועמען וועט זיך קערן דאַן מיין לעבן.
ווי נאָר דו לעשסט זי אויס מיט דיינע טרערן,
קען אויך מיין האַרץ מיט זיי פאַרלאָשן ווערן.

לייב ראָכמאַן

# אין די אונטערשטע וואַסערן

## (פראַגמענט פון אַ ראָמאַן)

עס איז געווען ערב יום־טוב פאַרן מיטן טאָג, די זון געשטאַנען איז שוין הויך — ווען ער און יחיאל האָבן געשפּרייזט צו דער מקווה. פון אַלע זייטן האָבן חסידים שפּאַצירט — אַהין און צוריק — צו און פון די בנינים אויפן רבינס הויף, מיטן בית־מדרש בראש. ער איז געשטאַנען, דער בית־מדרש — אַ גרין־הילצערנע שאַפּע, מיט צעעפנטע פענצטער אַרום — מיטן פּנים אויף פאַרויס — האַרט פאַרן פאַרמאַכטן וואַלד אויף מזרח. אַלע אַנדערע בנינים — הינטער אים — אַראָפּ צום מערב־צו, ביזן גרינעם טויער אויף דער הויפּטגאַס אַרויס. די טירן, ווי טאַשן פון בעקעשעס. דער לאַנגער הויף אַרום די בנינים מיטן בית־מדרש אויבן — אַרומגערינגלט, אָפּגעטיילט, פון אַ הויכן לויז־גרינעם האָלץ־פּאַרקאַן. אַ פרעמד אויג קאָן בלויז אַריינקוקן צווישן די שפּאַרעס. די געביידעס אינעווייניק, מיט די פאַרהאַנגענע שויבן — העכער. עס האָט אויסגעזען, ביי די הייזער דאָ איז אויך היינט, פרילינג, ווען די זון גייט־אויף — יום־כיפּור. אייביק זענען זיי פאַרטאָן אין אַ שטיל־פאַרטיפטער תפילה פאַר די וועלט־איינוווינער, אומע־טום. אויך די ערד דאָ גייט פאַרויס, און מיר טרעטן אויף איר יומטובדיקע. נאָך דער איינגעשרומפּענער צונויפגעטוליעטקייט פון ביינאַכט, האָט פאַר טאָג זיך גענומען שפּרייטן אַ זוניקע צעוואַרעמטקייט. די ערד אונטער זייערע טריט איז איצט געלעגן אַ פולכנע, אויפגעלאָפּענע; ווייכלעך צעעפנט אירע הויט־קעמערלעך. מען האָט דערקאַנט, די הויכע סאָסנע־ביימער, מיט זייערע לאַנגע וואָרצלען, זענען נישט פאַרזעצט ענג. מען קאָן, לויזע, דין זיי אַרויסציען. די ערד דאָ ווערט צוזאַמענגעהאַלטן בלויז פון די אויסגעטראָטענע גראָז־אינדזעלעך, מיטן פּנים אַראָפּ, וואָס קרעפּטיקן זיך אין איר, קילע, ביי נאַכט. אין ערגעץ דאָ איז זי נישט געפּלאַסטערט, די ערד. לייבל האָט צום ערשטן מאָל, דערשפּירט, אַז גלייך פון איר בראשיתדיקייט שפּראָצן זיי אַרויס, די פונדאַמענטן פון די לענגלעכע, קאַלירט־הילצערנע, הייזער. אויך די טריט שפּרייזן דאָ העכער, פלאַטערנדיקער.

די מקווה, אַ ריזלדיקע, איז געלעגן זייטיק, צום סוף פון די הויף־בנינים, אין ווינקל רעכטס. פון דער פורטקע באַלד הינטן, אין גרינעם גאַסן־טויער, און פון אַלע זייטן אין הויף, זענען חסידים אָנגעקומען, מיט וועש־פּעקעלעך אונטערן

אַרעם. אַ געדיכטע גייעריי, ווי די טריט אויבן וואָלטן צוגעצויגן געוואָרן פון אונטערערדישן שטראָם — חסידים מיט אויפגעריסענע קעלנער, ייִנגלעך ביי די הענט, און יחידים. לייבל האָט געפילט, ווי יחיאל פאַרשטעקט אים וואָס אַ מאָל פעסטער די האַנט אין גאַרטל. ביידע נידעריק־שווער אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. אַ כוח האָלט זיי. וקדשתם. והיו נכונים. מען דאַרף גרייט זיין. אַ ציטער איז אים דורך איבערן לייב.

די מקווה איז געווען פאַרזעצט ווי אין מעמקים. דער לענגלעך־רויטלעכער דאַך אויסגעגלייכט מיטן אַרומיק־גראַזיקן פלאַך. די ווענט — מיט אַ לופט־חלל אָפּגעטיילט פון דעם טיף־ערדענעם אָרום. אַלץ שמאָל אַריינגעלאָזט אין דער פאַרהוילעניש. אונטן, אין דעם ענגן פּאָס, קאָן מען אין די פאַרווייסטע פענצ־טערלעך נישט אַריינקוקן. גלייך פון דאַך — אַ נידעריק־אַרויסגעהויבענער קוימען ווי אָן אויער. עס קרייזלט פון אים בלוי־גרוילעך אַ רויך. די ערד רוישט אינע־ווייניק, ווי אין איר בויך.

די מילדקייט פון דרויסן האָט געווירקט אויף יחיאלן. ער האָט געהאַלטן אין איין אַרומכאַפּן זיך מיט אַנדערע. אומעטום קרענצלעך; אַ געצוימטע, זיך כוואַליענדיקע פרייד. יחיאל האָט ביז איבערן קאָפּ זיך געטונקען אין איר, זי איינגעזאַפּט, איז געוואָרן צו אייגנס.

עס איז אין איר דורך דער הויכער גר, ר׳ אברהם, מיט אַ באָרד, ווי צוגעקלעפּט. יחיאל האָט אים איינגערוימט, אַז מען ווייסט נישט, ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט. ער ריכט אָפּ גלות. צום ערשטן מאָל האָט לייבל געזען אַ חסיד, אַ זון ווי גלייך פון אדם הראשון.

פון אַלע זייטן אַרום האָבן הענט זיך אַנטקעגנגעשטרעקט, זיך געשאָקלט איינע אין דער אַנדערער, געקלאַפּט אין איין דופק.

לייבל איז געוואָרן געפּאַלן ביי זיך: אַליין בלייבט ער פון דרויסן. ער האָט געוואָלט זיך אָפּהאַלטן. והמים להם חומה. עס שיצט זיי אינעווייניק. גאָר נישט שיידט דאָ פּאַנאַנדער צווישן אייגעמס נשמה יתירה און דעם צווייטנס — אויך נישט דאָס העמד אויפן לייב. ער, ווי אַ פרעמדער, וועט מוזן, נאַקעט מיטן גוף, זיך ווייזן פאַר אַלע. גאָר נישט וועט אים פאַרשטעלן — אויך נישט דאָס וואַסער. עס וועט זיך דערנענטערן און דערווייטערן, אַוועקשאָרעווען פון אים.

ביז איצט ווייסט ער נישט דעם סוד פון מקווה. ער רירט נישט אָן דעם עיקר. אַ חוצן אַנען, ווייסט ער נישט וואָס אונטן מכוון־צו־זיין, אין וואָס זיך אַנצוהאַלטן. ער האָט זיך געכאַפּט, ער ווייסט גאָר נישט — אויך נישט דעם טעם פון קאַווע, וואָס פאַריסאָווער חסידים טרינקען פרי, פאַרן דאַווענען. פריער איז מען זיך טובל און נאָך דעם שלינגט מען זי הייס אין גוף אַראָפּ — שלוק נאָך שלוק. פון פרעמדע האָט ער געהערט, אַז ״קווה״ איז אַ טייל פון ״מקווה״. זי לייטערט ווי טבילה. ביידע אָבער זענען פאַר אים פאַרהוילן. נוטריקין און גימטריאות זענען בלויז אַ דרויסנדיקע זאַך, אַ שאָל; נישטאָ אין זיי קיין פנימיות;

אין וואָס זיך צו באַהעפטן. אַליין ווייסט ער, קאָן ער נישט מתפלל־זיין אויב פריער קומט אין אים נישט אַריין קיין שטאַרקע קאַווע. אָן איר, קאָן ער נישט אַרויסהייבן זיך איבער דער תפילה. די ווערטער בלייבן חיצוניותדיקע, זיי שליסן זיך אַרום אים.

פאַרן גרינעם טויער זענען אָן אויפהער פאַרפאָרן נייע פורגאָנעס מיט געש־פאַנטע פערד. פון אויסגעבעטעטע מיט היי זעק זענען פון ביידע זייטן אַרונטערגע־שפרונגען אָנגעקומענע חסידים. זיי האָבן זיך אויסגעגלייכט, מיט אויפגעהויבענע קעפּ זיך אַרומגעקוקט, אַריין אינעווייניק און זיך צעשפּרייט. יעדע רגע איז אַ נייער זשום אַדורך. אויך ער איז מיט אים פול געוואָרן.

דען לייבל האָט געטאָן וויסן, אַז פון אַלע אַרומיקע וועגן, פון נאָענטע און ווייטע שטעט, ציען איצט אַהער פול־געפּאַקטע וועגענער. יידן פאָרן קיין אָטוואָצק — צו מאַכן אַ סך־הכל פון ביז איצט, און קאָנען אָנגיין ווייטער. קיין אָטוואָצק קומט מען נישט מיט אַ מאָל. אויף די מערק פון די אַרומיקע שטעטלעך פאַר־האַלט מען זיך. פון אַלע טירן ברענגען די דאָרטיקע חסידים אַרויס "לחיים"; כאַפּן זיך אַרום און מען טרינקט קאַווע. יידן ווינטשן זיך, פון ליבשאַפט מקבל־צו־זיין די תורה. נאָך לאַנגע הכנות, ביחידות און צוזאַמען — זיצן אַלע איין, אויך די דאָרטיקע חסידים — אין וועגענער, און דער קאַראַוואַן ווערט לענגער, אויסגעצוי־גענער. יעדער שטיין אויף די וועגן דערנענטערט קיין אָטוואָצק.

ער ווייסט אויך, לייבל, אַז גאַנצע חבריות מיט חסידים גייען איצט אַהער צופוס; האַקן דורך שאָסייען און ציען אין קאָמפּאַניעס איבער פעלדער. אויפן וועג רוט מען. אין זייטיקע וועלדער צעזעצט מען זיך און מען שמועסט חסידות. יידן שטייען פאַר דיביימער, פאַרשטעלן זיך דאָס פּנים, און דאַווענען ביחידות. מען נעמט צו ביסלעך "לחיים" און מען פאַרגייט זיך אין אַ ניגון. פייגל אויף די צווייגן שאָקלען זיך און צווישטשערן־מיט. אַרום הערשט אַ ציטעריקע שטילקייט. אַלץ ווערט בגילופין. ווען די וועלדער שטעלן נאָך דעם אַרויס, איז מען פאַרבלענדט — צי פון דער זון, צי פון די טריט וואָס דערנענטערן. אַליין איז מען ממשיך. די וועלדער, וואָס בלייבן פון הינטן, רוקן, טונקעלע, זיך צוריק אין דער צעעפנטער בלויקייט. פון צייט צו צייט טרעפט מען אָן די קאַראַוואַנעס, וואָס פאָרן גלייך און מען פילט קפיצת הדרך. אויפן גאַנצן וועג, פאַר זיי און הינטער זיי, פליען אין טשאַטעס די כאַליאַסטרעס צוויטשענדיקע פייגל, וואָס מען ווייסט נישט, ווער זיי זענען, און זיי צעשיטן זיך איבער די פעלדער. וואָס מער מען דערנענטערט זיך קיין אָטוואָצק — אַלץ מער שליסן זיך אָן אין דעם קאַראַוואַן פורן, אַרויסגעקומענע פון די הינטערוועגן. די ערד, וואָס האָט פריער זיך אויסגעצויגן, שרימפּט זיך איין. אויך דאָס געזאַנג פון די חסידים נעמט איצט זיך טראָגן נידעריק און גייט פאַר־גאַפט אויס אויף די איבערגעלאָזטע לאַנגע וועגן. אַזוי דערנענטערט מען זיך. יידן דאַנקען וואָס הגיעו עד הנה.

לייבל הערט, כסדר גרייכט אַהער דער ניגון, וואָס גייט ווידער אויף מיטן אַריינקום פון די פורמאַנקעס אין די שמאָל־לענגלעכע גאַסן. אַ לויטערער, טראָגט

ער זיך. נעם און אָטעם אים איין. עס צעעפנט זיך דער אינעווייניקסטער געהער. פון גאָר טיף דערגייט איצט דער אונטערערדישער געשאַרש.

יחיאל, אַ באַרוישטער, איז צוגעקומען, מיט זון אין די אויגן. ווי פאַרבלענדט האָט ער ווידער פאַרשטעקט די האַנט אין לייבלס גאַרטל. צוזאַמען האָבן זיי גענומען גיין. דער בלוילעכער רויך, וואָס האָט געהויבן זיך פון דער ערד, האָט געלייגט זיך פאַר זייערע פיס; זיי אַרומגעוויקלט ווי אַ גאַרטל. באַלד האָט ער אין ווינטל זיך געקרייזלט ווי אַ פּאה. יחיאל האָט געקוקט פאַרויס אין חלל. לייבל האָט נישט אַוועקגענומען די אויגן פון רויכערנדיקן זיך דאַך, וואָס שפּרייט זיך פאַר זיי. די ערד רויכערט פון אינעווייניק. ער האָט געפילט, באַלד שליסן איבער אים אונטן זיך די וואַסערן. ער דאַרף נאָר אַראָפּגיין. אַרויפקומען וועט ער ביי־געבוירן. ער האָט זיך דערמאָנט, אויך גאָט הייסט, ווי די איינגעזאַמלטע וואַסערן, "מקווה ישראל". צוזאַמען מיט אַלע יידן וועט ער אינעווייניק פאַראייניקן זיך מיט דער בריאה; זיך אַרויפהייבן. מען דאַרף ראוי־זיין.

דער אַראָפּגאַנג איז געלעגן אויפן העלן זאַמד, ווי אַ טאָוול פון אַ גרויסן אויפגעמישטן מחזור. איבערגעדרייטע לענגלעך־שמאָלע ברעטלעך, איינס נעבן אַנדערן, צוזאַמענגעקלאַפּט ווי אַ טיר — זענען אויסגעשפּרייטע, מיט זאַוויאַסעס, זייטיק געווען אַנגעהאַנגען אויף אַן אַרומגעראַמטער צעעפנטקייט. די טרעפּ פירן ווי אין קעלערן. ביי דער זייט האָט זיך אַרויסגעהויבן אַ הילצערן ביידל, ווי דער קאָפּ פון דער הויערנדיקער מקווה. חסידים האָבן אין דעם אַראָפּגאַנג כסדר זיך איינגעשרויפט — מיט פערטל, האַלבע און גאַנצע גופים. די פיס ביי יעדן, אַ רגע, ווי פאַרוואַרצלט.

לייבל, כאָטש געווינט שוין צו מרחץ, האָט צום ערשטן מאָל מכוון־געווען אַראָפּצוגיין. ער האָט געוווּסט, דאַרט קומען יידן, מיט גופים בלויז ווי פון חומר. תמיד, אויך אין די מלבושים אויף זיך, זענען זיי אָפּן, ווי אַן סוד. דאָ — יעדער גוף ווי אונטער אַ רוחניותדיקן שלייער — בבחינת הוציאו כל איש מעלי.

אַ הויכער בחור ביים ביידל האָט גענומען אויף סידור גזרי עצים. זיין העלקייט האָט אָפּן אַקעגנגעשיינט יחיאלן. לייבלען האָט ער נישט געזען. ער איז געווען אין אַ בלויען שלאַפראַק און אַ קינדיש פּנים. זיין זאַראַסט — גאָלדיק פאַרבויגן אונטער דער גאָמבע. לייבל האָט נישט געוווּסט, צי ער איז פון די בלאָנדע תינוקות של בית רבן, וואָס איז מיט אַ מאָל אויפגעוואַקסן, צי גאָר אַן אַוועקגעשטעלטער זון־זייגער, מיט ווייזערס אויפן פּנים — אַן עדות, פונעם צופאַלן פון יומטובדיקן פאַרנאַכט.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די פיס אין מקווה; געענידערט איינער הינטערן אַנדערן. יחיאל פאַרויס — אַלע מאָל טיפער; לייבל הינטער אים — אויף אַ שטיגל. זייערע קעפּ האָבן זיך אויסגעגלייכט. לייבל האָט באַהאַלטן זיך מיט זיין העכערקייט הינטער יחיאלס פּלייצע; געוואָלט ער זאָל זיך נישט אויסדרייען; געפילט, זיין אייגענער גוף איז נאָך אין דרויסן. אַ משופּעדיק־שטויביקער

שטראַל, וואָס קומט קרומלעך, ווי ער וואָלט וועלן אַריין, שטעכט אים, ווי אַ צעוואָרעמטע נאָדל אין פּלייצע. גיך זענען זיי מיט די קעפּ פאַרשווונדן אונטן.

באַלד האָט דורכן שפּאַלט פון אַ געעפנט שמאָל־אַנגעדראָלענער טיר, זיי וואָרעם אַנטקעגנגעזעצט אַן אַנגעקנוילטע פּאָרע; זיך געצויגן זיי אין פּנים ווי שטיקער צעדריוולטע וואַטע. אַ טיפע גרוי־וואָלקנדיקע פאַרנעפּלטקייט האָט זיי אַריינגענומען, ווי אַ צעפּליקטע בעלמע, געדיכט זיך געלייגט פאַר זייערע אויגן. זיי זענען געווען אין ערשטן חדר. אין דער פּאַרע, אַנגעשוואָלן מיט נאַקעטע גופים, האָבן קולות זיך געוויקלט. פון אָפענע מיילער האָט אַ נעפּל אַרויפגעזעצט. אויפן אַספאַלט־דיל האָבן פיס זיך אויסגעטיילט. נישט דרייסט האָט ער אַראָפּגעקוקט. ברייטע פיס־סטאַפּעס האָבן זיך געטאַפּטשעט אין דער נאַסקייט. העכער, איבערן נעפּל, האָבן קעפּ אַרויסגעשטעקט, זיך געמיניעט. ווי דורך אַ פאַרהאַנג האָט ער אונטער זיי דערזען אַדערדיק־האָריקע לייבער פון זקנים; ווייס־געזעצטע — פון דערוואַקסענע, און דין־פרישע — פון יינגלעך. פונעם סופיט זענען איבער אים גערונען וואָרעמע טראָפּנס, געפאַלן אים איבערן קאַרק. מיטן אַנטועכץ אויף זיך האָט ער זיך גערוקט צווישן די גופים. אויף די גרינע ווענט אַרום האָבן נאַסע בלאָזן אויפגעפּלאַצט, קילע זיך פאַרלאָשן ווי אויגן. ער האָט מורא־געהאַט, אין דער ענגשאַפט זאָלן זיינע מלבושים זיך נישט אַנרייבן אין גופים; ער זאָל מיט זיינע שיך נישט אַנטרעטן באָרוועסע פיס.

יחיאל, מיט זיינע גלאַנציק־דראַטענע ברילן, האָט כסדר פאַר זיי געזוכט ליידיקע פלעצער אויף די הילצערנע בענק, אויסגעשטעלט געדיכט — שורה הינטער שורה. אַלע פאַר מינוט האָט ער אָפּגעווישט די פּאַרע פון פאַר די ברילן־גלעזער. די בענק — אַנגעלייגט, נידעריק, מיט לערע מלבושים־קופּקעלעך, נאָך אַנגעשטעקט מיט גוף־וואַרעמקייט. מיט די לייב־צודעקלעך און ארבע כנפות איבער זיי, האָבן זיי אויסגעזען, ווי פּעקלעך בגדים פון אַט־ערשט נפטר־געוואָרענע. פון אַלע זייטן גרייכן אַראָפּ די פיר ציצית אין דער אונטערשטער נאַסקייט. די מתים וואַרטן, ווי פאַרשטעקט אונטער די בענק — מיט זייער טבילה — פון שאַרן פאַרטאָג ביז האַלבער נאַכט, ווען זיי לאָזן זיך אַריין אין וואַסער. פון דער פּאַרע אינעווייניק אין מקווה־שטיבל, האָט אַ קרעכצן זיך אַהערגעטראָגן, ווי דאָס וואָלטן די אָפּגעדעקטע נשמות, געבונדענע מיט קייטן — אין גלות ביים גוף — שוין געוואָלט זיך אָפּרייסן, אַריינשפּרינגען אין וואַסער, און זיי קאָנען נישט.

אויך אַרום האָבן מענטשן געזוכט אַן אָרט אויף די בענק. כסדר האָבן אַנדערע זיך אַרויסגעטון פון קליידער און שיך אויף די פיס, געבליבן באָרוועסע.

לייבל האָט זיך געכאַפּט, זיי טוען דאָ פון זיך אַראָפּ, נישט בלויז זייערע מלבושים, שיך, נאָר אויך זייער גשמיות, זייער ביז איצטיקן נסיון. הוילע, ביז דער פנימיות, בלייבן זיי — די אָפּלען אַראָפּגעלאָזט; ווי מיט די וויעס און בערד פאַרדעקן זיי זייער אויסגעטוענקייט. די פּאַרע, וואָס לויפט אַרום אַ לויזע, וויקלט זיך אַרום זיי ווי אַ גדר; הילט־איין יעדן. זיי זענען זיך טובל — אַלע אין איינעם און יעדער ביחידות.

אין דער צעפּאַרעטקייט האָט יחיאל דאָ ווידער זיך אָנגעטראָפן אויף היימישע פון נאָענטע און ווייטע שטעט. פרייד איז אין אים פריש אויפגעגאַנגען. ביז אַראָפּ פלאַצן־אויף ווידער־קולות. עס צאַפּלען זיך די נשמות־יתירות פון יעדן, ווי אַלע זיי וואָלטן זיך דערקענט נאָך פון מעמד הר־סיני, אָדער קניפּן זיך שוין צוזאַמען פאַר דעם לעצטן פון די טעג.

יעדעס מאָל ווען אַנדערע האָבן זיך אויסגעטאָן, געבליבן שטייען מיט זייער ווייך־האַריקער באַוואָקסנקייט, האָט לייבל קעגן זיי זיך דערשפּירט — אַ ייִנגל, מיט אַ דין־הויטיק, נאָך נישט געפּרווּוט גופל — אַלץ שטייט אים נאָך פאַר; אַ דערשראָקענער וויל ער זיך צוריקציען. כסדר האָט ער אַוועקגעכאַפּט דעם בליק, אים אָפּגעווענדט. עס לויערן אומבאַקאַנטע ווייטקייטן.

יחיאל האָט איצט געשמועסט מיט לייבלס שכן פון נאָוואָמינסק, יעקב מענדל. פון צווייטן חדרל איז ער אַרויסגעקומען שוין אַ געטובלטער. איין אויג ביי אים, דאָס גרוי־גלעזערנע — גלאַנציק, ווי אָפּגעוואַשן. די ווייסל אַרום דעם — פון אַ פאַרצעלייענער פאַרב, מיט אַ שוואַרצאַפּל, וואָס באַוועגט זיך נישט אויף רעכטס און לינקס. מער ווי תמיד, האָט יעקב מענדל איצט אויסגעזען פאַרקוקט אין אַ זייט. זיין גוף געוויקלט ווי אין אַ נאַס־האַריקן שטאָף. זיין אויסגעצויגענע שוואַרצע באָרד, האָט ווי אַ פאַרהאַנג, צו פאַרדעקן זיך — אַראָפּגעגרייכט ביז איבער זיינע פיס. יעקב מענדל האָט געמאַכט אַן איינדרוק, ווי ער וויל אַן אומ־געזעענער זיך דערווייטערן, זיין אַ רואה ואינה נראה.

לייבלס אויגן זענען פלוצעם געוואָרן אָנגעשפּאַנט: יחיאל רעדט אין אים אַריין שטיל, מיט זיין וואַרעם קול. ער לאָזט צו אים זיך אַראָפּ, ווי כדי אים אויפצוהייבן, מאַכן אים פאַר אַ נראה. וואָס אַ מאָל ווערט צווישן זיי קלענער די מחיצה פון יעקב מענדלס נאַקעטקייט. ער בעמט, יחיאל, אויך אַראָפּ די דינע ברילן, כדי זייערע גלעזער זאָלן צווישן זיי נישט זיין קיין שויב, וואָס שיידט פאַנאַנדער. זייערע ווערטער הערט מען איצט מער נישט, נאָר בלויז אַ געדעמפּטן אונטערניגון וואָס פאַרבינדט. אויך ווען זייערע קולות זענען אין גאַנצן שוין איינגעשטילט, ברומט ער, דער עכאָ.

יחיאלס טיף־אַריינגעזעצטע אויגן זענען אַריין נאָך טיפער, ווי אַ קוואַל וואָס פאַרדעקט זיך.

לייבל האָט געשפּירט ווי אָט דער אונטערניגון שפּאַרט אין אים ביסלעכווייז אַריין. יעקב מענדל הענגט אין אים זיך אָן. ער ווערט דורך אים אַ שטילער שותף צו זייער סוד, כאָטש צוליב זיין קליינקייט, זעען זיי אים ביידע נישט. דער אונטערניגון שפּילט אין אים, אויף אַלע סטרונעס פון זיין געעאַנטער ירושה. זי גרייכט צו אים ווי פון דורות.

פּלוצעם האָבן פינגער־שפּיצן פון הינטן אין אים לייכט געפּויקט. צווישן פרעמדע אַקסל האָט יחיאל צו אים אַריבערגעשטרעקט די האַנט. ער איז אַרויפגעגאַנגען פון אונטן, אים אַראָפּרופן. זיין פּנים, ביז איבער דער באָרד, איז איצט געווען פאַרנעפּלט. לייבלען האָט געוואָרפן זיך אין די אויגן, דער

"ש" ביי אים אויפֿן שטערן, אויסגעקריצט איבער די האַלב־געשלאָסענע אויגן — קנייטשט זיך טיפֿער, וואַכיקער. ער וויל אים זיך איבערגעבן, ווי אַ רבי — דעם תּלמיד — אין אַ שעת רצון. יחיאל האָט אים געזאָגט, אַז אויך דאָ, ווי יעדע רגע אומעטום, דאַרף מען פֿילן דעם רבונו־של־עולם. יידן צעבערעכן פֿאַרן טובלען זיך זייער האַרץ, ווי אַ כלי; זעגען זיך מוסר־נפֿש. אַנדערש איז די טבילה למחצה, ווי נאָר אַ האַלבער גוף וואָלט אַריין אין וואַסער. לייבל האָט פֿאַרנומען, ווי יחיאל רייד וועלגערן אים. ער האָט אָפּגענייגט דעם געהער. נישט געוווסט, צי יחיאל זעט אַלע זיינע אינעווייניקייטן. יחיאל האָט פֿאַמעלעך גענומען אַראָפּטרעטן אין וואַסער. לייבל נאָך אים. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן אין טונקעלן האַלץ־אַנלען און אַראָפּגעשטעלט פֿוס נאָך פֿוס. וואָס אַ מאָל איז ער יחיאלן געבליבן הינטערשטעליק. ער איז צוגעקומען ביז צום ראַנד און שטיינגעבליבן. דאָס וואַסער האָט מיט אַ שוים, זידיק אים זיך געוואָרפֿן צו די פֿיס. ער האָט געזען, יחיאלס גוף זינקט אינעווייניק וואָס טיפֿער; ער דערגרונטעוועט זיך, מיט יעדן אַראָפּנידער ווי אַ בויערנדיקער גרייצער. אָן די קליידער אויפֿן גוף — וויקלט ער זיך אין די וואַסערן. אויך לייבל האָט געפּרווט אַריינשטעקן זיינע קנעכלעך. ווי מיט אַ חלף האָט עס אים פֿאַרשניטן ביז אונטערן האַרץ. ער האָט שנעל צוריקגעכאַפּט רויט די סטאָפּע. ער האָט געזען, אַרום אים גייען יידן גלייך אַריין אין דער קאָכעדיקייט; דאָס וואַסער — ווי עס וואָלט צוריקגעלאָפֿן ברילנדיק. ער האָט געטראַכט, אַז זייערע גופֿים זענען פֿאַרהאַרטעוועטע, באַוואַק־סענע; זיין ייִנגלשער גוף איז פֿריש, דין. עס וועט צייכענען אויף אים אַלע מאָל אַ פֿרישע רויטקייט ווי אַ גאַרטל. אַ חסיד מיט אַ רויט־פֿאַרעדיקער באָרד, איז אַרויס פֿון וואַסער. מיט די בריאיקע עלנבויגנס האָט ער אים אָפּגעשטופּט. פֿון זיין הויט האָט געזעצט אַ וואַלקן. הייסע ריטשקעלעך זענען פֿון איר אַראָפּגע־רונען. עס איז אויך דורך אַראָפּצו, ווי זייטיק, ר׳ אברהם, דער גר. נאָך אַ רגע האָט מען ביי דער וואַנט, אינעווייניק, אים אַרויסגעזען פֿון וואַסער בלויז ביז דער העלפֿט; זיין ביוסט פֿאַרלייגט אויף אַ וואַסער־פּיעדעסטאַל. ווי ביי יעדן בעל־תּשובה הייבט זיין גוף זיך אָן נישט אונטער די פֿיס־סטאָפּעס, נאָר — אין דער מיט, איבער זיין אַרומגערייפֿטקייט. באַלד האָט ער פֿאַמעלעך זיך אַראָפּ־געזעצט ביזן קאָפּ מיט די אַראָפּגעלאָזטע אויגן. זיין פֿאַרהאַרטעוועטע באָרד איז געשווומען איבערן וואַסער. נעבן לייבלען, אויפֿן לעצטן שטיגל, האָט געוואַרט אַ בחור מיט ברייט־צעעפֿנטע רויטלעכע אויגן. ער האָט נישט געקאָנט זיך צוזאַמענבנעמען. ער האָט אַריינגעשטעקט און צוריקגעכאַפּט זיינע אָפּגעבריטע קנעכלעך. ער האָט זיך אונטערגעברומט אָן אַלט פֿאַריסאָווער מאַרשל. דער ייד מיט דער רויט־פֿאַרעדיקער באָרד האָט אויפֿן צווייטן שטיגל איבער לייבלען, זיין איינגעוואַלקנטן גוף אַרומגעוויקלט מיט אַ געל טוך, ווי מיט אַ הייסן קאָמ־פּרעס. אונטן, פֿון אונטער די פּרענדזן, האָט מען אין דער נאַסער וואַרעמקייט אַרויסגעזען בלויז זיינע ברייטע פֿיס־פֿינגער. לייבל האָט זיך געגעבן אַ דערמאָן, ווי זקנים ביי זיך אין שטאָט גייען יעדן פֿאַרטאָג, אויך אין די ווינטערדיק־

ברענענדיקע פרעסט, זיך טובלען אין טייך אויף די זייטיקע פעלדער. זיי האַקן אויס מיט העק אַ לאָך איבערן אייזיק־שניידיקן וואַסער און לאָזן זיך אַרונטער. בלויז פון דער מחשבה, איז אַ שוידער אים דורך איבערן גוף. ער האָט גיך פאַרמאַכט די אויגן און האָט געגעבן אַ שפּרונג־אַריין. בלויז אַן אויגנבליק האָט אַ בריאיקע שאַרף ווי אים איבערגעשניטן. דאָס וואַסער איז שוין געווען איבער אים, אים איבערגעדעקט איבערן קאָפּ, זיך געשלאָסן אויבן. ער האָט זיך געהאַט אונטערגעטונקען. ער האָט געפילט — ער האָט מיטן קאָפּ זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער אומענדלעכקייט. מיט דער האַנט האָט ער אונטן פאַרמאַכט שמאָל זיינע נאָזפליגל. עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם; יעדע רגע — די לעצטע. גיך האָט ער געגעבן אַ הייב־אַרויס דעם קאָפּ. ער האָט געוואָלט צעעפענען די אויגן. ריטש־קעלעך זענען איבער זיי גערונען. ער האָט זיך ווי געראַטעוועט אין אַ ווינקל. אויך שטייענדיק האָט דאָס וואַסער אים געגרייכט ביז איבערן האַרץ. ער האָט געוווסט, אַז עס איז נאָך אַלעם; ער האָט זיך טובל־געווען. דאָס באַוועגנדיקע זיך וואַסער־הייטל האָט אים מער ניט אונטערגעבריט דעם ברוסטקאַסטן.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז מקוואות שפּרודלען היינט דורך, ווי אַ זיפּ, די ערד, אומעטום; אונטערן גאַנצן קיילעך ריזלען קוואַלן. פון אויבן לאָזן וואַלקענעס זיך אַראָפּ; עפענען זיך איבער איר און זאַפּן אין איר גוף זיך איין מיט שטראָמען רעגן. אויך אויף די פעלדער טובלען זיך איצט יידן ביחידות אין לאַנגע זיך־שלענגלענדיקע טייכן. די ערד, ווי פאַרן באַשאַף, איז אויסגעמישט מיט אייביקע וואַסערן וואָס קוועלן פון אַלע זייטן, און — יידן זענען אין דער מיט. אויף זיי איז גרונטגעפעסטיקט דער קיום.

## רחל בוימוואָל

# נייע לידער

## ירושלים

שטאָט ניט גרינגע,
דורכויס באַרג־און־טאָליקע,
אָנגעגליטע פון ווינט און פון היץ,
פול מיט ליקן געהיימפולע, שמאָלינקע,
ווו אויף גאַנעקעס אַלטע מע זיצט,

שטאָט פון פרומע און ניט קיין פרומע, —
שטאָט פון גאָר אַ באַזונדער שטאָף !
האָסט אַ לייב פאַר אַ סימבאָל גענומען
און אין בערג דיינע פּאַשען זיך שאָף . . .

שטאָט, וואָס אַנדערש אין דיר יעדער ריף איז,
שטאָט, וואָס גלייכגילטיק איז און פּאַרטאָן,
שטאָט מיט פּאות, מיט פּאַטלעס פון היפּי׳ס, —
נאָר דיין אויסזען גייט דיר ניט אָן.

ס׳איז דיין כותל אייביק און געטלעך,
האַלב פאַרזונקען אין גרייזן אַמאָל.
אין די שפּאַלטן — פאַרשטעקטע צעטעלעך,
וואָס זיי שרייען אַרויס אויף אַ קול . . .

וויג פון מענטשנטום פון גאַנצן,
אַלץ געלינדערט ווערט אין דיין שיין.
אויף די בערג דיינע ווינטן טאַנצן,
אין דער נידער שלאָפן זיי איין . . .

שטאָט, יאָרטויזנטערס וואָרהאַפטער חלום,
שטאָט מיט יידישן שטיינער־געברום, —
אין צייטן פון הבל הבלים
קוק זיך אום אויף מיר, קוק זיך אום !

# די גאָלדענע פּאַווע

דאָס יידישע פאָלקסליד איז זייער טשיקאַווע,
זי איז אונדז פון גלות באַקאַנט:
"קומט צו פליען די גאָלדענע פּאַווע
פון אַ פרעמדן לאַנד"...

דאָס ליד ווערט געזונגען מיט ווייטיק מיט שטומען,
מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט,
ווייל, ווו ס'זאָל די גאָלדענע פּאַווע ניט קומען,
איז שטענדיק דאָס לאַנד איר פרעמד.

און שטענדיק פאַרלירט זי אַ גאָלדענעם פעדער,
ער פאַלט פון איר פליגל אַרויס.
און ווייטער, זינגט זיך — דאָס ווייסט דאָך יעדער —
פון דעם, אַז איר שאַנד איז גרויס.

נאָר כ'קאָן ניט באַגרייפן, וואָס איז די שאַנד דען,
ס'איז גיכער פון אַלץ אַ פאַרדראָס.
אַ לעבן לאַנג, אַז די פּאַווע וואַנדערט, —
פאַרלירט זי אַ פעדער. איז וואָס ?...

נאָר ס'ראַטעוועט אָבער די יידישע חקירה,
וואָס גיט אין דעם ליד צו פאַרשטיין,
אַז ניט אַזוי די פעדער אירע,
ווי די פּאַווע אַליין.

אַ גאַנץ לעבן איך האַווע און האַווע...
גיב מיר, סאַברע, דיין האַנט !
"קומט צו פליען די גאָלדענע פּאַווע
פון אַ פרעמדן לאַנד".

## ירושלימער ווינטמיל

די אַלטע ווינטמיל אין ירושלים —
זי שטייט נאָך גאַנץ, די פליגלען ברייט צעשטעלט.
געווען אַ מאָל אַ ווינט, זי האָט געוואַרט געטריי אים,
איצט אַרט איר שוין ניט קיין זאַך אין דער וועלט.

אַ דענקמאָל נאָך פון מאָנטעפיאָרעס צייטן —
געוועלטיקט זי דאָ אויף דעם פרייען פלאַץ,
וואָס איז געגליכן צו אַ גרויסער טאַץ.
עס שפּאַרן אונטער בערג זי פון די זייטן.

שוין ווייט ניט יענע איז אַרום די שטאָט,
ניט יענער ווינט, וואָס אויף דער מיל פלעגט ווייען —
און זיך געריכט די פליגלען אירע דרייען.
נאָר איך בין אַלץ דער זעלבער דאָן קישאָט...

## ערנסט

איך זיץ אין אויטאָבוס.
ס׳איז ענג. אַ קינד פון אַ יאָר פיר
שפּאַרט אָן זיך אָן מיין פוס
און קוקט אויף מיר
מיט גרויסן ערנסט.
איך נעם עס אויף די הענט, —
עס זעצט זיך גערן
און שווייגט, און טוט קיין שמייכל ניט.

אין פענצטער קוקן מיר צוזאַמען.
אָט וואַרפט עס צו אַ בליק דער מאַמען,
וואָס שטייט דערנעבן.
זיין ערנסט דריקט.

ווייזט אויס, דאָס ווייסע ציגעלע אונטער זיין וויג
האָט מיט די הערנדלעך געטאָן אַ שטאָך אים.
דאָס ציגעלע — געפּאַשעט זיך אויף די שטחים,
וואָס טייער צאָלן מיר פאַר זיי דעם פּרייז.
נאָר ס'איז דאָס גראָז דאָרט ביטער ערטערווייז.

פאַרשטייט עס נישט דאָס ציגעלע,
און שטויסט דעם קינד אין וויגעלע, —
באַוואַשט עס זיך מיט טרערן
און בלייבט אויף שטענדיק ערנסט . . .

## ווען כ'וואָלט געקאָנט

ווען כ'וואָלט געקאָנט פאַרשרייבן אויף אַ פּלאַטע
פון אונדזער שטילן שטייגער יעדן קלאַנג —
דעם קלונג פונעם געפּעס, דעם זייגער־גאַנג,
פון טישטעך, ווען מע טרייסלט, דעם געפּלאַטער . . .

דאָס שאָרכן פונעם בייגעלע פּאַפּיר,
דאָס עפענען די טיר און דאָס פאַרמאַכן,
און נאָך אַזוינע טויזנט ליבע זאַכן,
פון וואָס עס גרינדט זיך דאָס, וואָס בינדט זיך אויס מיט דיר.

ווען אויף אַ פּלאַטע כ'וואָלט געקאָנט פאַרשרייבן
דעם רייץ פון דעם אַנטלויפנדיקן היינט, —
דאָס ווינקל וואַנט, וואָס פון דער זון סע שיינט,
דעם דופּט פון צוויט, וואָס קומט און וויל ניט בלייבן.

אַ וואָרט אַ ניט דערזאָגטס, אַ הוסט, אַ לאַך,
אַ זיפץ — די קירצטע היינטצייטיקע תפילה, —
פאַרשרייבן, אַז אַן אור־אייניקל זאָל אפילו
זיך אומקוקן ניט וועלן אויף אַזאַ מין זאַך . . .



גוט־מאָרגן, עס האָט זיך געעפנט דער שפונט!
איך שרייב שוין פון פרי און ביז נאַכט.
פון פרי און ביז נאַכט — אבי נאָר געזונט! —
איך האָב נאָך די העפט ניט פאַרמאַכט...

עס וואַרטן מיט אומגעדולד שטערן און בערג,
און מענטשן, און חיות, און בלומען:
"נו טו שוין די טובה, באַמערק אונדז, באַמערק
און זאָג, ווען מענס ריי איז געקומען"...

איז קודם פאַרלייג איך אויף הינטן די הענט
און לאָז פאַרביי זיי זיך שפּאַצירן —
כ'בין גאָט אויף דער ערד! אַלץ אָן מיר איז געווענדט, —
איך דאַרף זיי אין אייביקייט פירן.

איז אָט, קלייב איך אויס זיך אַ רויפל אויף דרערד.
"איך וועל דיך באַשרייבן, — ביסט זוכה!"
— באַשרייבן? אָוואַ! דאָס איז קיין זאַך ניט ווערט... —
און שאַרט זיך אַוועק אויפן בויך...

און ווען איך וויל נאָר באַגליקן, אַנטרינט —
דאָס הייסט, ער איז מוחל די טובה...
איז שענק איך דעם פאַרבער מיין עמער מיט טינט,
נאָר... כ'בין דעם נסיון ניט גובר, —

איך שרייב וועגן דאָס, און איך שרייב וועגן יענץ, —
איך דאַרף ניט קיין טינט. ס'ווייס דאָך יעדער,
אַז פעדערן נעמט מען דאָך הײַנט ניט פון גענדז,
און טינט איז באַ מיר אין דער פעדער!



פרומע — אַן אַלטער ייד

**יהושע וויגאָדסקי**

# וואָס אַ מאָל לענגער ווערט די נאַכט

דער שלאָסער האָט פאַרצויגן קראַטעס אויף
זיינע פענצטער, מחמת דעם זון זיינעם.
אַנדרע פרענאָ: "דער פראַגער וואָקזאַל"

מיין ברודער איז פאַרשוווּנדן פון דער היים און במשך אַ לאַנגער צייט זיך נישט אומגעקערט. דער טאַטע האָט געוואַרט, געשטאַנען הינטער דער טיר, זיך איינגעהאָרכט. ער איז אַרויס פאַר דער טיר כאַפּן אַ בליק, כאָטש דאָס איז געווען פאַרבאָטן און זיך אומגעקערט מיט גאָרנישט. טיף אין דער נאַכט האָט ער פאַרגעלייגט אַז איך זאָל מיט אים צוזאַמען כאַפּן אַ קוק אויף דער גאַס אַרויס. מיר זענען געזעסן אויף אונדזערע בעטן — איך אויף דעם, אויף וועלכן איך בין געשלאָפן ביז דאַן צוזאַמען מיט מיין ברודער, און דער טאַטע אויף זיין בעט. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אָנטאָן אין דער פינצטער: אונדזערע אייזערנע, אויף שוואַרץ אָפּגעפאַרבטע בעטן מיט די פרענטן צופוסנס און צוקאָפּנס, מיט די ברייטע, בלעכערנע לענטעס, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן די שעניקעס, האָבן כאָרכלענדיק געקרעכצט. ענדלעך האָבן מיר זיך אויפגעהויבן און די לענטעס, באַפרייטע פון דער לאַסט, זענען אַנטשוויגן געוואָרן ווי ספּריטנע חיות. מיר זענען אַרויס פאַר דער טיר, אין געטאָ האָט מען קיין טויערן נישט פאַרמאַכט, און אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס. דער זייגער איז געווען צוויי פאַר טאָג. אין יולי אַטעמט דער ברוק נאָך צו יענער צייט מיט קילקייט, אָבער עס איז שוין גענוג העל אַז מען זאָל קענען דערזען די לאַנגע, ווייסע גאַסן, אויסגעשטאַרבענע און פּוסטע.

— נישטאָ — האָט געזאָגט דער טאַטע — און זיך צוריקגעצויגן אין טויער אַריין.

— ער איז נישטאָ — האָב איך באַשטעטיקט, און דער טאַטע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַזוי ווי ער וואָלט מיר פאַרבאָטן ווייטער צו רעדן. ער האָט מן הסתם אויפגעכאַפּט די רויקייט, וואָס האָט זיך אַרויסגעפילט פון מיינע רייד, ווארום איך בין טאַקע אויף אַן אמת געווען רויק.

דער טאַטע איז געווען באַזאָרגט און איך האָב מיסגעברויכט מיט אָט דער זאָרג זיינער; צוערשט האָב איך נישט געקאָנט און שפּעטער האָב איך נישט געוואָלט אים אַרויספירן פון דער טעותדיקער אָפּשאַצונג פון אָט דער גאַנצער געשיכטע.

— זיי האָבן אים דערהרגעט — האָט אויפן דריטן טאָג געזאָגט דער טאַטע און געזוכט אין מיינע אויגן אַן אָפּלייקענונג דערפון.

ער האָט נישט געוווּסט אַז שוין דעם ערשטן טאָג האָב איך אַזוי געטראַכט, ווען מיין ברודער האָט זיך נישט באַוויזן אין דער היים, אָבער אויף דער צווייטער נאַכט בין איך שוין געווען רויק. "עס איז אים געלונגען" — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. פון דעסט וועגן האָב איך נישט געהאַט קיין מוט מודה צו זיין פאַרן טאַטן, אַז איך ווייס וואָס זיין עלטערער זון האָט אונטערגענומען. ווען איך וואָלט גע־ווּסט מיט דער גאַנצער זיכערקייט אַז דאָס אַנטלויפן איז אים געלונגען און אַז ער האָט אַנגעשפאַרט ביזן וואַלד, וואָלט איך אפשר אויסגעזאָגט דעם טאַטן דעם אמת. אָבער איך האָב נאָך אַלץ אָט די זיכערקייט נישט געהאַט.

— די דייטשן האָבן אים געכאַפּט — האָט דער טאַטע געזאָגט אויפן דריטן טאָג.

— ניין, זיי האָבן אים נישט געכאַפּט — האָב איך געזאָגט — עמעצער וואָלט דאָס געזען און אונדז צו וויסן געגעבן.

— אויב אַזוי, איז נאָך ערגער — האָט דער טאַטע געזאָגט — מן הסתם איז דאָס געשען אין אַזעלכע אומשטענדן, אַז קיינער האָט עס נישט געקענט זען.

"דער טאַטע ווייסט עפּעס, ער איז זיך עפּעס משער" איז מיר דורכגעלאָפן דורכן געדאַנק.

— אין אָט די מויערן קען מען גאַרנישט אויסבאַהאַלטן — האָב איך געזאָגט.

— דו זעסט דאָך, אַז ער איז נישטאָ — האָט ער אָפּגעענטפערט.

מיר זענען געזעסן איינער קעגן איבער דעם אַנדערן אויף אונדזערע אייזערנע בעטן; דער טאַטע אויף זיינעם, איך אויפן אַנדערן. זינט דעם מאָמענט וואָס מיין ברודער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, בין איך ענדלעך געשלאָפן איינער אַליין, באַ־קוועם. דער טאַטע האָט איבערגעחזרט:

— זעסט דאָך פאָרט אַז ער איז נישטאָ — און ער האָט מיטן בליק מיר אָנגעוויזן אויפן פּוסטן אָרט פון בעט.

— ער וועט זיך אומקערן — האָב איך געזאָגט — וועסט זען, אַז ער וועט זיך אומקערן, עס איז אים קיין שום שלעכטס נישט געשען. איך בין זיך דורכ־געגאַנגען איבער דער שטוב, דערנאָך האָב איך אָנגעשפּאַרט די האַנט אויפן שוואַרצן, האַלברונדיק אויסגעבויגענעם פּרענט ביים צוקאָפּנס פון בעט: דאָס אייזן איז געווען קאַלט. "אַ ליבלעך־גוטע קילקייט" — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אין דרויסן האָט, זינט אַ סך טעג שוין, אויסגעפּירט זיין שטילע, מאַזאָליעדיקע אַרבעט דער הייסער יולי־חודש. די מויערן און די ברוקירטע גאַסן האָבן גע־קוואַרט אויף דער זון. מיר האָבן געוואַרט אויף דער נאַכט, געלעכצט נאָך דער קילקייט, אָבער זינט עטלעכע טעג, זינט דער צייט ווען מיין ברודער איז אַוועק פון דער היים, האָבן צוזאַמען מיט דער נאַכטיקער קילבלעכקייט אָנגעהויבן קומען שווערע גריזאַטעס.

אין אָנהויב האָט דער טאַטע אַזש געציטערט פון רציחה; ער האָט געשריגן, אַז ער וועט זיין זון אָפּשינדן די פעל. "זאָל ער זיך נאָר יאַווען!" דערנאָך האָט ער אויפגעהערט דראָען. במשך פון טאָג פלעגט ער אויסמעסטן מיט זיין טראָט די גאַסן פון געטאָ, אויספרעגנדיק די אָנגעטראָפענע באַקאַנטע זיינע, צי זיי

האָבן ערגעץ ווו נישט געזען זיין עלטערן זון... ניין, קיינער האָט אים נישט געזען. דערנאָך פלעגט ער אַריינגיין אינעם הויז, ווו עס האָט אַמטירט ״דער ראָט פון די עלטסטע״, פון וואַנען עס פלעגן אָפּגיין טראַנספּאָרטן צו מקומות מיט אומבאַקאַנטע און אויסטערלישע נעמען, אָבער אינעם ״ראָט פון די עלטסטע״ זענען אפילו נישט געווען קיין נאָמענטלעכע רשימות פון די טויזנטער מענטשן, וועלכע זענען אַוועקגעפאָרן אין דער אומבאַקאַנטקייט אַריין — טאָ ווער האָט דאָ געקענט וויסן וואָס עס איז געשען מיט זיין עלטערן זון? דעם טאַטן איז אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז דעריבער טאָקע איז מיין ברודער אַנטלאָפן... ער האָט נישט געוואָלט אַריינגיין אין אָט דעם הויז מיטן ריזיקן הויף נאָך דער היב־טערשטער געביידע, ווו די פעטע פליאַסקערייען פון די נאַהייקעס פון די באַ־וואָפנטע דייטשן האָבן דערפירט צו דער צונויפגעדריקטער, שטום־געוואָרענער און איבערגעשראָקענער מאָסע — די טויט־אָרדענונג. אין ״ראָט פון די עלטסטע״ האָט מען גאָרנישט געוווסט וועגן זיין עלטערן יינגל: אָט די צוויי מענטשן, וואָס האָבן אויסגעהערט זיינע קלאָגענישן, קוקנדיק אויף אים פון הינטער שווערע, אַראָפּגעלאָזענע אויגן־לעפלעך, האָבן אים באַרויקט מיט דער פעסטשטעלונג:

— ער איז דאָך נישט אַנטלאָפן דורך די מויערן.

— כ׳ווייס נישט — האָט אָפּגעענטפערט דער טאַטע.

— איר דאַרפט יאָ וויסן — האָט איינער פון זיי אָ זאָג געטאָן — וואָס פאַר אַ טאַטע זייט איר? — האָט ער אים פאַרגעוואָרפן. ״מיט וואָס פאַר אַ רעכט״ האָט דער טאַטע אַ טראַכט געטאָן.

— איך מיין אַז עס איז גענוג, וואָס די מויערן היטן אונדז אָפּ און אויך די דייטשן. פאַרוואָס דאַרף איך נאָך אַרויסטרעטן אין דער ראָל פון אַ סטראַזשניק לגבי מיינע זין?

— און דאָך איז ער נישטאָ — האָט איינער פון אָט די מענטשן געזאָגט, און דער צווייטער האָט אַריינגעוואָרפן:

— מיר זענען טאָקע נייגעריק צו וויסן, וואָס עס האָט געקאָנט געשען מיט אייער זון. לאָזט אונדז וויסן.

— וועגן וואָס? — האָט דער טאַטע אַ פרעג געטאָן.

— צי איר האָט אָפּגעפונען אייער זון. דאָס איז דאָך קלאָר, נישט אַזוי?

— זיי וויסן גאָרנישט — האָט דער טאַטע שפּעטער געזאָגט צו מיר. ער האָט זיך שווער אַוועקגעזעצט אויפן בעט און זיך צעוויינט.

עס האָט זיך מיר געוואָלט אים באַשיצן קעגן אָט דעם שלוכצן, אָבער איך האָב זיך געקווענקלט; איך וואָלט אים דאָך באַדאַרפט דערציילן וועגן דעם אַנט־לויפן פון ברודער, וואָרום ווען דאָס וואָלט זיך איינגעגעבן, האָב איך געזאָלט זיך לאָזן אין זיינע שפּורן. דאָס איינשטעלעניש פון מיין אַנטלויפן וואָלט שוין נישט געווען איבעריק גרויס, דער ברודער וואָלט מיר געהאָלפן. און ווען מיין טאַטע איז געווען אין פאַרצווייפלונג, האָב איך געוואַרט אויף אַ ידיעה, אַ צייכן. ווען מיר האָבן זיך, בסוד פאַרן טאַטן, געהאַט געזעגנט, האָבן מיר אויך אָפּגע־

רעדט דעם אופן, ווי אַזוי דער ברודער וועט מיר לאָזן וויסן, אַז ער איז אָנגעקו־מען אין וואַלד אַריין, צו די מענטשן, מיט וועלכע ער וועט שוין בלייבן און וועלכע וועלן אויך מיך אויפנעמען. נישט געווען קיין גאַר גרויסער ענטוזיאַזם אין אונדזער אָפּשייד־שמועס, וואָרום מיר האָבן נישט געוווסט, צי דאָס אַנטלויפן וועט זיך איינגעבן. וואָס דערוואַרט דעם ברודער פון יענער זייט מויער? וווּהין וועט ער גיין? אויף וועמען וועט ער אָנטרעפן? עס איז אַוועק אַ וואָך פול מיט מאַטערנישן — אַזוי פאַר מיר ווי פאַרן טאַטן. שעהן־לאַנג פלעגט ער שווייגן מיט דער רויקער ערנסטקייט פון אַ מענטש, וואָס האָט שוין שלום געמאַכט מיט זיין גורל, דערנאָך פלעגט ער זיך ראַפּטעם אַ ריס טאָן, שעלטנדיק זיך אַליין, די וועלט און גאָט. מיט ווערטער פול מיט ביטערניש האָט ער פאַרשאָלטן דעם טאָג פון זיין געבוירן. אויפן סאַמע דנאָ פון זיינע ווערטער האָב איך אַנטפּלעקט דעם שווערסטן פאַרוואורף, וואָס ער האָט געמאַכט זיך אַליין — הלמאי האָט ער געברענגט קינדער אויף דער וועלט? נאָך וואָס האָט ער אונדז געפירט במשך אַזוי פיל יאָרן איבער אַ לעבן, וואָס איז פול געווען מיט אינערלעכער צעריסנ־קייט און אומרו, מיט דורכפאַלן, אַזש ביז דער גרענעץ, נאָך וועלכער עס וואַרט אויף אַן אַכצן־יעריקן און צוואַנציק־יעריקן יונגנמאַן אַן אומפאַרמיידלעכער טויט? דערנאָך איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון אַפּגעטעמפּטקייט און ווי ער וואָלט שוין שלום געמאַכט מיט דער אכזריות און מיטן טויט פון זיין זון, האָט ער פאַרלוירן — אַזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן — די פעיקייט צו רעאַגירן. דעמאָלט פלעגט ער שוין נישט אָננעמען מיינע פאַרזיכערונגען, וועלכע זענען געווען פייערלעכע, הייסע און אויפריכטיקע, ווייל איך האָב שוין גערעדט, נישט האָבנדיק קיין מורא, אַז איך וועל עפּעס אָדער עמעצן פאַראַטן, דערציילנדיק, אַז דער ברודער איז זיכער אַנטלאָפן פונעם געטאָ דורכן מויער אין וואַלד אַריין, צו מענטשן, וואָס געפינען זיך אין אַ אומצוטריטלעכערווילדערניש, ווו זיי זאַמ־לען אָן כוחות צום קאַמף קעגן די היטלעריסטן.

און אָט האָט זיך דער טאַטע אומגעקערט אַהיים אַ געוויסן טאָג אַ דערפריי־טער, אין אַזאַ שטימונג וואָס גיט עמעצן צוריק די לופט צום לעבן, צו טאָן עפּעס. ער האָט פריער זיך אויסגעטייטשט נישט ריכטיק דאָס פאַרשווונדן ווערן פון זיין זון — אַזוי האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין — אָבער איצטער איז ער גרייט געווען מיר צו געבן גערעכט, וואָרום אָט איז ער געוואָר געוואָרן, אַז קנאַפּע צוואַנציק יונגעלייט זענען פאַרשווונדן פון געטאָ און קיינער ווייסט נישט, ווו זיי זענען אַהינגעקומען.

— עס איז אַ פאַקט, אַז אין די לעצטע טעג איז אין געטאָ נישט פאָרגעקומען קיין שום זאַך, וואָס זאָל עדות זאָגן דערויף, אַז מען האָט עמעצן פאַרהאַלטן אָדער אַרויסגעשיקט אויסער די מויערן און דאָך זענען קנאַפּע צוואַנציק יונגעלייט פאַר־שווונדן געוואָרן. מן הסתם זענען זיי אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין.

— איך האָב דיר באַלד געזאָגט — האָב איך אים איבערגעריסן.

— דו האָסט געוווסט וועגן דעם? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— פון וואַנען! — האָב איך ענערגיש אָפּגעלייקנט — ס׳איז כמעט ווי זיכער, אַז די, וואָס זענען אַנטלאָפן, האָבן זיך צונויפגערעדט, פאַר קיינעם נישט אויס־געבן זייערע כוונות, וועלכע עס איז זיי געלונגען דורכצופירן.

— אָבער ווי אַזוי האָסטו זיך צו דעם דערטראַכט? — האָט דער טאַטע געפרעגט.

— איך האָב זיך לגמרי נישט דערטראַכט צו דעם. ווען עס וואָלט עפּעס געשען אין געטאָ, וואָלטן מיר געוווּסט דערוועגן.

— ווי מיינסטו — האָט דער טאַטע אַ זאָג געטאָן נאָך אַ ווײַלע — קען מען רויק טראַכטן וועגן זיין טאַט?

— כ׳פאַרשטיי נישט.

— ווי אַזוי וועט אים דאָרט זיין?

— מן הסתם בעסער ווי דאָ — האָב איך אָפּגעענטפערט.

— אַזוי מיינסטו?

— זיכער. דאָרט וועט אים קיינער נישט שיקן צום טויט.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַזוי, ווי ער וואָלט מיך ענדלעך געכאַפּט נאָך אַ לאַנג געיעג.

— דו קלערסט אויך וועגן דעם? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— ניין — האָב איך אָפּגעענטפערט שנעל און דערפילט, אַז דאָס איז אין הסכם מיט זיין ווילן און באַגער. ער האָט מער קיין וואָרט נישט געזאָגט וועגן דער טאַט פון זיין עלטערן זון און מיך האָט ער מיט קיין איין וואָרט נישט צוגע־רעדט איך זאָל אים נאָכפאָלגן. איך האָב איבערגעחזרט:

— דאָרט וועט אים קיינער נישט שיקן צום טויט.

מיר זענען אַלע געווען פאַראורטיילטע, אָבער אַנטלויפן האָבן געקענט נאָר מיין ברודער און איך. דער טאַטע איז געווען אַלט און אויסגעשעפּט פון די קראַנקהייטן — האָט ער געמוזט בלייבן. איך בין זיך משער וואָס פאַר אַ קימער־נישן האָבן אים געמאַטערט, בעת ער האָט געקוקט אויפן אומזיכערן הימל: האַרבסט אין וואַלד, ווינטער אין דער וואַלדיקער ווילדעניש, אַ פראָסט און אַ זאַווערוכע צווישן די ביימער, אַ פאַרמעסט צווישן קראַנקהייטן, הונגער, באַרוועסע פיס, אָפּגעשליסן־אָפּגעריסן אַנטועכץ. און איך בין שוין געווען אַנטשלאָסן: דאָס איז אַ פאַרברעכן — בלייבן דאָ און וואַרטן ביז מען וועט מיך אַ רוף טאָן, אָדער מען וועט קומען נאָך מיר און אַ ווילנלאָזן, אַן אָפּגעטעמפּטן אָדער אַ צעבובנטעוועטן, אַ האָפענונגסלאָזן, וועט מען מיך אַריינשטופּן אין אַ בהמה־וואַגאָן און אַרויס־שיקן קיין מאַידאַנעק אָדער קיין טרעבלינקע. איך בין געווען אַנטשלאָסן צו אַנט־לויפן, איך האָב באַשלאָסן נישט נעמען אין אַכט גאָרנישט, איך האָב נאָר געוואָרט אויף אַ ידיעה פונעם ברודער. און פּלוצלינג, אין מיט פון אָט דער גרויל און זאָר־געניש, האָט דאָס האַרץ געגומען אָפּשטאַרבן אין מיר: פון וואַנען האָב איך די זיכערקייט, אַז מיין ברודער איז געלונגען דאָס אַנטלויפן? איך האָב אויסגעקליבן פאַר אים באַקוועמע דורכגענג, פריינדלעכע מענטשן, גינציקע אומשטענדן —

דאָס זענען אַלץ געווען פּראָדוקטן פון דמיון, וועלכע עס רופט אַרויס אַ פּאַר־סאָפּעטער, אַנטלאָפענער אַרעסטאַנט, אַנרופנדיק ביי האָפענונג, מזל, גינציקער גורל. און אויב ער איז טאַקע אַנגעקומען אין וואַלד אַריין... איך האָב געוואַרט אויף אַ צייכן, אַ סיגנאַל, אַ רוף! ווי אַזוי וועט עס זיך באַווייזן? ווער וועט עס ברענגען און ווען?

נאָך עטלעכע טעג, במשך פון וועלכע יעדע שעה איז געווען פול מיט דער־וואַרטונג אויף אַ ידיעה און דער אומצוטרוי און די אומזיכערקייט האָבן פאַר־יאָגט דעם שלאָף פון זיינע אויגן, האָט דער טאַטע ווידער אַ מאָל מיר צו וויסן געגעבן, אַז קנאַפּע צוואַנציק יונגעלייט זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן פון געטאָ.

— דאָס איז אוממעגלעך — האָב איך אויסגערופן.

— און פאַרוואָס אייגנטלעך? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, אַבסערווירנדיק מיך אויפמערקזאַם.

אָט די פראַגע האָט באַשייפערלעך באַוויזן די געפאַר, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען. איך האָב שיער נישט אויסגעשריגן, אַז איך האָב עפּעס געוווּסט וועגן אָט דער אַנטרינונג, וואָרום איך אַליין וואַרט שוין זינט אַ סך טעג אויף אַ ידיעה. און אויב אַזאַ ידיעה איז אָנגעקומען, בין איך דער ערשטער, וואָס האָט וועגן דעם געדאַרפט געוואָר ווערן.

— זעץ דיך אַנידער — האָט דער טאַטע געזאָגט.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט, ווי געווייגלעך, איינער קעגן איבער דעם אַנדערן, יעדער אויף זיין בעט. דער טאַטע איז געווען זייער מיד, איך האָב נישט געקענט שמועסן און געקוקט שטומערהייט אויפן זקן, וואָס איז געזעסן פונקט קעגן מיר.

— זיי זענען אַנטלאָפן — האָט געזאָגט דער טאַטע — אָבער מער וועט שוין קיינער נישט אַנטלויפן.

— פאַרוואָס? — האָב איך אַ פרעג געטאָן און צונויפגעקרייצט די אָרעמס, ווייל עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דער טאַטע באַמערקט, ווי די אָדערן פול־סירן אויף מיין האַלדז און דאָס האַרץ זעצט ביי מיר.

— די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט, אַז יונגע מענטשן אַנטלויפן אין וואַלד אַריין, דעריבער וועט פון היינט אָן דער "ראַט פון די עלטסטע" טראָגן די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער צאָל פון די איינוווינערס אין געטאָ.

— ווי אַזוי וועלן זיי דאָס מאַכן? האָב איך אַ פרעג געטאָן — עס וועט זיי דאָס נישט געלינגען דורכצופירן; זיי וועלן זיך דאָך נישט שטעלן ציילן, זיי... — איך האָב געפילט, אַז איך שטיק זיך.

— פאַרוואָס שרייסטו? — האָט דער טאַטע רויק געפרעגט.

— איך שריי נישט.

— דו שרייסט יאָ און דו ווייסט אפילו נישט וועגן דעם. שריי נישט!

— איך שריי נישט.

— זיי וועלן יאָ קענען איבערציילן — האָט דער טאַטע שטיל געזאָגט.

— ניין!

— זיי וועלן יאָ קענען. ביים אַרויסגעבן די שפּייזקאַרטעס.

— דער טאַטע וואָלט געוואָלט, מען זאָל מיך כאַפּן?

— דו אַנטלויפסט דאָך נישט.

— אָבער ווען יאָ?

— נאָר דו אַליין ביסט מיר געבליבן — האָט ער מיר געענטפערט נאָך אַ ווײַלע — דו איינער בלויז.

— ניין, נישט נאָר איך. דיין עלטערער זון לעבט. ער לעבט.

— דאָס קענסטו נישט וויסן.

— דו ווייסט, אַז ער לעבט.

— איך ווייס נישט.

— אָבער דו ווייסט אַז דאָרט איז ער נישט אַליין.

— איך ווייס, און אָט דער באַוווסטזיין גיט מיר צו דערמונטערונג און גלויבן אין דעם, אַז ער לעבט. — און נאָך אַ ווײַלע האָט ער מיט אַ דערשראָקענער זיכערקייט פון אַ געליטענער אָדער דראָענדיקער מפּלה צוגעגעבן:

— פאַר וואָס זשע האָט ער, אויב אַזוי, נישט געגעבן קיין שום צייכן וועגן זיך?

— ער וועט צו וויסן געבן, ער וועט צו וויסן געבן, וועסט זען. אויב נישט היינט, איז מאָרגן. אַזוי ווי מען האָט צו וויסן געגעבן יענע, אַז זיי מעגן שוין אַרויס פון געטאָ. — איך האָב זיך אַליין פאַרריכט — אַז זיי דאַרפן שוין אַנטלויפן.

— וועלכע יענע?

— נו, די דאָזיקע, וואָס זענען טאַקע אַנטלאָפן.

— און אויב ער וועט דיר צו וויסן געבן, וועסטו אויך אַנטלויפן?

— יאָ — האָב איך געענטפערט.

— און אויב ער וועט קיין צייכן נישט געבן? — האָט דער טאַטע געפרעגט. אויף וואָס האָט ער אויסגערעכנט? האָט ער זיך טאַקע געפרייט, וואָס דער ברודער האָט זיך נישט אָפּגערופן? דאָס וואָלט דאָך געווען שרעקלעך: דאָס וואָלט דאָך געווען אַ באַווייז אַז מיין ברודער לעבט נישט. האָט דער טאַטע באַגערט, אַז ער זאָל זיך שוין מער ניט אָפּרופן, ווייל מיין ברודערס שווייגעניש וואָלט געעברענגט דערצו אַז איך זאָל פאַרבלייבן לעבן אים אויף שטענדיק? אָבער צי האָט ער דען נישט באַנומען אַז פאַרהאַלטנדיק מיך לעבן זיך, וועט עס מוזן קומען צו דעם, אַז מען וועט מיך אין איינעם אַ טאָג אַריינשליידערן אין אַ טראַנספּאָרט, וואָס איז באַשטימט אויף אומקום?

עס זענען פאַרבייגעגאַנגען צוויי טעג פון באַוווסטלאָזער שווייגעניש, פון גריזשען זיך, פון שרעק. דער "ראַט פון די עלטסטע" איז באַלד צוגעטראָטן צום אויספאַרטיקן אַ רייסטער פון דער באַפעלקערונג, וועלכער האָט אַרומגענומען אַלע איינוווינערס פון געטאָ. אַ טרייסט האָט געשטעקט אין דעם, וואָס דער "ראַט פון די עלטסטע" האָט אָנגענומען דעם שטאַנד אַזאַ, ווי מען האָט אים באַשטע־

טיקט אין טאָג פון צוזאַמענשטעלן דעם צענז, ווי אַן אומצווייפלהאַפטיקן און זיכערן.

— מיך וועט מען נישט אַריינשרייבן — האָב איך געזאָגט דעם טאַטן.

— ס'הייסט ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן. ער האָט נישט פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט מיר.

— איך וויל נישט מען זאָל מיך אַריינרעכענען.

— פאַרוואָס ?

— איך וויל נישט פיגורירן אין קיין שום רייסטער, אין די רשימות, איך וויל נישט זיין אין קיין שום אויסווייזן.

— איך פאַרשטיי נישט.

— איך וועל נישט נעמען קיין שפייז־קאַרטעס — האָב איך אויפגעקלערט

— ס'הייסט ? וועסט נישט נעמען ? וואָס מיינט דאָס אַז דו וועסט נישט נעמען קיין קאַרטעס ?

— איך וועל נישט נעמען קיין קאַרטעס, וועט מען מיך נישט אַריינרעכענען אין דער צאָל פון די איינוווינערס פון געטאָ.

— וואָס זשע וועט דערפון אַרויסקומען ? וועסט דאָך, אַזוי צי אַזוי, פאַרבלייבן דאָ צווישן די מויערן.

— יאָ, אָבער אויב איך וועל יאָ אַנטלויפן, וועט דער רייסטער שטימען, ווייל איך בין דאָרט נישטאָ. פונעם מאָמענט אָן וואָס איך וועל אויפהערן נעמען קאַרטעס, פון אָט דעם מאָמענט אָן בין איך שוין פאַקטיש נישטאָ.

— האָסטו אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, אַז עס וועט אונדז נישט סטייען קיין ברויט ? מיר וועלן דאָך האָבן איין קאַרטע אויף צוויי פערזאָן . . .

— איך האָב אַ ברירה שוין מאָרגן צו דערהאַלטן אַ ידיעה.

— און אויב נישט ? — האָט דער טאַטע אַ פרעג געטאָן.

— נישט דאָס ברויט, נייערט דאָס אַנטלויפן איז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט.

ער האָט געשוויגן. איך האָב מיר אויסגעטייטשט דאָס שווייגן, ווי אַ צייכן, אַז ער האָט זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז איך וועל אַנטלויפן פון דאַנען; און אויפן קומענדיקן טאָג האָט דער טאַטע געבערענגט זיינע שפּייזקאַרטן — אַ צונויפגעוויקלט פעקל פּאַפּיר פון געלן קאָליר, פאַרדרוקט מיט שוואַרצע אותיות און מיט אַ רויטן, זעקס־שפּיציקן מגן־דוד. איז זיך געלעגן אָט דאָס איינגעוויקלטע פּאַפּיר, וואָס איז פול געווען מיט קליינינקע קעסטעלעך און מיט אויפשריפטן : 250 גראַם. 150 גראַם. 100 גראַם. איצט האָט מען באַדאַרפט די דאָזיקע פאַרציעס צו צעטיילן אויף אַ העלפט, אַ זאַך וואָס האָט געגרענעצט מיט חוזק. אַ גאַנצע פאַרציע, אַ פולע צוטיילונג פאַר איין פערזאָן, האָט נישט געקענט אויספילן די האַנט פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן.

עטלעכע טעג זענען פאַרביי און ווידער זענען אַנטלאָפן עטלעכע מענטשן. דאָס האָב איך נישט פאַרויסגעזען. איז זיי טאַקע געקומען אין קאָפּ אַריין דער זעלבער איינפאַל, וואָס מיר און זיי האָבן זיך נישט געיאָוועט אָפּנעמען די שפּייז־

קאַרטן ? איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן די רעפּרעסיעס, וואָס דער "ראַט פון די עלטסטע" וועט אָננעמען, אָבער צו מיר האָט דאָס קיין שייכות נישט געהאַט, וואָרום איך האָב דאָך נישט עקזיסטירט אינעם רייסטער פון די איינוווינערס פון דער געגנט; זיי וואָלטן געדאַרפט דערגרייכן ביזן סאַמע אָפּגרונט פון נידערפאַל, ווען זיי זאָלן באַגערן, אויס זייער קריכערישער דינסטגרייטקייט און פרעכקייט, זיך פאַרנעמען מיט מענטשן, וועגן וועמענס עקזיסטענץ זיי זענען נישט פאַר־פליכטעט געווען צו וויסן. אָבער זיי האָבן יאָ דערגרייכט צו דעם דאָזיקן אָפּ־גרונט... איך האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז זיי וועלן זיך אַן עצה טאָן מיט נישט עקזיסטירנדיקע מענטשן: זיי האָבן געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך די עלטערן פאַר די קינדער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון געטאָ.

— דו ביסט זייער אַרעסטאַנט צו יעדער שעה, ביי טאָג און ביי נאַכט — האָט געזאָגט דער טאַטע.

— דו וועסט דאָך מיך נישט היטן — האָב איך געזאָגט.

— דער הונגער וועט דיך אָפּהיטן. איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דיר און מיר האָבן נישט וואָס צו עסן.

— איך ווייס און איך באַדויער דאָס נישט.

— איצט וועסטו זיך אפילו נישט קענען יאָווען אָפּנעמען די קאַרטלעך. מען וועט דיר נישט געבן. און קענסט זיך אויסשטעלן אויף אַ געפאַר: זיי וועלן זאָגן אַז דו ביסט איצט אַנגעקומען אומלעגאַלערהייט אין געטאָ אַריין. ווו זשע ביסטו געווען ביז איצט ? נישט אַ מאָל אין וואַלד ?

— איך וויל זיך נישט צושטעלן.

— דאָס איז פאַרנונפטיק. זיי וואָלטן געקענט פרעגן, ווו דו ביסט געווען ווען מען האָט געמאַכט דעם צענז.

— איך וועל צו זיי נישט גיין. כ׳וועל אַנטלויפן.

— איצטער ? — זיין שטימע האָט געציטערט.

— יאָ, איצטער.

— דאָס איז אוממעגלעך. און דו ווייסט פאַרוואָס דאָס איז אוממעגלעך.

— איך ווייס.

איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען — אונדזער שוויגעניש, דאָס שטילשווייגן פון דער נאַכט, דאָס סקריפּען פון די שטיגן, דאָס צישן פונעם איינזאַמען קריגעלע, אין וועלכן מיר האָבן געקאָכט פאַר ביידן אַרעמאַנסקע מאָלצייט. דער אָפּענער הונגער האָט געשריגן און געריסן שטיקער פון אונדזערע געדערעם און איך האָב נישט געוואָלט עסן און פאַראורטיילן אויף הונגער מיין טאַטן. איך האָב געשאָלטן דעם אומגליקלעכן איינפאַל פון אָפּזאָגן זיך פון דער ברויט־קאַרטע.

און אַזוי זענען אַ געוויסן טאָג אויך אונדזערע קלאַגנדיקע און יאָמערנדיקע בעטן, אָדער בעסער געזאָגט דאָס דאָזיקע בעט, אויף וועלכן איך פלעג שלאָפן, אַריין אינעם קאָמפּלעקס פון אונדזערע ענינים — פון פאַטערלעכער ליבשאַפט און האַס, פון פּחד און פאַראַכטונג, פון דערנידעריקונג און פונעם לעכצן נאָכן

טויט. איך האָב באַגערט דעם טויט און ווען ער האָט זיך נישט באַוויזן, האָב איך נישט אויפגעהערט רעדן וועגן אַנטלויפן, וועגן דעם אַז די כוונות פון מיין ברודער זענען מיר געווען באַקאַנט, אַז איך האָב אָפּגענאַרט דעם טאַטן... איך האָב אים געוואָלט דערדריקן. איך האָב געמיינט אַז אַזוי אַרום וועט מיר געלינגען צו רירן זיין האַרץ.

— ניין, איך וועל דיך נישט באַפרייען — האָט געזאָגט דער טאַטע — איך וועל דיך נישט באַפרייען. וועסט נישט אַנטלויפן.

— דו פאַרמשפּטסט מיך צום טויט — האָב איך געזאָגט.

מיט דריי טעג צוריק איז אַנטלאָפן עפּעס אַ ייִנגל. ער איז אַריבערגעשפּרונגען די מויער, אָבער מען האָט אים געכאַפּט, ווען ער איז שוין געווען אויסער דער שטאָט, אויפן פעלד. די דייטשן האָבן אים געבראַכט צו פירן אין געטאָ אַריין, צום הויז פון דעם "ראַט פון די עלטסטע", ווו מען האָט געקענט דאָס ייִנגל ביים נאָמען און פאַמיליע־נאָמען. מען האָט אַהינגעבראַכט די גאַנצע משפחה — פינף פערזאָן און מען האָט זיי אַלעמען אויפגעהאָנגען אויף די אייזערנע רעלסן, וועלכע האָבן אונטערגעהאַלטן די בעטאָנענע פּליטע פונעם באַלקאָן פון הויז, ווו עס האָט זיך געפונען דער "ראַט פון די עלטסטע": דעם ייִנגל האָט מען געהאָנגען דערפאַר, ווייל ער האָט געפרוווט אַנטלויפן און די עלטערן זיינע, צוזאַמען מיט די אַנדערע קינדער דערפאַר, ווייל זיי האָבן אים נישט געהיט.

דער טאַטע פלעגט מיך צובינדן ביי נאַכט צום בעט מיט אַ געווייגלעכער, פאַרזשאַווערטער קייט. ער האָט מיר צוגעקלאַמערט איין האַנט מיט דער קייט, וועלכע ער האָט דורכגעלאָזט דורך אַ רינגל און אַט דאָס רינגל האָט ער צוגעפעסטיקט — מיט אַ שלאָס, וואָס האָט זיך פאַרמאַכט מיט אַ שליסעלע צו איינעם פון די פרענטן ביים צוקאָפּנס פון בעט, פון אַט דעם בעט וועלכן איך האָב צאַרנדיק געטרייסלט.

איך האָב זיך פאַרטיידיקט. דאָס איז געווען אַ פאַרטיידיקונג, גאָט מיינער, דאָס איז געווען אַ פאַרטיידיקונג... ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום בעט — אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַזאַ אויסדרוק אויפן פּנים, וועלכן איך האָב פריער קיין מאָל נישט געקענט. און ווען איך האָב דערזען אין זיינע הענט די קייט, האָב איך גלייך אַלץ באַנומען און נאָר דורך אַ ווײַלע נאָכגעפאָלגט, צי דאָס וואָס דער טאַטע וועט טאָן, וועט זיין אויף אַן אמת דאָס דאָזיקע, וואָס איך האָב פאַרויסגעזען. און דעמאָלט האָב איך אים אַ שטופּ געטאָן, אויף אַ גאַר לייכטן אופן און אַזוי, אַז אין מיין זשעסט זאָל נישט זיין קיין ברוטאַלקייט און אויך נישט גאַרנישט אַזעלכעס, וואָס זאָל אים דערנידעריקן. דער טאַטע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און איך האָב געמוזט אים כאַפּן אין די אָרעמס אַריין, כדי ער זאָל נישט אומפאַלן. איך האָב נאָך נישט געהאַט באַנומען ווי אַרום דאָס איז געשען, אַז דער דאָזיקער זשעסט, קוים ביים סאַמע אָנהויב פון פאַרטראַכט, זאָל ברענגען דערצו, אַז דער טאַטע זאָל זיך אַ וואַקל טאָן. ער איז געווען אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, און דאָך... דעמאָלט האָב איך באַנומען: ער האָט געטיילט

מיט מיר זיין קבצנישע פּאַרציע שפּייז און קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס; און איך האָב געלעבט אַ דאַנק אים — ער האָט מיר אָפּגעגעבן זיין ביסן ברויט.

— אויף בייטאָג וועל איך דיך באַפרייען — האָט געזאָגט דער טאַטע.

איך האָב אַריינגערוקט די האַנט. די קייט, אַ דורכגעלאָזטע דורכן רינגל, האָט אַ קלונג געטאָן און לגמרי אָן דעם טאַטנס הילף, האָט זי זיך אויסגעלייגט העכער פון דער דלאָניע און אויסגעפורעמט אַ געשטאַלטלאָזע עפענונג, אַ גענוג ענגע, אַז די האַנט זאָל זיך נישט קאָנען באַפרייען.

ביינאַכט שלאָפן מיר נישט; יולי גייט פאַרביי; די נאַכט איז לאַנג און איך ליג אַ צוגעבונדענער מיט דער קייט צום בעט; אָבער די נאַכט וועט ווערן נאָך לענגער, וואָס אַ מאָל לענגער, און איך וועל ליגן אויפן בעט אַ צוגעבונדענער מיט דער קייט. אין פאַרלויף פון דער נאַכט הויבט זיך דער טאַטע עטלעכע מאָל אויף און דערנענטערט זיך, אָבער נישט דערפאַר ווייל ער וויל פעסטשטעלן צי איך בין נישט אַנטלאָפן. דער קלאַנג פון דער גרילצנדיקער קייט לאָזט אים וויסן וועגן דער מינדעסטער באַוועגונג מיינער. דער טאַטע הויבט זיך אויף, כדי מיר צו פאַריכטן דאָס קישן אונטערן קאָפּ, און ווען ער שטעלט פעסט אין דער פינצ־טערניש, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, לייגט ער זיך צוריק אויף זיין בעט און די בלעכערנע לענטעס, וועלכן האַלטן אונטער דעם שטרויזאַק, נעמען אויף אָט די לאַסט מיט אַ זאַרגעוודיקן קרעכץ.

און דער ברודער מיינער גיט נאָך אַלץ נישט קיין צייכן פון לעבן. אפשר לעבט ער נישט, און אפשר זענען צו אים דערגאַנגען די קלאַנגען וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון עלטערן פאַר זייערע קינדער; וויל ער נישט דעריבער, אַז איך זאָל אַנטלויפן פון דאַנען, וואָרום אין אַזאַ פאַל וועט מען אויפהענגען אונדזער טאַטן. ער וואָלט געוווען די סיבה פון זיין טויט; איך וואָלט געוווען די סיבה פון זיין טויט. און דעם טאַטנס געזיכט איז שוין אומפעיק אויסצובאַהאַלטן די צרות און ראַנגלענישן. עס איז שוין פאַרשוואַרצט געוואָרן, אָט דאָס פּנים, ווייל ער גיט זיך אָפּ אַ חשבון, אַז האָבנדיק מיך צוגעקאָוועט צום בעט, האָט ער מיך צוגעקאָוועט צום געטאָ, צו די מויערן, צו די גאַסן, צווישן וועלכע איך וועל אומקומען. מיר שווייגן ביידע מיט אַן אומגעלומפּערט שווערער שווייגעניש; מיר שווייגן מיט האַס און מיט צאָרן און מיט טויט־אַנגסט; מיר האָבן ביידע מורא פאַר אונדזער גורל און מיר ווילן אָוועקגיין פון זיך אַליין, אָבער מיר וועלן דאָס נישט באַווייזן צו טאָן און מיר היטן אָפּ איינער דעם אַנדערן קעגנזייטיק. איך וויל, אַז ער זאָל וויסן, אַז איך וועל נישט אַוועקגיין און דעריבער וועל איך נישט זיין דער, וואָס וועט גורם זיין זיין טויט אויף דער אייזערנער בעלקע וואָס אונטערן באַלקאָן. מיר וועלן אומקומען ערגעץ אַנדערש, מיר וועלן קיין מאָל נישט שטאַרבן, מען וועט אונדז אויפהענגען, מען וועט אונדז דערשיסן, פאַרגאַזעווען און אויף ס'ניי אויסגעלאַכטע און אויף ס'ניי פאַראַכטע, וועלן מיר אויף ס'ניי ווערן פאַרמשפּט אויף טויט און ווידער אַ מאָל און ווידער אַ מאָל...

פון פויליש: ש. סנה

## מאיר חרץ

### סע לעשט זיך נישט מיין דורשט . . .

ווי‌פל באָדן דאַרף גאָט ?

וויפל באָדן דאַרף דען גאָט ?
אים איז גענוג אין מדבר אַ באַרג
צו מאַכן איין־איינציקן געטלעכן טראָט,
דעם שטן — די גאַנצע וועלט איז קאַרג.

וויפל גלויביקע דאַרף דען גאָט ?
אים איז גענוג אַ ייד מיט אַ קול,
מיט אַ שמע ישראל ד׳ אחד.
דער שטן — שלעפּט קוישן איבערן פּלויט.

וויפל דאַנק־געזאַנג דאַרף דען גאָט ?
אים איז גענוג אַ ברכה אויף ברויט
און אויף אַן עפּל ערשט פונעם סאָד
דער שטן — שלעפּט קוישן איבערן פּלויט.

וויפל שטנס דאַרף דען גאָט ?
דער איינציקער איז אויך ניט קיין לייט,
נאָר ס׳איז דעם רבונו של עולם אַ שאָד
אים אומצוברענגען פאַר דער צייט.

ווייל שבת, דאַרפט איר וויסן וויל,
ווען גאָט פון כל מלאכתו רוט,
איז דער, וואָס שוואַרצער איז פון קויל,
דער איינציקער, וואָס עפּעס טוט.

מע קאָן אים די טובה מוחל זיין,
איז אָבער די מעשה דערפון אַזוי,
אַז שבת נאָך טיש, ווען גאָט שלאָפט איין,
איז אין דינסט דער שטן, דער שבת־גוי.

## די זון פאַרגייט

די זון פאַרגייט און בלוטיקט פאַרן שטאַרבן,
סע רינען אויס די איבעריקע פאַרבן,
דאָס איבעריקע ליכט, וואָס שניידט די אויגן.
די זון פאַרגייט. איר ליכט ווערט אָפּגעוואויגן,
די שטראַלן אירע שאַרף אַרומגעשוירן
און אינעם ליכט אַלץ שוואַכערן פאַרלוירן
און נאָר דער וואָלקן שיינט אין סאַמע אָוונט
און טראָגט אונדז צו די פלאַמען זיינע נאָענט.

דער וואָלקן שטראַלט. ער טרוימט אַ זון צו ווערן,
עס שטאַרבט די זון און לאַכט מיט גרויסע טרערן,
עס שטאַרבט די זון און לאַכט נאָך פאַרן שטאַרבן,
איר ליכט צעשאָטנט זיך אין הונדערט דרייצן פאַרבן,
וואָס רינען אויס און רעגענען אויף טייכן,
דער וואָלקן פּרוּווט זיך מיט דער זון פאַרגלייכן
און שפּיגלט אָפּ זיך אין די ציטער־כוואַליעס,
דער אָוונט לעשט זיך אויס און דאָס איז אַלעס,
אַלעס.

## איך ווייס ניט, צי איז עס אַ זכיה

איך ווייס ניט, צי איז עס אַ זכיה
דער לעצטער דיכטער צו זיין,
מיין מאַמע, זאָל זיך מיען,
מיך רופט אין גן־עדן אַריין.
און מיינע קינדער בליען
ביי פרעמדער קאַלטער שיין.

איך ווייס ניט, צי איז עס אַ מזל,
צי איז עס קיין מזל ניט.
איך ווייס, אַז איך וועל ניט באַווייזן
אַליין צו דערשמידן דאָס ליד,
איז וויל איך דאָס רויטע אייזן
כאָטש איבערגעבן אַ שמיד.

מיין פרוי קאָן אויסנווייניק
און לייענט מיינע לידער פּאָר.
צי וועלן מיינע קינדער זיי לייענען
און מיינע קינדערס דור?
און אפשר וועט מיינער אַן איידעם
זיי לייענען איין מאָל אין יאָר.

נאָר ווער וועט ווייטער שמידן
דאָס שיינע יידישע ליד?
איך גלויב, ס׳איז נאָך דאָ ביי יידן
אַן אמת׳ער לידער־שמיד.
איך גלויב, ס׳איז נאָך דאָ ביי יידן
אַן אמת׳ער יידישער ייד.

## איך האָב אַזויפיל נאַרישקייטן אָפּגעטון

איך האָב אַזויפיל נאַרישקייטן אָפּגעטון,
כדי איך זאָל אַ ביסל קלוגער ווערן,
בשעת די שטילע נאַכט האָט אָנגעטון
און זי באַצירט, די פינצטערניש, מיט שטערן.

קיין גרויסע חכמה, זאָגט איר, איז עס נישט,
דאָס ביסל שטערנשיין איבער די שנייען,
וואָס האָט זיך מיט דער ווייסקייט אויסגעמישט,
כדי צו שיינען אין דער נאַכט אין צווייען.

נאָר איך, וואָס דאַרף קיין סך ניט צו מיין גליק,
נעם אָן דאָס ביסל שיין, וואָס שיינט באַצייטנס
און קוויק זיך מיטן שטילן אויגנבליק,
וואָס ווערט געשיקט פון שטערנשיין פון ווייטנס.

## סע לעשט ניט מיין דורשט

סע לעשט ניט מיין דורשט קיין שום געטראַנק —
כ׳ האָב היינט שוין געטרונקען ניט איין מאָל

מיין האַרץ איז דורשטיק נאָך אַ געזאַנג
וואָס כ׳האָב ניט געהערט נאָך קיין מאָל.

אין דרויסן איז נאַסע נאַכט אַצינד,
אין דרויסן איז נאָך אַ רעגן
און שטיל איז איצטער אפילו דער ווינט,
וואָס טריקנט אויס די וועגן

און שטיל איז דער נאַסער בוים, וואָס גלאַנצט
אַקעגן דער שיין פון לאַמטערן
און שטיל גייט אָן אין הימל דער טאַנץ,
דער אייביקער טאַנץ פון שטערן

מיר זיצן — אַ קרייז פון קלוגע לייט —
און עפּעס קלוגס מיר ברומען,
נאָר ניט פון נאָענט און ניט פון ווייט
סע וויל יענץ געזאַנג ניט קומען.

און בין איך ניט זוכה צו זיין געבענטשט
דאָס גרויסע געזאַנג צו הערן, —
בין איך ניט דער איינציקער דורשטיקער מענטש,
מיר זענען ווי זאַמד און שטערן

און זאָל כאָטש איינער, קיין חילוק ניט ווער
ניט איך און ניט דו, איז אַ דריטער,
זאָל זיין כאָטש איינער וואָס האָט דערהערט
דאָס גרויסע געזאַנג מיט אַ ציטער

און אויב זיין האַרץ האָט אַ גוט געהער,
וועט ער עס אויך אונדז דערלאַנגען
און זינגען וועט ער, איך ווייס נאָך ניט ווער,
די סאַמע גרעסטע געזאַנגען...

סע לעשט ניט מיין דורשט קיין שום געטראַנק,
כ׳האָב היינט שוין געטרונקען ניט איין מאָל,
מיין האַרץ איז דורשטיק נאָך אַ געזאַנג,
וואָס כ׳האָב ניט געהערט נאָך קיין מאָל.

1964

יחיאל גראַנאַטשטיין

# אין שווערן געראַנגל

(דערציילונג)

דאָס געלאַסענע צומאַכן די טיר איז געווען באַגלייט פון אַ הייזעריק סקריפּען, עלעהיי עס וואָלט אַ טעמפּע זעג געלאָזט הענגען אין חלל אַ שווער געקרעכץ.

אַנאַ האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, איז געווען צופרידן פונעם אַליינבלייבן אין שטוב, פון דער פאַרנאַכטיקער טונקלקייט אין צימער, און פון דעם וואָס גלילה׳לע שלאָפט רויק אין איר בעטעלע.

פון דעסט וועגן איז זי נאָך אַלץ געזעסן ווי צוגעקלעמט צו דער שטול. אירע גרויסע פּעכיק־שוואַרצע אויגן האָבן אָדער זיך צוגעשלאָסן, אָדער — ברייט זיך צעעפנט און געקוקט פאַרגליווערט אויפן בילד וואָס אויף דער וואַנט. אין די אַ רגעס האָט זי ווי אויף דער וואַר געזען איגאָרן זיך אַרויסהייבן פון דער ראַם, אָנפילן זיך מיט בלוט און פלייש, צוגענענען צו איר און מיט זיין ליבלעכן שמייכל אויספּליסטערן אַזוי שטיל:

״נו, זעסט, אַנעטשקאַ, איך בין דאָ. אומגעקערט זיך אַהיים, צו דיר, צו לילעטשקען (איגאָר פלעגט אָפּט מאָל בכוונה אַרויסלאָזן די ״גימל״ און רופן דאָס קינד לילעלע, ציי לילעטשקאָ), וועל שוין פאַרבלייבן מיט אייך״.

אַנאַ׳ס פּנים האָט זיך צעהעלט. אירע אויגן האָבן זיך צעפינקלט, ווי אַלע שיינען וואָלטן פון זיי אַרויסגעלייכט. אַ וואַרעמער שטראָם האָט פאַרשווומען איר האַרץ, האָט עס פאַרגאָסן מיט פרייד, מיט אַזאַ גרינגקייט.

אָבער אירע אויגן זענען פּלוצלונג געוואָרן פאַרלאָפן פון אַ געדיכטן נעפּל און דורך אים האָט זי שוין איגאָרן געזען בלויז מטושטשדיק, און זיינע בליקן האָבן נישט מער געשמייכלט צו איר, נאָר אַזוי שטייף געקוקט, פאַרגליווערט.

געלאַסענע, ווי געמאָסטענע טריט, האָבן נאָך אָפּגעעכאָט פון די הויז־טרעפּ און זיי האָבן ווי מיט די שיך־אָפּצאַסן געטראָטן איבער אירע שלייפן. ערשט נאָך דעם, ווי זייער אָפּקלאַנג האָט זיך דערווייטערט, ערשט דעמאָלט איז אַנאַ געווען אין שטאַנד נאָך אַ מאָל אויפצוקלייבן אין זכרון אַלע רייד פון איגאָרס מוטער, וועלכע איז ביי איר אָפּגעזעסן אַ גאַנצן נאָכמיטאָג און אָקאָרשט פאַרלאָזט איר שטוב.

״איך וועל זיך באַמיען, אַנאַ, דיר צו העלפן, אויסטראָגן די זאָרג פאַרן קינד, איך וועל אפילו עס קאָנען האַלטן ביי זיך אַזוי לאַנג, ווי עס וועט נאָר גוט זיין

פאַר דיר און אויך פאַר גלילה׳לען. פאַר מיר וועט עס גאָר נישט זיין שווער, דו ווייסט דאָך — — — ״.

אַנאַ׳ס אַנגעשפּיצטע בליקן האָבן אין דער טונקלקייט געזוכט איגאָרס בילד, זיינע שמייכלענדיקע בליקן, געזוכט אין זיי שוץ, הילף.

* * *

די נאַכט איז צוגעפאַלן, אַנאַ׳ס צימער האָט זיך אָנגעפולט מיט טונקעלע שאָטנס, וואָס האָבן נישט געלאָזט קיין פריי, קיין ליידיק אָרט אין חלל. דורך דער טונקעלער געדיכטעניש זענען פאַר איר אויפגעגאַנגען אָפּגעלאָפענע, שפּאַנענ־דיקע טעג, אירע ערשטע טרעפעניש מיט איגאָרן אויף עברית־לעקציעס אין שטאָטישן גאָרטן, צי גאָר אין אָפּגעשלאָסענע, פּאַסיקע שטיבער. ווען און ווי אַזוי האָט זיך דאָס אַלץ אָנגעפאַנגען? אַנאַ׳ן האָט זיך געגלוסט צו דערמאָנען דעם ערשטן רוף, דאָס ערשטע וואַרעמע קול, וואָס האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין איר האַרץ, כדי עס צו עפענען פאַר דער אַנדערשקייט, וואָס האָט געדאַרפט קומען אין איר לעבן. יאָ. דאָס האָט איגאָר בעת אַ לעקציע־הפסקה אין אוניווערסיטעט זי אָוועקגערופן אין אַ זייט און זי מיטגענומען אויף אַ פאַרטרוילעכן צוזאַמענטרעף, ווו מען האָט גערעדט וועגן דער יידישער היים אין ישראל — די היים וועגן וועלכער זי האָט צו יענער צייט, וואָס אַן אמת, נאָך גאָר ווייניק געוווּסט.

אין יענע טעג, אַ שטיקל צייט נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך נענטער באַקאַנט, האָט נישט געפעלט קיין סך, אַז זי זאָל פאַרלירן איגאָרן פון די אויגן. זיינע חברים און זי אַליין האָבן אים נישט איין מאָל געוואָרנט נישט צו וואַרפן זיך אַזוי אין די אויגן פון די וואָס לויערן שטענדיק אויף אַזעלכע שטייגער בירגער ווי ער. די דאָזיקע האָבן טאַקע אויסגעשפּירט, אַז דער יונגער, שיין־געבויטער סטודענט מיטן צעפּאַטלטן קאָפּ האָר און פייערדיקע אויגן איז די נשמה פון אַ גרויסער יוגנט־גרופּע, וואָס ווי נאָר עפּעס, געפינט זי זיך ווו מען באַדאַרף נישט — פאַר דער גרויסער צענטראַלער שול, אין די גערטנער, הינטער דער שטאָט, צי גאָר פאַר בנינים פון דער מאַכט, כדי דאָרט צו שפּאַצירן קאָמפּאַקט, פּראָוואָ־קאַטיוו, די קעפּ געהויבענע, פול מיט גאווה און צו ברומען אַזעלכע לידלעך, אין דער שפּראַך פון דער ״מלחמה־העצרישער ציוניסטן־מדינה״.

פלעגן זיי יעדע פאַר טעג רופן איגאָרן אויף פאַרהער, אויספרעגן, פאָרשן, דראָען.

גלייך נאָך דעם ווי ביידע האָבן אָנגעגעבן זייער בקשה אויף עולה צו זיין קיין ישראל, זענען זיי דערווייטערט געוואָרן פון אוניווערסיטעט, האָבן געמוזט זוכן פאַר זיך אַרבעט, כדי צו קאָנען זיך דערנערן, כדי נישט אָוועקגעשיקט צו ווערן. זייער בשותפותדיקער וועג איז געהאַנגען אויף אַ האָר. די אַגענטן האָבן איגאָרן פאַרפאָלגט, זענען געוואָרן זיין שאָטן, ווו נאָר ער האָט זיך געקערט. אַ צייט לאַנג האָט ער אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט אַנאַ׳ן, כדי איר נישט גורם צו זיין קיין צרות. און דאָך... דאָך האָט ער נישט אויפגעהערט צו וועבן זיין חלום, געוואָרט אויף דעם אויסגעבענקטן טאָג, ווען ער וועט קאָנען, געפינענדיק

זיך שוין אויף דער צווייטער זייט גרענעץ, זאָגן אָן באַדויער: "זיי געזעגנט, פּרעמדע ערד, אויף וועלכער איך בין געבאָרן, האָסט געזאָלט זיין מיין היים, די היים פאַר די זין פון אַלע פעלקער, און ביסט דאָס נישט געווען".

...ביז יענער אויסגעטרוימטער טאָג איז טאַקע געקומען. אין איינעם אַ פאַרמיטאָג, איז איגאָר ארייגעפאַלן אַ צעשטראַלטער צו אַנאַ'ן אין צימער:

"קום, אַנאַ, קום אין ביוראָ, פאַראַן דערלויבענישן פאַרביידע. לאָמיר זיי קודם האָבן אין אונדזערע הענט. הערסט? זיי ווילן פון מיר פּטור ווערן, זיי האָבן עס מיר אַליין אָפן געזאָגט.

"און אויך מיר פון זיי — האָט אַנאַ אַ פריידיקע אָפּגעענטפערט, אויך מיר פון זיי".

* * *

אויסנעמלעך איז געווען זיין אויפפירן זיך נאָכן אָנקומען אין לאַנד. ווי אַ פייער־פאַקל האָט ער זיך געטראָגן פון אָרט צו אָרט, געוואָלט אַלץ זען, איינזאַפּן אין זיך, פאַרשטיין מיט האַרץ און מוח דעם פאַרווירקלעכטן חלום. ער האָט אויך זיינע ברידער פון "דאָרט" נישט פאַרגעסן. ווו נאָר אַ פּראָטעסט־אַקציע איז איגאָר געווען, געהאַלטן פלאַמיקע רעדעס, געפירט הונגער־שטרייקן.

ס'איז געווען אָנהייב אָוונט. דער הימל־דעק איז געלעגן אָן אויסגעשטערנטער, ווי עס וואָלט אַ געניטע האַנט אַזוי צעזייט ליכטיקע קערנדלעך, דאָ אַ ביסל, דאָרט אַ ביסל, ערגעץ־ווו דוכגעלאָזט, און אויף אַ צווייט אָרט — צו געדיכט זיי אויסגעשיט.

איגאָר און אַנאַ זענען געזעסן אויף דער וועראַנדע פון זייער שטוב און האָבן נישט אָנגעזעטיקט זיך פון קוקן אויף די גליל־בערג, וואָס האָבן אָקאָרשט אָרויפגעצויגן אויף זיך טונקל־בלויען נאַכטיקן סאַמעט, ווי אַזעלכע לויזע, פּריצישע פּעלערינעס.

"דער טאַטע מיינער איז, ווי דו ווייסט עס שוין, געווען "דאָרט" אַ פּאָל־קאָווניק אין אַ טאַנקיסטן־איינהייט. בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה, דערגאַנגען ביז בערלין, און אין טאָג, ווען די שלאַכטן האָבן אויפגעהערט, איז ער שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן, דערנאָך אַ סך געקרענקט ביז ער איז געשטאָרבן".

איגאָרס בליקן זענען צוגעפאַלן צו די נישט ווייטע בערג־שפּיצן, צו דער צעוואָרפענער ליכט־שיין אויף זייערע צעהויקערטע פּלייצעס און איינגעגראָבענע אין טיפע טאָלן, ווי איבערגעלאָפענע, צעגאָסענע סאַזשעלקעס.

אַנאַ האָט פאַרשטאַנען אַז איגאָר צילט צו עפּעס מיט זיין געשפּרעך, איז זי געזעסן אַ שווייגנדיקע און זיך צוגעהערט. פון צייט צו צייט האָט זי אַזוי זייטיק געקוקט אויף איגאָרן, באַמערקט די צעפינקלטע אויגן זיינע, דאָס צעשטראַלטע פּנים.

"איך האָב אָנגעהויבן צו טאָן, אַנאַ, האָט ער איבערגעריסן דאָס שווייגעניש, מען זאָל מיך וואָס שנעלער אַריינציען אין מיליטער־דינסט, וואָס איך דאַרף סיי

ווי דורכמאַכן. איך האָב געבעטן מיך צוטיילן צו אַ טאַנקיסטישער איינהייט. מען האָט מיר צוגעזאָגט נאָכצוקומען מיין בקשה".

איגאָרס בליקן האָבן געשלאָגן מיט וואַרעמקייט, האָבן אפשר געוואָרט אַז אַנאַ זאָל מיט פרייד זיי אויפנעמען. אָבער גראָד אין דער רגע האָט אַנאַ מיט ביידע הענט געהאַלטן אַרומגענומען איר אויפגעגאַנגענעם בויך, איז געווען אַזוי אָנגענעם איבערראַשט פון גערודער וואָס זי האָט געשפּירט אין קערפּער, אַז זי איז גרייט געווען אים צו זאָגן: נו, גוט, איגאָר, ווען אַזוי איז דיין באַגער. איך וועל נישט בלייבן אַליין אין שטוב, און דו וועסט האָבן נאָך עמעצן, נאָך וועלכן עס וועט זיך דיר בענקען און גלוסטן אַהיימצוקומען...

* * *

——— די שטילקייט אין שטוב איז געווען אַ קברדיקע, אַ תהומדיקע. גלילהלע איז שטיל און רויק געשלאָפן אין בעטעלע, מען האָט כמעט ווי נישט געהערט איר אָטעם.

אַנאַ האָט פּלוצלונג זיך אַ הייב געטאָן פון שטול, איז אַריין אין צווייטן צימער, האָט אַ בליק געטאָן צום קינד, איבערגעבויגן זיך און מיט די ליפּן לייכט אָנגערירט גלילה'לעס שטערנדל. פון דאָרט האָט זי זיך אַוועקגעלאָזט צו אַ שופלאָד, אַרויסגענומען אַ בינטל בילדער און אומגעקערט זיך צוריק צו איר פריערדיקן זיץ־אָרט.

אָט שטייט ער מיט צעשפּרייטע באַהאָרטע הענט איבערן פראָנט פון זיין טאַנק, די לאַנגע לופּע, ווי אַן אויסגעצויגענע העלפאַנט־נאָז, פאַרדעקלט זיין צעפּאַטלטן קאָפּ־האָר. זעט אויס ווי אַ זיגער נאָך אַ גרויסער שלאַכט. אַ שטראַלנדיקער און ווי ער וואָלט זיינע ביידע הענט אַזוי געשפּרייט איבערן גאַנצן רוים, ווי אַלץ וואָלט פאַר אים אַזוי געשטאַנען אָפן, פריי.

אַנאַ האָט איבערגעקערט דאָס בילד און שוין צום ווייפלטן מאָל דאָרט געלייענט:

——— אַנעטשקאַ, טייערינקע. דו גלייבסט מיר? איך בין ניי געבאָרן און כ'צייל די ערשטע טעג פון מיין אָנהייב־־לעבן. נאַיוו? קינדישע רייד? זאָל זיין! איך ווייס טאַקע נישט מיט וויפל איך בין עלטער פון אונדזער לילעטשקע. אָבער זי וועט אונדז מעגן מקנא זיין. ווייל איך און דו, ביידע האָבן מיר געוווסט פריער פון אַן אַנדער לעבן, און פאַר דעם זענען מיר אין שטאַנד אָפּצושאַצן דעם טעם, דעם זין פון אונדזער הייגט...

* * *

——— בלויז אַ פּאָר חדשים איז אים געבליבן צו פאַרענדיקן דאָס מיליטער־דינסט. געדאַרפט שוין באַלד זיך באַפרייען און אַהיימקומען, און דאַן...

אומגעריכט איז עס געקומען. אין גאַנצן נישט פאַרויסגעזען. אַליאַרמען פון סירענעס, וועגן, פאַרפולטע מיט מאָביליזירטע. שווערע שלאַכטן אויף די פראָנטן, קרבנות. אין הינטערלאַנד — האָפענונג און ציטער. מען טרייבט פון זיך יעדע בייזע מחשבה. מען וואַרט אויף אַ גוטער ידיעה, אויף אַ פאַרשפּעטיקט בריוועלע פון די ערשטע מלחמה־טעג, און דערנאָך, אַז מען הערט נישט גאָר נישט., שרימפּט צו ביסלעך איין די האָפענונג און טרעט אָפּ איר פּלאַץ צו פאַרבאָרגענעם פּחד. יעדער אָפּקלאַנג פון פרעמדע טריט אויף די הויז־טרעפּ, יעדער שאָרך פאַר דער טיר, יעדער פרעמדער באַוועג אין דרויסן — רייסט אויס שטיקער האַרץ. מען וויל נישט גלייבן אין ערגסטן און מען שטעלט עס זיך פאָר אין אַלע שרעקלעכסטע אופנים.

ניטאַ עסטרייך, אַ יונגע באַחנטע סאָציאַל־אַרבעטערין, איז געבעטן געוואָרן אַנצובינדן קאָנטאַקט מיט אַ יונגער עמיגראַנטין, אַ מאַמע פון אַ פּיצל קינד, וועמעס מאַן עס איז געפאַלן אין ערשטן טאָג פון דער פּלוצלינדיקער און גרויליקער מלחמה. אין איר נאָטיץ־ביכל האָט זי פאַר זיך פאַרנאָטירט עטלעכע באַקומענע פּרטים: ״דער טאַנק, אַנגעפירט דורכן זעלנער איגאָר שולמאַן, האָט עקשנותדיק אויפגעהאַלטן דאָס אַריינדרינגען פון די פיינטלעכע כוחות אויף זיין אָפּשניט, אָבער נאָך אין זעלבן טאָג איז דער טאַנק געטראָפן געוואָרן פון אַן אַנטי־טאַנק ראַקעטע און איז אויפגעגאַנגען אין פלאַמען. מינדלעך האָט מען איר נאָך צו־געגעבן, אַז די גאַנצע מאַנשאַפט, אַ פאַרברענטע אין טאַנק, איז געבליבן אין שטח פון פיינט.

אין אוניווערסיטעט ווו זי האָט געלערנט, איז ניטאַ עסטרייך געווען פאַר־רעכנט צו די אויסגעצייכנטסטע סטודענטן. אין טאָג, ווען זי האָט זיך געקליבן מאַכן איר ערשטן באַזוך ביי אַנאַ שולמאַן, האָט זי, אין זכרון, גענומען צו הילף די דורכגעאַרבעטע פאַך־ליטעראַטור, געוואָלט זיך דערמאָנען אין מעטאָדעס אוןביישפּילן פון האַנדלונגען אין ספּעציעל שווערע סיטואַציעס. צו איר גרויסער שטוינונג איז סיי דאָס געלערנטע און געלייענטע, און סיי איר טעגלעכע פּראַקטישע אַרבעט אויסגעקומען פּלוצלונג עפּעס אַזוי אַנדערש, אַזוי נישט אָנווענדיק אין דעם פאַל, מיט וועלכן זי דאַרף זיך אַצינד פאַרנעמען.

עס האָט שוין געמוזט זיין אַ זייגער ביין אין אָוונט, ווען ניטאַ האָט צום ערשטן מאָל געעפנט די טיר ביי אַנאַ שולמאַן. אַנאַ האָט כמעט ווי נישט אומ־געקערט דעם קאָפּ צו איר, געמיינט אַז ס׳איז נאָך איינע פון די וואָילטעטיקע, גוטהאַרציקע פרויען, וועלכע קומען אין די טעג אַריין צו איר, זעצן זיך אַוועק, רעדן אַ ביסל נאַרישע אָדער סתם־רייד, און שאַרן זיך אַרויס אַזוי שטיל, ווי זיי באַווייזן זיך.

נישט געקוקט דערויף האָט ניטאַ צו מאָרגנס ווידער באַזוכט אַנאַ שולמאַן, און נאָך דעם געקומען אָפּטער צו איר, געפירט זיך מיט איר ווי מיט אַ פריש דערוואָרבענער באַקאַנטער, וואָס איז בסך הכל עלטער פון איר מיט אַ צוויי־

דריי יאָר. נאָך עטלעכע וואָכן, האָט ניטאַ אַרויסגעפילט, אַז כמעט שטענדיק וואָרט שוין אַנאַ אויף איר קומען.

אין איינעם אַן אָוונט זענען זיי ביידע געזעסן ביי אַנאַ׳ן אין שטוב, די צימערן גוט אָנגעוואַרעמט, און האָבן געטרונקען קאַווע, אַזאַ ווי ניטאַ האָט ליב, און אַנאַ האָט עס ספּעציעל פאַר אירעטוועגן אויפגעקאָכט.

אַנאַ האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טיש און אַריבערגערעדט צו ניטאַ׳ן:

„איגאָרס מוטער באַזוכט מיך יעדן טאָג. מיר קאָנען אָפּזיצן שעהען און גאָרנישט ריידן צווישן זיך, עפּעס ווי אַ וואַנט, אַ מויער וואָלט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן אונדז, אָבער קיין מאָל וועט זי ניט אַוועקגיין פון מיר נישט צו זאָגן עפּעס וועגן ביטערן גורל פון אַ קינד, וואָס האָט ניט קיין טאַטן, און וועגן דעם ווי שווער עס איז פאַר אַ מאַמען צו כאָוועו אַ יתום״.

און נאָך אַ ווײַלע האָט זי צוגעגעבן:

„עפּעס בין איך באַזאָרגט פון אירע רייד. זיי זעען מיר אויס צו האָבן אַ ציל, ניטאַ. וויסטע געדאַנקען פּלאָגן מיך, איך בין אָפּט מאָל ניט אין שטאַנד זיך צו באַפרייען פון זיי. איך זע אין חלום אויך אויף דער וואָר, ווי מען רייסט זיך אַריין אין מיין שטוב און מיט גוואַלד נעמט מען ביי מיר אַפּ מיין קינד״.

„אָ, דאָס איז שוין איבערגעטריבן, אַנאַ. ס׳איז גענוג אַז אַ ווילד טראַכטעניש זאָל זיך באַזעצן ערגעץ ווו אין אַ מוח־קעמערל, און גלייך זאָלן זיך שאַפן ניט־געשטויגענע חלומות און זעעונגען״.

* * *

אַ שטאַרקער רעגן האָט געגאָסן פון אין דער פרי אָן און נישט אויפגעהערט צו וואַשן די הייזער, די וועגן, געצוואָגן די אַרומיקע בערג פון גליל, וועלכע מען האָט כמעט ווי ניט אַרויסגעזען, ווייל געדיכטע וואָלקנס האָבן זיך אויסגע־פּאַרעט אויף זייערע ברייטע פּלייצעס און אַלץ פאַרשטעלט.

ניטאַ עסטרייך איז געווען אַליין אין ביוראָ, ווען אַנאַ, אין גאַנצן אַ דורכגע־ווייקטע, האָט פּלוצלונג געעפנט די טיר. עס איז זי כמעט ווי ניט געווען צו דערקענען. די אויגן — אַריינגעפאַלן, די האָר — צעשויבערט, און די ליפּן, אַזעלכע בלויע, ווי עס וואָלט פון זיי אַוועקגעקומען דאָס בלוט. אַנאַ׳ס געטאָקטע, פיין געשניצטע נאָז האָט אויסגעזען, ווי אַזאַ דין וואָרענונג־פּאַסיקל, וואָס הענגט כמעט אין דער לופט און האַלט ביי אַראָפּפאַלן.

ניטאַ האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנט און אַ פרעג געטאָן: וואָס האָט פּאַסירט ?

זיצנדיק באָענט, איינע לעבן דער צווייטער, האָט אַנאַ דערציילט ניטאַ׳ן וועגן באַזוך פון איגאָרס מוטער ביי איר דעם פאַרגאַנגענעם אָוונט. „ווען דו וואָלסט געווען מיט אים אַ ביסל צוריקגעהאַלטן — האָט זי איבערגעחזרט וואָרט נאָך וואָרט דער שוויגערס רייד — וואָלט ער אפשר נישט אַזוי געריסן זיך צו זיין

אומעטום דער ערשטער, דער אַזוי איבערגעגעבענער און היציקער. איגאַר האָט געדאַרפט מען זאָל אים אַ ביסל האַמעווען, נאַר אַ פּרוי האָט עס געקאָנט טאָן".

אויף אַנאַ'ס ליפּן האָבן זיך אויסגעבלעזלט טראָפּנס ווי וואַסער וואָס זידט אויף פייער. זי האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ פון ניטאַ'ן און ווי צו זיך אַליין גערעדט: איגאַר איז בלויז איין מאָל אומגעקומען, און איך, איך שטאַרב צען מאָל אין טאָג, צען מאָל אין טאָג קום איך אום...

* * *

ניטאַ עסטרייך האָט מאָביליזירט אָן אַ שיער מיטלען כדי צו העלפן אַנאַ'ן גובר זיין אירע פּחדים וועגן צונעמען ביי איר דאָס קינד. זיי זענען אָבער ניט געווען גענוג שטאַרק, כדי צו דערווייטערן די שרעק פון איר. פון מאָל צו מאָל האָט פּאַסירט, אַז אַנאַ אַליין האָט ווי אויפגעוואַכט, געוואָלט זיך באַפרייען פון קאָשמאַר, אָבער דער דאַזיקער ווילן האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן.

— "מיר גייען נישט מער צוזאַמען, האָט אַנאַ איין מאָל איר אַ זאָג געטאָן, נישט מער צוזאַמען. איך זע זיך, ווי איינער, וואָס טרינקט זיך אין ים און ווייסט און פילט, אַז קיין שום וועג איז פאַר איר נישטאָ מער צוריק צום ברעג, קיין שום וועג".

ניטאַ האָט אויפגעשוידערט. עפּעס האָט זי אַרויסגעפילט, אַז מיט די אַ ווערטער געזעגנט זיך אַנאַ אָפּ מיט איר, גייט אַוועק אין גאַנצן צום נישט רעאַלן. זי האָט געווישט דעם שווייס אויפן שטערן און זיך געשעמט פאַר די טרערן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן.

——— נאָך אַ שטיקל צייט האָט אַנאַ קיינעם מער אַ חוץ ניטאַ'ן נישט צוגעלאָזט צו זיך. אָבער, דעמאָלט זענען שוין אויך ניטאַ'ס רייד כמעט ווי נישט דערגאַנגען צו איר.

ביז... ביז די מערכה האָט זיך דערנענטערט צו איר סוף. עס האָבן זיך איבערגעריסן די לעצטע פעדים, וואָס האָבן נאָך אַנאַן געבונדן מיטן אַרום, און זי איז ווי פאַרטראָגן געוואָרן אין ווייטן, האָט ניט געהאַט מער קיין שום שייכות מיט די ממשותדיקער וועלט און אויך ניט מיט קיינעם אַרום זיך.

## זיאַמע טעלעסין

### קאַטיושאַ

אָט די שיינע ליד "קאַטיושאַ" —
ווי זי קומט נאָר אויפֿן זינען,
טוט זיך אָפּ פֿון מיר די רו שוין,
כ'קען קיין אָרט זיך ניט געפֿינען.

גלייך דערזע איך פֿאַר די אויגן
די פֿאַרבלויטע אינדערפֿריען
אונטער הויכן רעגנבויגן
ווו די עפּלביימער בליען,
ווו די באַרנביימער בליען,
ווו אַ שורה ווילדע ענטלעך
טוט איבערן טייך זיך ציען.

היינט דער טייך, ער איז פֿאַרהאַנגען
מיט אַן אומבאַוועגלעך רויכל.
קאַטיע איז אַרויסגעגאַנגען
צו דעם שיפּן ברעג דעם הויכן.

כ'האָב געזאָגט "אַרויסגעגאַנגען"..
ריכטיקער — אַרויסגעשוווּמען
ווי אַ פּאַווע אין אַ לאַנגן
סאַראַפֿאַן אין בונטע בלומען —

אינעם פֿאָלקסטימלעכן נוסח,
וואָס ניט יעדערער קען נאָכטאָן.
אויפֿן קאָפּ די צעפּ די רוסע
אין אַ קרוין צענויפֿגעפֿלאָכטן.

אָט אָ שטייט זי, אָט אָ גייט זי
צו דעם טייך זיך דורכשפּאַצירן,
אַ האַרמאָניקע באַגלייט זי
טראָט באַ טראָט אין וועג אין אירן.

הײנט די ליד אירע די שײנע
האָט געהילכט אויף אַלע װעגן.
יעדערער פֿון אונדז פֿלעגט מײנען,
אַז זי זינגט פֿון זײנעט װעגן.

צי געװען ביסטו, קאַטיושאַ,
אויפֿן הויכן ברעג פֿון זושאַ?

מײן זכרון נעמט זיך שלײכן
צװישן די מלחמה־רעדער...
אָט דערזע איך יענעם טײכל
אין דער געגנט פֿון די סעדער,
װוּ דער פֿראָנט האָט זיך געצױגן —
אין דער קרום פֿון "קורסקער בױגן".

שװאַרץ פֿאַרברענטע עפּלבײמער,
שװאַרץ פֿאַרברענטע באַרנבײמער,
פּוסט און װיסט, ניטאָ דאָ קײנער,
אַזאַ פּחד, אַזאַ אימה...

ס'ליגט די ערד אין טויטן ציטער,
אומעטום נאָר קברים, קברים...
פֿון אונטער אַ מינען־שפּליטער
קריכט אַרויס אַ מתים־װאָרעם.

אויסגעשרפֿעט איז די לאָנקע,
ס'פֿליט די בין ניט נאָכן האָניק.
קײנעם זעט מען דאָ נישט בלאָנקען
און מע הערט ניט די האַרמאָניק.

אַלץ דער טויט האָט צוגענומען,
צוגענומען, אויסגעדונגען.
בלויז דער ניגון אויפֿן גומען,
בלויז קאַטיושאַ איז געקומען
אין דער ליד, װאָס כ'האָב געזונגען
בײ דעם פֿלעמעלע דעם מאַטן,
װען דאָס קאַנעצל פֿלעגט צאַנקען,
אין דער טונקעלער זעמליאַנקע
מיט די רוסישע סאָלדאַטן.

אוי, דו שיינע ליד ״קאַטיושאַ״,
די מלחמה אויף דער זושאַ!

וויפל צייט שוין ווי מיר האָבן
ניט געהאַט דעם פולן אָטעם.

אויפן הויכן ברעג, אין גראָבנס —
אַ פּאַרטייעטע, מיין ראָטע.

אויף דעם פלאַכן ברעג דעם צווייטן —
אַ געקנויל פון שוואַרצע רויכן,
די מחבלים דאָרט זיך גרייטן
צונעמען דעם ברעג דעם הויכן.

די געקנאַלן אונדז פאַרטויבן
אין די זאַמדיקע אָקאָפּעס.
פּרווו דעם קאָפּ אַרויסצוהויבן —
ווייסט ניט וויסן ווו דיין קאָפּ איז.

גיי און שריי דאָ חי וקיים
אין דער דאָזיקער מהומה...
פּלוצים איז אין רעכטן פייער
די ״קאַטיושאַ״ אָנגעקומען, —

ניט אָט די אין שיכלעך ענגע
אויף די שטאָטישע אָפּצאַסן,
ניט אָט די אין בונטע סטענגעס,
וואָס צום פּנים שטאַרק איר פּאַסן,

ניט קיין ברייטע פּאַלבן־שטראָמען
פון די אַרבל די באַשפּיצטע —
נאָר אָט די, וואָס טראָגט איר נאָמען,
אונדזער רעטערן איז איצטער.

ווי זי האָט אַ בליץ געגעבן,
ווי זי האָט אַ הילך געגעבן
און געמאַכט זיי יענעם לעבן,
זיי, וואָס זיינען קעגן איבער
אין די בעטאָנירטע גריבער.

הילכן אונדזערע קאַנאָנען,
אַז אין פולן פראַכט אין אירן
ווידער זאָל קאַטיושאַ קאָנען
אויפן הויכן ברעג שפּאַצירן, —

אויף דער זושאַ, אויף דעם פּריפּעט,
אויף דעם ברייטן דניעפּ דעם גרייזן,
אַז עס זאָל די ברוינע קליפּע
סיי אין ווייַנאַכט, סיי יום כיפּור
אויף דער וועלט זיך מער ניט ווייזן.

אוי, די רוסישע קאַטיושאַ, —
ס'ברענט דאָס פּנים מיר פאַר בושה ...

דו, וואָס האָסט דורך טויטן זיבן
אונדז אַ דורכגאַנג דורכגעבראָכן
(אויך אויף מיר מיט בלוט פאַרשריבן
איז דער רוסישער נצחון), —

זאָג נאָר ווער געצוווּנגען האָט דיר
אונדזער אמת זאָלסט פאַרראַטן?
אויפן ווייסל, אויפן אָדער,
מיר, פון יושר די סאָלדאַטן,
האָבן דען ניט אויפגעפאָדערט
יענע לייט פון אַלדאָס שלעכטן
צו דעם משפּט דעם גערעכטן?

דו, וואָס האָסט מיט מיר צוזאַמען
יענעם גרויסן זיג געפייערט, —
צינדן איצטער דייַנע פלאַמען
מייַנע גאַרבן מיטן שייער.

דו באַווייַזט זיך איצטער פּלוצים
אין אַ פעלזיקן צעווישן, —
מייַנע פרידלעכע קיבוצים
ווער האָט דיר געשיקט באַשיסן?

מיינע דערפער און פּרדסים
מיט אַזויפיל מי און פּלאָגן
האָט מיין פֿאָלק זיי אויסגעטראָגן, —
ווער האָט דיר אַזוינס געהייסן:
פֿון דער ערד אַראָפּצוטראָגן ?!

זאָג, ווי האָט זיך עס באַקומען —
דו זאָלסט קומען אונדז פֿאַרניכטן ?
אויף אַזעלכע זאַכן קרומע
ווער האָט דאַן געקענט זיך ריכטן,

ווען אונטערן רויטן שטערן
כ'האָב געוואָרפֿן זיך אין פֿייער,
און "זאַ ראָדינו !" כ'פֿלעג שרייען —
ביז דער אָטעם פֿלעגט מיר סטייען —
ווער געקאָנט האָט דעמאָלט קלערן
אַז סע פֿרעסט זיי אויף די שנאה
זיי וואָס קענען ניט פֿאַרגינען
אונדז די אייגענע מדינה ?

און צום סוף מיר ווילט זיך זאָגן:
כ'דאַרף ניט מערער קיין פּרושים —
ביסט ניט ווערט דעם נאָמען טראָגן
פֿון דער אמתער קאַטיושאַ,

וואָס זי איז אַרויסגעגאַנגען
אויף דעם הויכן ברעג דעם שיפֿן.
איר אַ דאַנק פֿאַר די געזאַנגען
פֿונעם האַרצן פֿונעם טיפֿן.

אָנגעשריבן אין די טעג
פֿון דער יום־כּיפּור־מלחמה.

**זאב עדרי**
(וולאַדיסלאַוו באַנק)

# פיר קאַסקן אין מדבר

(פון בוך "אחיות וחיילים")

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. ווייט אויפן האָריזאָנט האָט דער שמאָלער אָפּגלאַנץ פון דעם גאָלדיק אָראַנזשענעם הימל אַנגעהויבן פאַרשווינדן. עס האָבן זיך אויסגעלאָשן דאָס ליכט אין די הייזער, שטאַלן און אין די באַראַקן מיט די הינערשטייגן.

דער הינקענדיקער אַבטליון האָט מיט אַ צעצויגענער שטימע גערופן: "דאָ איז הג"א! אויסלעשן דאָס ליכט, אויסלעשן!" ער האָט דאָס געשריגן מיט אַ קול, פּונקט ווי ער וואָלט געשטאַנען ביי זיין שטעל מיט גרינצייג. הינקענדיק האָט ער אַריינגעקוקט אין יעדן הויף, סיי פון דער פאָדערשטער זייט און סיי פון הינטן. צייטנווייז געלויבט די גוטע פאַרמאַסקירונג, אָבער נישט איין מאָל געצאָרנט: "עס איז מלחמה, מלחמה!" — האָט ער געשריגן. גייענדיק, האָט ער זיך געשאָקלט אין דער זייט פון דעם לאָמען פוס. בלויז די פּיאות האָבן זיך ריטמיש באַוועגן, פּונקט ווי זיי וואָלטן נישט רעאַגירט אויף אַבטליונס פאַרלוירענעם גלייכגעוויכט.

נאָך אים איז טריט נאָך טריט געגאַנגען, ווי אַ שאָטן, אַ יונגער מאַן. זייער פאַרזיכטיק. געבליבן שטיין אויף אַ מינוט, אָבסערווירנדיק יעדן טראָט פון דעם הג"א־מאַן. ווען עס איז געוואָרן אין גאַנצן פינצטער, האָט ער זיך פאַרלאָזט בלויז אויפן געהער. עס איז געווען מאָדנע, וואָס אַלע הינט אין דעם דאָרף האָבן געשוויגן, פּונקט ווי זיי וואָלטן פאַרלאָרן דעם חוש הריח און די פילבאַרקייט.

ווען אַבטליון איז אַריבערגעגאַנגען הינקענדיק צו דער צווייטער זייט פון דעם ישוב, האָט דער יונגער מאַן מיט פאַרלייכטערונג אָפּגעאָטעמט.

אָן שום רעש האָט ער געעפנט די פורטקע און, צוגייענדיק בענטער צו דעם פּאַרטער־הויז, האָט ער אָנגעהויבן זיך צוהערן. דורך דעם שליסל־לאָך האָט זיך אַרויסבאַקומען אַ שטראָמל ליכט. די פענצטער פון פאָרנט זענען געווען פאַרמאַכט און פאַרדעקט. ער איז געגאַנגען הינטן אַרום און דאָן האָט זיך אָפּגערופן דער הונט, וואָס האָט פריידיק באַגריסט דעם יונגן מאַן, אים געשפּרונגען אין פּנים און געלעקט מיט אַזאַ אימפּעט, וואָס האָט אים שיעור נישט אומגעוואָרפן פון די פיס. ער האָט דעם הונט אַ גלעט געטאָן איבער דער מאָרדע, זאָגנדיק מיט אַ צערטלענדיקער שטימע: "שטיל, לילית, בלייב שטיל!".

פון דער זייט פון דעם גערטנדל איז דאָס פענצטער מיט דער געדיכטער נעץ געווען לייכט צוגעשלאָסן. ער איז אַריבערגעשפּרונגען מיט איין מאָל דעם פּאַראַ־פּעט און אַריינגעדרונגען אין שלאָף־צימער. אַלע בעטלעך זענען שוין געווען פאַנאַנדערגעשטעלט. ער האָט באַמערקט, אַז זיין בעט איז ערגעץ פאַרשוווּנדן. יאָ, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — דאָס געלעגער איז נישטאָ. אייגנטלעך, צו וואָס ? אין מיין לאַגע״ . . .

דורכגייענדיק צווישן די פאַנאַנדערגעשטעלטע גראַטעס האָט ער זיך געלאָזט צו דער קיך און געבליבן שטיין אויף דער שוועל. אַ פרוי פון נידעריקן וווּקס מיט אַ ברוין פּנים האָט געקאָכט קאַווע. איר פּנים איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ באַבלימלטער שאַל און אַ שוואַרצער באַנד פון זאַמש האָט אַרומגענומען דעם שטערן. זי האָט געמישט מיטן לעפל אין דעם טעפל און אירע ליפּן האָבן זיך לייכט באַוועגט. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט גערעדט צו זיך אַליין. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט שאַפנדיק אַ קאָנטראַסט מיט דער מאַטקייט פון אירע באַקן. אויף די פינגער און ציין זענען געווען קענטיק סימנים פון רויכערן פּאַפּיראָסן.

אין דרויסן האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער גערויש פון אַן עראָפּלאַנען־עסקאַדרע. אויף די פּאַליצעס האָבן זיך צעקלונגען די טעלער מיט די גלעזער. דער פליסטער פון דער פרוי איז געוואָרן אַלץ העכער. ציטערנדיק אין גאַנצן האָט זי אויפגעהויבן די אויגן צו דעם סופיט.

דער מאַן איז געשטאַנען אין שיין פון עלעקטרישן לעמפּל. דאָס איז געווען אַ יונגער בחור, קורץ־געשוירן ווי אַ זעלנער.

— מאַמע — האָט ער אויסגערופן און אַרומגענומען די פרוי, האַלטנדיק מיט איין האַנט איר קאָפּ. זי האָט אָנגעהויבן וויינען, טוליענדיק זיך צום זון האָט זי געקלאָגט אויף אַ קול.

— דו ביסט געוואָרן אַזוי גרויס, אַ גאַנצער מאַן. גוט וואָס איך זע דיך. איין זון נאָכן צווייטן ווערט פאַרשוווּנדן און עס איז נישט באַוווּסט ווען זייערע ביינער וועלן זיך אָפּגעפינען. אָבער . . . וואָס טוסטו דאָ ? — זי האָט אָנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן און אים גענוי באַטראַכט. אויף איר פּנים האָט זיך ווי באַוויזן אַ שאָטן. די ווינקלען פון דעם מויל האָבן אָנגעהויבן ציטערן, אַזוי ווי פאַרבאָרגנדיק אַ לייכטן שמייכל. אין אַ רגע אַרום האָט זיך זיך באַהערשט.

— איך וועל דיר געבן באַקלאַזשאַנעס. איך האָב פריש געמאַכט אַביסל חומוס

— זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום טעפל, ווו עס האָט אָנגעהויבן קאָכן די קאַווע.

— מאַמע, איך טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט. די ווייסט דאָך, אַז יעדע מינוט קען מען קומען נאָך מיר. מען וועט מיך זוכן. סיי ווי האָט מען מיך געהאַט אויפן אויג.

די פרוי מזל האָט פאַרבראָכן מיט די הענט און אָנגעהויבן קנייפּן די באַקן:

— דו ביסט אַנטלאָפן ?

— יאָ, מאַמע. אָבער איך וויל גיין צום דרומדיקן פראָנט. איך וועל אַהין

קומען פאַר יעדן פּרייז, קעמפן און אַראָפּנעמען פון זיך די שולד. ווען אפילו מען וועט מיר נישט וועלן מוחל זיין.

— ווער דאַרף דיך דאָרט האָבן. אפשר בין איך אַ נאַרישע פרוי, אפשר פאַרשטיי איך נישט. איך ווייס אָבער גוט, אַזעלכן ווי דו נעמט מען נישט. נעכטן איז מען געקומען נאָך חיימען, מאירן האָט מען גענומען היינט פון דער גאַס, ער איז אפילו געפאָרן אָן אַ מונדיר. חיים איז געשטאַנען אויפן טראָטואַר און געוואַרט אויף זיי.

אָסף האָט מיט אַ קינדערשן בליק אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, נאָך דעם אַ שפּרונג געטאָן צו דער שאַפע, וווּ ער האָט געפונען דעם ברודערס הויזן, שטיוול און אַן אויסגעריבענעם רוקזאַק.

— מאַמע, גיב מיר זייף, אַ האַנטעך און אַ לייבל — יאַללאַ!

ער האָט זיך געשטעלט אונטערן טוש. אַ פאַרשטעלטער מיט אַן אָפּגעריבענער צעראַטע, האָט ער זיך געפילט זיכערער. זיך געפּלוסקעט אונטערן שטראָם וואַסער און פאַרשידענע געדאַנקען זענען אים געקומען אין קאָפּ.

אין אַ רגע אַרום האָט ער דערהערט ווי הינטער דער צעראַטע איז געבליבן שטיין זיין מוטער. זי האָט געהאַלטן אַ האַנטעך אין דער האַנט.

— מאַמע — וואָס מאַכט די דזשינדזשי? וואָס הערט זיך ביי איר?

פרוי מזל האָט גאָרנישט געענטפערט. זי האָט זיך געוואַקלט, נישט וויסנדיק וואָס צו זאָגן. דער זון, ווישנדיק זיך מיטן האַנטעך, האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

— אַ נאַרישע פראַגע — האָט זי אַ זאָג געטאָן אונטער דער נאָז. — סיי־ווי־סיי ווייסן אַלע און מן־הסתם האָסטו שוין אויך געהערט די רכילות.

— דזשינדזשי איז שוואַנגער — האָט אַ זאָג געטאָן מזל מיט אַ געדעמפּטער שטימע. איר מוטי איז געוואָרן מאָביליזירט און דו דאַרפסט זי פאַרגעסן.

— וועלכער מוטי? — ער האָט דערפילט ווי אַ הייסע כוואַליע האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים. וועלכער — האָט ער איבערגעחזרט די פראַגע.

— דער זון פון דעם וועטערינאַר. צוליב וואָס פרעגסטו? די ווייסט דאָך סיי־ווי וועגן אַלעמען — האָט די מוטער אָפּגעענטפערט.

— אַזוי, אַזוי, נישט געוואַרט — האָט מיט אַ הייזעריקן קול אַ זאָג געטאָן אָסף. פרוי מזל האָט געשוויגן און נאָך דעם אַ זאָג געטאָן:

— זי האָט סיי־ווי פאַר דיר נישט געפּאַסט און איבעריקנס, נאָך דעם פאַל. דו ווייסט דאָך...

אָסף האָט מיטן גאָפּל פאַנאַנדערגענומען די געקאַכטע אין אַ האַרבן סאָוס באַקלאַזשאַנעס. ער האָט גיריק געגעסן, צוגערוקט צו זיך דעם טעלער מיטן חומוס, איינגעטונקען די פּיטע און אָפּגעביסן. עס האָט אים געשמעקט. "וואָס פאַר אַ חומוס!" — האָט ער אַ זאָג געטאָן, פילנדיק דאָס אָנגענעמע ברענען אין דעם גומען.

אין גרויס איילעניש האָט ער געענדיקט דעם מאָלצייט, אַריינגעוואָרפן אין דעם רוקזאַק דעם האַנטעך, די איינגעוויקלטע אין אַ צייטונג זייף און אַן אַלט

העמד. אָנפילנדיק די פעלד־פלאַש האָט ער געפרעגט: נו, און ווו געפינען זיך איריס און יפת? וואָס טוען זיי?

— פון אָנהויב פון דער מלחמה זע איך זיי זעלטן אין דער היים. זיי לויפן אַרום מיט דער הג״א, זאַמלען מתנות פאַר די חיילים. דער שטיף־פאָטער נעכטיקט אין דעם פאַבריקל. ווייל עס איז נישטאָ קיין פאַרקער־מיטלען און ער קען נישט פאָרן אַהין און צוריק. ווי דו זעסט, בין איך געבליבן אַליין. חייה איז אָקאָרשט געלאָפן צו דער שכנה וואָס האָט קליינע קינדער, זי העלפט איר.

— ס'איז שוין צייט, מאַמע. דערצייל קיינעם נישט, אַז איך בין געווען אין דער היים, קיין פאַרע פון מויל. זיי וועלן מיך זוכן. אָבער דו ווייסט פון גאַר־נישט. ווען איך וועל קומען פון דער מלחמה, וועט אַלץ זיין אַנדערש. דו וועסט זען.

שפרייזנדיק מיט זייטיקע סטעזשקעס איז אָסף אַרויסגעגאַנגען אויף דעם שאָסיי, וואָס פירט קיין באר־שבע. נישט קוקנדיק אויף דער פאַרטונקלונג איז די באַוועגונג געווען אַ גרויסע. עס זענען פאַרבייגעפאָרן פריוואַטע און לאַסט־אויטאָס. אסף איז געבליבן שטיין ביי דער קרייצונג פון דעם וועג און באַזונדערס זיך צוגעקוקט צו די לאַסט־וואָגנס, מיט וועלכע עס זענען געפאָרן חיילים. ער איז געשטאַנען אין אַ לייכטער פאָזע מיטן רוקזאַק אין דער האַנט און אָפגעשאַצט יעדן טראַנספאָרט.

אומאַנטשלאָסן האָט ער זיך געלאָזט גיין פאָרויס, געבליבן שטיין ביי אַ פונקט, ווו אַ טראַנספאָרענט האָט מיט גרויסע, בלויע בוכשטאַבן גערופן די זעלנער עפּעס איבערצובייסן. אייניקע דאַמען, שמעקנדיקע מיט פערפומען, האָבן פאַרטיילט קליינע סווועניִרן. ער איז צוגעגאַנגען נעענטער. עמעצער האָט אים געגעבן אַ פיין פאַרפאַקט פּעקל. פון דעם טישל האָט מען אים צוגערוקט אַ טעפּל הייסע קאַווע. ער האָט געדאַנקט מיט אַ ליבן שמייכל און אַליין געוווּנדערט זיך, ווי אַזוי ער פירט זיך אויף. ער פילט אפילו אַן אינעווייניקסטן אומרו, טראַכטנדיק, ווי אַזוי וואָלט רעאַגירט זיין ״חברה״ זעענדיק דאָס.

עס האָבן אַ גרילץ געטאָן די טאָרמאָזן. ביים טראָטואַר איז געבליבן שטיין אַ מיליטערישער דאָדזש, פון וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעשיט אַביסל זעלנער. פון דער קאַבינע איז אַרויסגעשפרונגען אַן אָפיציר מיט אַ טונקעלן פנים. זיי האָבן אויסגעגליכן זייערע פיס און זיך אַביסל פאַרווײַלט מיט אַ שמועס.

נישט זאָגנדיק קיינעם קיין וואָרט האָט אָסף אַריינגעקוקט אינעווייניק אין דעם וואָגן. איבערצייגנדיק זיך, אַז קיינער באַמערקט אים נישט איז ער אַריינ־געשפרונגען אינעווייניק. פון ביידע זייטן זענען געשטאַנען בענק. אין דעם ווינקל איז געלעגן אַן אָוועקגעוואָרפענע אין אַ זייט שווערע פלאַנדעקע. אין מיטן זענען געשטאַנען שווערע קאַסטנס. אין איין אויגנבליק האָט ער זיך אַרונטערגערוקט אונטערן ברעזענט און אונטערן קאָפּ אַוועקגעלייגט דעם רוקזאַק.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער דייטלעך דערהערט טריט פון שטיוול. די

זעלנער, וויצלענדיק זיך וועגן די אויסגעפּוצטע דאַמען, האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די בענק. דער אויטאָ האָט זיך אַ ריר געטאָן.

אסף איז געלעגן אַ צוזאַמענגעקאַרטשעטער, זיך צוגעהערט צו די אַנעקדאָטן און אין איין מאָמענט שיעור נישט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער. אין אַ געוויסער צייט אַרום איז געוואָרן שטיל. די חיילים האָבן געדרימלט און אסף צוזאַמען מיט זיי.

ער האָט זיך אויפגעוועקט. אַן איבערגעשראָקענער פון דער אַרומיקער פינצ־טערניש, האָט ער נישט געוווּסט ווו ער געפינט זיך. די באַרירונג פון דער שטייפער פּלאַנדעקע, דער האַרטער רוקזאַק אונטערן קאָפּ, דאָס טרייסלען פון דעם אויטאָ, האָבן אים אויסגעניכטערט פון דעם שלאָף. ער האָט זיך צוגעהערט צו דער אַרבעט פון דעם מאָטאָר און אַ טראַכט געטאָן, אַז זיין פאָרן אויף אומ־וועגן, דאָס שאָקלען זיך און דאָס בויגן זיך פון דעם אויטאָ האָבן ביי אים אַרויסגערופן אַן אומרו.

דער וואָגן איז געבליבן שטיין. וואַרשיינלעך אין עפּעס אַ באַזע. די חיילים זענען אויפן באַפעל אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָ און אסף האָט זיך אינסטינקטיוו אַרונטערגערוקט אונטער דער באַנק.

נאָך אַ קורצער הפסקה האָבן די חיילים אָנגעהויבן לאָדן קאַסטנס אויף דעם צוגעטשעפּעטן וואָגן. פון זייערע אָפּגעריסענע ווערטער האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיי לאָדן מינעס.

— די קעגן־טאַנקען מינעס לייגט אַרויף אויפן וואָגן, און די, פאַר די פּוס־גייער, אויף דעם צוגעטשעפּעטן וואָגן. — האָט אַרויסגעגעבן די באַפעלן דער אָפיציר. — אָבער שנעלער, יאַללאַ!

נאָכן פאַרלאָדן איז אסף אין גאַנצן געוואָרן פאַרשטעלט דורך די קאַסטנס. דער וואָגן האָט אַ ריר געטאָן און איז געפאָרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער ריי אַנדערע לאַסט־וואַגנס. ער האָט זיך דערפילט נישט אַמבעסטן, זיצנדיק אַזוי אויף די מינעס. די דעטאַנאַטאָרס זענען, וואָס אַן אמת, געלעגן פאַרפּאַקט באַזונדער...

פּלוצעם האָט זיך דערהערט דאָס ברילן פון אַ טויכנדיקן עראָפּלאַן. נאָכדעם זענען געקומען די עקספּלאָזיעס, עס האָבן אָנגעהויבן בילן די אויטאָמאַטישע ביקסן און מיט אַ מאָל איז געוואָרן שטיל. דורך די שפּאַרונעס האָט מען געקענט זען דעם אָפּגלאַנץ פון דער שריפה. זיי זענען אַראָפּ אין אַ זייט פון דעם וועג. די אויפגערודערטע זעלנער האָבן געשריגן איינס איבערן אַנדערן: צוויי לאַסט־וואַגנס צעשמעטערט, זיי ברענען, זיי ברענען! "יאַ, אַללאַ — האָט אַ קרעכץ געטאָן אסף — איך בין דאָ אַריינגעפאַלן. איין פלי־באָמבע און אַ סוף". ער האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן: "ראַטעוועט, לאָזט מיך אַרויס". פּלוצעם האָט ער דערהערט פון דער נאָענט אַן אַרטילעריע־שיסעריי. ער האָט זיך איינגעהויקערט און פאַרביסן די ליפּן. "וואָס עס וועט זיין מיט אַלע וועט זיין מיט מיר. כאַפּט דאָס דער טייוול, וואָס פאַר אַ לעבן". די לאַגע איז געוועזן אַ נאַרישע, ער קען אומקומען

נישט קעמפנדיק און נישט זעענדיק אפילו דעם שונא, נישט די געוווער־חברים, נישט דעם קאָמאַנדיר, נאָר אַזוי, איינזאַם, אונטער דעם ברעזענט.

וואָס פאַר אַ פּאַך! האָט ער אַ טראַכט געטאָן — עס האָט מיך קיין מאָל נישט געצויגן צו די סאַפּערן, אויך מיר מיליטער. דאָ אַ מינע, דאָרט אַ מינע, בויען בריקן. תמיד באַדינען, תמיד אין שליחות.

די קאַראַוואַנען פון די אויטאָמאָבילן האָבן זיך ווי פאַרצווייפלט גערירט פאָרויס אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון אַרטילעריע־פייער. דער שאָסיי איז געווען ערטערווייז אויפגעריסן, דער וואָגן האָט זיך געוואַקלט אַריינפאַלנדיק אין די גריבער און בערגלעך. זייער אָפט האָט עמעצער די קאַראַוואַנען פאַרהאַלטן. מען האָט פאַריכט די וועגן און פאַרשאָטן די גריבער. די לאַסט־וואַגנס זענען געפאָרן אין פאַרשידענע זייטן ווו מען האָט פון זיי פאַרלאָדן די מינעס אויף פאַנצער־וואַגנס, וועלכע האָבן, שאַרנדיק איבערן זאַמד, זיך שנעל דערווייטערט.

פון די געשפּרעכן, וועלכע עס האָבן געפירט די זעלנער, איז אַרויסגעקומען, אַז זיי זענען נאָענט צו דעם סועץ־קאַנאַל. עס האָט זיך נאָך אַ מאָל דערהערט די אַרטילעריע. אַלע זענען שטיל געוואָרן, צוהערנדיק זיך מיט שפּאַנונג. עס האָט זיי וואַרשיינלעך פאַרהאַלטן אַ פּאַטרול און געוואָרנט, אַז דער שונא איז נאָענט. זיי האָבן באַקומען עפּעס אַנווייזונגען. אין אַ געוויסן אָרט האָט מען אַראָפּגע־טראָגן אַלץ, וואָס איז געלעגן אין דעם צוגעטשעפּעטן וואָגן. די זעלנער פון דער דאָרטיקער פּאָזיציע האָבן געבעטן וואַסער, עסן האָבן זיי געגנוג, נאָר צו טרונקען פעלט זיי — האָבן זיי זיך באַקלאָגט.

מיט אויסרופן פון פאַרלייכטערונג האָבן זיי געדאַנקט פאַר דעם קאַניסטער וואַסער. דאָס אומאויפהערלעכע פייער האָט זיי נישט געלאָזט צורו. די מצרים האָבן געזעצט מיט פייער ווי מיט אַ בייטש, אַ מאָל דאָ און אַ מאָל דאָרט. די חיילים האָבן גערעדט צווישן זיך מיט אַ געפּליסטער, אייניקע האָבן זיך אונטער־געכאַפּט דאָס האַרץ מיט שפּייז־קאָנצענטראַטן. אסף האָט מיט שווערקייטן אַרויסגענומען דאָס פּעקל, וואָס האָט געשמעקט מיט פּערפומען, אָנגעטאַפּט דאָס פלעשעלע און שיעור נישט אַ זידל געטאָן אויף אַ קול. ער האָט אַ גריבל געטאָן, אַ שמיר געטאָן מיט די פינגער, אַ שמעק געטאָן עפּעס אַ געבעקס מיט קרעם. כאַפּט דאָס דער רוח. ער האָט אויפגעגעסן דאָס קיכל, וואָס האָט אים גוט גע־שמעקט, אָפּגעלעקט די פינגער, איינגעשלונגען דאָס צווייטע קיכל, וואָס איז געווען אויך נישט שלעכט, און נאָך דעם גענומען די טובקע און אַ שמעק געטאָן — דאָס איז געווען מושטאַרדע. ער האָט אָפּגעדרייט דאָס דעקל פון זיין פעלד־פלאַש און גיריק געטרונקען, אויסשווענקענדיק די ליפּן פון דעם קרעם. פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ טראַסק. דער לאַסט־וואָגן איז האַסטיק געבליבן שטיין, די קאַסטנס זיך אַ רוק געטאָן אין אַ זייט, און עפּעס האָט גוואַלדיק אַ ריס געטאָן. ער האָט דערפילט, אַז פונעם קאָפּ רינט דאָס קלעפּיקע בלוט. דערהערט געשרייען, קרעכצן, עמעצער האָט געשריגן: אַרויסקריכן! זיי האָבן געטראָפן אין די הינ־טערשטע רעדער פון דעם צוגעטשעפּעטן וואָגן.

דער הימל איז געווען שוואַרץ פון רויך, וועלכער איז געהאַנגען ווי אַ געדיכטער נעפל. פון דער ווייטנס האָט מען געזען קורצע, אָפּגעריסענע פייערלעך און די אויפרייסן פון די האַרמאַטן־באָמבעס זענען געוואָרן אַלץ נעענטער. צוזאַמען מיט אַנדערע איז ער אַראָפּגעשפּרונגען אויף די זאַמדן.

נישט ווייט פון זיי האָט זיך פאַרהאַלטן אַ קליינער דזשיפּ. "אַכטונג! פון דער לינקער זייט קומען אָן עגיפּטישע טאַנקן!" — האָט אַ געשריי געטאָן דער שאָפער.

— חברה, אַנטלויפן! — האָט עמעצער געשריגן.

— שטיין, קיין שריט נישט פאָרויס — האָט אויסגערופן דער אָפיציר — אויסלאָדן די קאָסטנס!

אסף האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרבעט. מיט אַנדערע געכאַפּט די קאָסטנס און געטראָגן זיי אין אַ זייט.

— טו אָן דעם קאַסק — האָט עמעצער אויף אים אַ געשריי געטאָן. נישט ענטפערנדיק קיין וואָרט האָט אסף אַ כאַפּ געטאָן צוויי קאָסטנס מיט דעטאָנאַטאָרס, אַ שפּרונג געטאָן אין אַ זייט און זיי אריינגעשטופּט אין דעם זאַמד. נאָך דעם געשלעפּט ווייטערדיקע קאָסטנס.

— זיך אָפּרוקן פון דעם לאַסט־וואָגן — האָט זיך דערהערט אַ באַפעל. אסף איז עמעצן נאָכגעשפּרונגען און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. נישט ווייט פון זיי זענען געפאָרן די טאַנקן.

בעסער וואָלט געווען זיך אָפּטראָגן — האָט אַ טראַכט געטאָן אסף. אַרומקוקנדיק זיך, האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז דער חייל, וועלכער איז געלעגן לעבן אים, האָט בלויז אַ "עוזי" און דאָס איז געווען אַלץ...

עמעצער איז אויפגעשפּרונגען און אָנגעהויבן אַנטלויפן. — בלייב שטיין, אידיאָט איינער, חמור, האַלט זיך איין, נאָך אַ טריט און מען וועט דיך באַמערקן! — האָט געשריען דער קאָמאַנדיר.

די טאַנקן, באַוועגנדיק זיך לאַנגזאַם, האָבן פאַרקערעוועט לינקס. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט.

— צוגרייטן די מינעס — האָט זיך דערהערט אַ באַפעל. די פלאַכע קייילעכדיקע מינעס האָבן די חיילים איבערגעגעבן פון האַנט־צו־האַנט. מען האָט געעפנט די קאָסטנס מיט די דעטאָנאַטאָרס. עמעצער האָט לעבן אספן מיט ציטערנדיקע הענט אָנגעלאָדן איין מינע נאָך דער אַנדערער.

— חברה! האָט אַ זאָג געטאָן דער אָפיציר — יעדערער וועט נעמען צוויי מינעס. דער דיסטאַנץ — 5 שריט; שנעל!

די חיילים האָבן זיך אַ רוק געטאָן פאָראויס. דער קאָמאַנדיר האָט זיך געפונען אין מיטן פון דער גרופּע. אויפן האַלדז איז אים געהאַנגען נאָר אַן "עוזי"...

— אַנידערפאַלן — האָט זיך דערהערט אַ באַפעל — לייגן די מינעס אין נישט אַ רעגולערער אָרדענונג. נישט פאַרשיטן, נישט מאַסקירן. — דעם באַפעל האָבן די חיילים איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן.

דער נעפּל איז געפאַלן גידעריקער. די וואָלקנס רויך זענען דורך דעם ווינט געוואָרן שיטערער. עס האָט זיך באַוויזן די לבנה און אַ געוועלב מיט שטערנס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דעם מדבר. פּלוצעם האָבן זיך אונטער די בערגלעך זאַמד באַוויזן אויפגעהויבענע לופעס פון האַרמאַטן און נאָך זיי די טורעמלעך פון די טאַנקען. די שטאָלענע וואַנט, רעווענדיק ווי אַ עפּעס אַ מאָנסטער פון פאַר דעם מבול, האָט זיך גערוקט פאָרויס, שפּייענדיק מיט פייער.

— רוקט זיך צוריק, שטעלט נישט אַרויס די הינטנס — האָט אַרויסגעגעבן די באַפעלן דער קאָמאַנדיר, פּונקט ווי אויף איבונגען.

עס האָבן אַ בליץ געטאָן פייער־שאָסן, די חיילים זענען צוגעפאַלן ווי קלעצלעך צו דעם זאַמד.

עס האָט אָנגעהויבן שיסן דאָס מאַשין־געווער. עמעצער האָט ספּאַזמאַטיש אָנגעהויבן שרייען און געוואָרן שטיל. די קוילן האָבן אָן אויפהער געקאָסעט די ערד. עס האָט זיך דערהערט אַ לאַנגער קרעכץ. איינער פון די חיילים איז געלאָפן אין דער ריכטונג פון דעם לאַסט־וואָגן. עס האָבן זיך פּלוצעם אָפּגערופן די האַר־מאַטן און דער וואָגן איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן דורך פלאַמען. די טאַנקען, אַזוי ווי שיכורע פון דעם פייערווערק, האָבן שאַרף זיך אַ לאָז געטאָן פאָראויס. דער מיטעלסדיקער טאַנק האָט זיך אַ ריס געטאָן גלייך אויף אספן. ער האָט זיך דערנענטערט, געוואָרן גרויס און גוואַלדיק אין די אויגן. אסף האָט געוואָלט זיך אויפהויבן און אַנטלויפן מיטן גאַנצן כוח, אָבער עפּעס אַ לאַסט האָט אים צוגע־דריקט צו דער ערד. עס האָט זיך דערהערט אַ באַטויבנדיקער דונער און פאַר די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן פליען פונקען. דער טאַנק איז, ווי אַ מיטגעריסענער דורך אַ שטורעם, געפאַלן אין אַ זייט. שוואַרצע וואָלקנס רויך און פלאַמען האָבן זיך אַרויסגעריסן פון אים. די מינעס האָבן געטאָן זייערס, האָט אַ טראַכט געטאָן אסף.

דער פאָדערשטער טאַנק האָט זיך ווי אַ משוגענער געדרייט אויף איין זייט רעדער. די מצרים האָבן געשלעפּט עמעצן און געשפּרונגען פון דעם ברענענדיקן טאַנק. עס האָבן זיך אָפּגערופן ווי וואַנזיניקע די קנאַלן פון מאַשין־פּיסטאָלעטן. פון רעכטס און פון לינקס האָבן געשאָסן די סאַפּערן. די טאַנקען האָבן פאַרלוירן דעם אימפּעט, זיך פאַרקערעוועט אויף לינקס. איינער פון די טאַנקען האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אַ מינע און אַ שפּריץ געטאָן מיט פייער. עס האָט זיך געעפנט די דעק פון דעם טורעמל, און עס האָט זיך באַוויזן אַ קאַסק, נאָך דעם אַ האַלבער קערפּער, און דאַן זענען געפאַלן די שאָסן. דער טאַנקיסט האָט זיך אַראָפּגע־האַנגען אָן סימנים פון לעבן.

עס האָט עקספּלאָדירט די אַמוניציע. דער טאַנק האָט געברענט ווי אַ בינטל שטרוי. אספן האָט זיך געדוכט, אַז ער פילט דאָס צעהיצטע שטאָל. עס איז געוואָרן ליכטיקער. ווי די זון וואָלט אָנגעהויבן אויפגיין.

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. נעבן אים איז געלעגן דער קאָמאַנדיר. די האָר שוואַרץ ווי פּעך און די באָרד, אַזוי ווי צוגעשיט מיט גרויקייט, האָט

געשטעקט ווי אַ לאַפּעטקע. דער קאַסק האָט זיך אַ רוק געטאָן אין אַ זייט און די האָר זענען געווען צוגעקלעפּט צום שטערן.

דאָס ערשטע מאָל זע איך אַ פּנים פון דער דאָזיקער חברה. — האָט אַ טראַכט געטאָן אסף — ביז איצט איז אַלץ וואָס איך האָב געזען און געהערט געווען צוגעדעקט פון דער פינצטערניש.

— ווער ביסטו? — האָט אַ רוף געטאָן דער אָפיציר — איך זע דיר צום ערשטן מאָל.

— איך האָב אַ טעות געהאַט מיטן לאַסט־וואָגן און אַריינגעקראָכן אין אייערן.

— נישט וויכטיק. — דער אָפיציר האָט זיך געשטעלט אויף איין קני און אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן. נאָך דעם האָט ער אַ געשריי געטאָן: "חברה, אַכטונג!".

פון דער זייט האָט אַ חייל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אים לאַנגזאַם אַראָפּ־געלאָזט. ערגעץ ווייטער האָט זיך עמעצער צוזאַמענגעדרייט פון ווייטיק. די איבעריקע האָבן עפּעס מאָדנע געשוויגן.

דער קאָמאַנדיר האָט אַ קוק געטאָן אויף די טאַנקן, וואָס האָבן זיך דער־ווייטערט און אַ טראַכט געטאָן: זיי וועלן זיך אַזוי שנעל נישט צוריקקערן. — ניין.

— אַכטונג! האָט ער נאָך אַ מאָל אַ געשריי געטאָן. לייגן די קעגן־אינפאַנ־טעריע מינעס. יואל, אורי, משה.

קיינער האָט נישט רעאַגירט. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אספן, זיין פּנים האָט זיך געטונקלט אונטער דעם קאַסק. ער האָט געעפנט דאָס מויל וועלנ־דיק עפּעס זאָגן. מיט אַ שלעכטן פאַרגעפיל איז ער צוגעקראָכן צו די ליגנדיקע אויפן שטח חיילים. אייניקע פון זיי אַ טרייסל געטאָן, אָבער יענע האָבן נישט באַוויזן קיין סימנים פון לעבן. אורי האָט הויך געקרעכצט, זיך געהאַלטן ביי דעם בויך, מיט די פינגער פון ביידע הענט האָט ער געהאַלטן די אַרויספאַלנדיקע געדערעם.

— היי, גיב מיר דיין באַנדאַזש, ווייל מיינער וועט נישט קלעקן — האָט ער זיך אַ ווענדע געטאָן צו אספן.

— איך האָב נישט. גיב אַ זוך ביי די, וואָס זענען פאַרבליבן, זיי דאַרפן שוין דאָס נישט האָבן. זיי... ער האָט נישט פאַרענדיקט און אַנטשוויגן געוואָרן.

דער קאָמאַנדיר האָט אומגעשיקט פאַרלייגט דעם באַנדאַזש. אורי האָט גע־קרעכצט און זיך געבעטן: יוסף, טו מיט מיר עפּעס, איך ווער משוגע.

— פאַרבייס די ציין. דו וועסט אויסהאַלטן. איך וועל דיר געבן אַ פּיל און אַ ביסל וואַסער.

אין אַ מינוט אַרום האָט ער אַ געשריי געטאָן צו אספן: לאָדן די קעגן־אינ־פאַנטעריע מינעס, און איך וועל זיך מיט אים אַ מינוט מטפל זיין.

אסף האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן און זיך נישט גערירט פון אָרט.

— נו, אויף וואָס וואַרטסטו, ווי אַ גולם.

— איך קען נישט אַנלאָדענען קיין מינעס, איך, איך... האָט אסף אָנגעהויבן און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— צו אַלדי רוחות, וואָס פאַר אַ סאָפּער ביסטו, וואָס פאַר אַ כאָלערע — האָט אַ געשריי געטאָן דער קאָמאַנדיר.

— איך בין פון תל־מונד, איך האָב געדינט נאָר אין גדנ״ע.

— אַן אַרעסטאַנט ? ביסט אַנטלאָפן ?

— יאָ, יאָ...

— פאַרצי אים דעם רימען אויף דעם בויך, גיב אים טרינקען, טו עפּעס!

דער קאָמאַנדיר האָט זיך שווייגנדיק אַנידערגעלייגט נעבן די איבערגעבליבענע קאַסטנס און אָנגעהויבן פאַרלאָדן די מינעס. ״מיט עפּעס מוז מען דאָך קעמפן, קיין אַנדער געווער האָב איך נישט...״ — האָט ער אומרויק אַ טראַכט געטאָן, און אין אַ מינוט אַרום געשריגן: ״תל־מונד, קום צו מיר״. ווי הייסטו ?

— אסף.

— אַ תימני ? אַ סאַברע ? אַנטלאָפן פון תפיסה, כדי צו קעמפן ?

— יאָ, אייניקע וואָרטן, אפשר וועט מען זיי רופן אין דער אַרמיי, און איך האָב באַשלאָסן... אָבער דאָס וואָס איך האָב דאָ דערזען, איז אַ שרעק.

— און ווער ביסטו ?

— מיין נאָמען איז יוסף. איך בין אַ לערער. געבוירן אין קורדיסטאַן.

אסף האָט געשוויגן און זיך פאַרטראַכט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף יוספן, קוים געזען דעם אויסדרוק פון זיין פּנים, זיינע אויגן אונטער דעם קאַסק. ער האָט אים געזען אין דעם קאַמף. אויף אַזוינעם קען מען זיך פאַרלאָזן, ער האָט אַ כאַראַקטער...

— זעסט, דאָס וואָס ס׳האָט מיר דאָ געטראָפן איז עפּעס שוידערלעכס — האָט מיט אַ שווערן זיפץ אַ פליסטער געטאָן אסף. — זיי האָבן געקעמפט, אומגעקומען, און מיך נישט געזען. איך האָב זיי נישט געקענט. נישט געזען זייערע פּנימער. מיר האָבן אפילו צוזאַמען נישט געגעסן קיין ביסן ברויט, נישט געטרונקען קיין ביסל וואַסער. עס איז שרעקלעך. דו דאַרפסט פאַרשטיין, אַז חברה זענען פאַר מיר אַלץ... די מצרים האָב איך קוים געזען, ווי זיי האָבן געשפּרונגען פון די פלאַמען. עס זעט אויס, אַז איך האָב געקעמפט קעגן שטאָלענע מאָנסטערן און מענטשלעכע שאָטנס. ווען דו וואָלסט נישט געווען נעבן מיר און דער אורי, וועלכער גוססט דאָרט, וואָלט איך געמיינט אַז דאָס איז נאָר אַ קאָשמאַר־חלום.

אסף האָט אינסטינקטיוו זיך אַ טאַפּ געטאָן ביים קאָפּ און מיט אַ זיפץ זיך אַרומגעקוקט.

יוסף האָט אַ ווײַלע געשוויגן און געריבן דעם שטערן.

— הער אויף קלאָגן. האָסט פאַרשטאַנען, אַז די מלחמה איז נישט קיין ראָמאַנטישע איבערלעבעניש און נישט קיין שול־אויספלוג. עפּעס דאַכט זיך מיר, אַז מיט דער שולע ביסטו נישט געווען אין גאַנצן בשלום... אָבער וועגן דעם וועלן מיר רעדן שפּעטער. נאָך אַ שעה, אַנדערטהאַלבן, וועט אָנהויבן טאָגן.

פאַקטיש האָבן מיר נישט דאָ וואָס צו טאָן. מען דאַרף מקבר זיין די געהרגעטע און וואָס גיכער זיך פון דאַנען אַפּטראָגן. אורין קען מען נישט אַליין איבערלאָזן.

ביי די לאַסט־וואַגנס האָבן זיי געפונען לאַפּעטעס. דאָס זאַמד איז געווען טרוקן. זיי האָבן אָן שוועריקייטן אויסגעגראָבן אַ גרויסע גרוב. שווייגנדיק צוגע־קלאַפּט מיט די לאַפּעטעס דאָס בערגל. יוסף האָט צוגעשלעפּט דעם קאַסטן. אסף האָט געפונען פיר קאַסקן און זיי געלייגט אין אַ רייע אויף דעם בערגל.

איבער זייערע קעפּ האָבן אַ פייף געטאָן די האַרמאַטן־קוילן. פון דער ווייטנס האָט זיך געהערט די קאַנאָנאַדע פון דער שווערער אַרטילעריע.

— בייג זיך! — האָט אַ געשריי געטאָן יוסף — נישטאָ קיין סך צייט. דו וועסט פאַרזיכטיק גיין לענג־אויס דעם שאָסיי פון וואַנען מיר זענען געקומען. גיב אַכטונג, דערנענטער זיך נישט צו קיינעם און הער זיך גוט צו. איך בלייב. איך האָב דאָ אַרבעט, און חוץ דעם דאַרף מען אַכטונג געבן אויף אורין.

— צו וואָס? איך פאַרשטיי נישט. מיר קענען צוזאַמען טראָגן אורין — האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט אסף.

— חייל אסף! איך בין דאָ קאָמאַנדיר!

דערנאָך האָט יוסף אַ קוק געטאָן אויף אספן און מיט אַ געענדערטער שטימע צוגעגעבן:

— אסף, דו ביסט נישט קיין סאָפּער. דו פאַרשטייסט נישט, אַז מיר האָבן פאַרזייט דאָ מינעס אָן אַ באַפעל און אָן אַ פּלאַן... מיר האָבן פאַר זיך אַ מינען־פעלד און אויף די דאָזיקע צאַצקעס קאָן נישט נאָר דער שונא פליען צו אַלדי רוחות. אונדזערע קאָנען אויך אומקומען...

רחובות, נאָוועמבער 1973

**דוד ספאַרד**

## ירושלים פאַרנאַכט

צופוסנס די בערג אין טאָליקער שויס
שטעלן זיך רעגנבויגנס אויס
צו נאַכטיקער תפילה.

ווינטעלעך קילע
און לעצטע פורפורנע שטראַלן
די הייזער און גאַסן באַפאַלן.

ווי פליגל די צווייגן פוןביימער
אין בענקשאַפט געהיימער
ציען זיך שטיל צו די הייכן
ביז זיי די הימלען דערגרייכן.

פאַרקוקטע אין אין־סוף
שיינען די בערג אויף
מיט גילדענע קרוינען.

די האָריזאָנטן אין ליכטיקן שטוינען
זיך צינדן אין פייערן גרינע
ווי צו קבלת־השכינה.

און דעמאָלט
שווימט אַרויס אומגעריכט,
ווי דאָס שיינענדיקע אויג פון גן־עדן,
אַ זילבערנע לבנה מלכותדיק־באַשיידן
און שפרייט אויס אויף דער שטאָט
אַ סודותדיק ליכט
פון אוראַלטן עברי־גאָט
פון ששת
ימי
בראשית.

## סייפא וספרא

מיין קינד,
מיר האָבן שוין אַצינד
אַ ברעקל הימל,
וואָס בלויז צו אונדז געהערט,
און אַ ברעקל ערד
וואָס באַוויליקט אונדזער טראָט.

מיט מי מיט אייגענער אויף זאַמדן
האָבן ברידער אויפגעשטעלט אַ שטאָט
מיט גערטנער און מיט גראָזן
צו קאָנען תמיד זיכער לאַנדן,
ווען מען ווערט געיאָגט,
און נישט צעלויפן זיך ווי האָזן —
אַווו גענעכטיקט נישט געטאָגט.

מיר וואַרפן קיינעם זיך נישט אָן מער,
מיר ווילן אונדזער אייגן לעבן בלויז באַזינען
און האָבן אונדזער אייגן ליד.
דאָך צו זיין אַ ייד
איז אַלץ נאָך שווער
און עס פלאַקערט קעגן אונדז די שנאה.

אַזוי איז אונדז באַשערט
סיי אין פרעמד סיי אין אייגן לאַנד —
דעם ספר האַלטן אין איין האַנט
און אין דער צווייטער אויך אַ שווערד.

פילסט אַליין דאָס אַלץ אַצינד,
מיין קינד,
טראָגסט דעם יאָך פוןביידע
אויף דיין יונגן גוף.
אין מיטן גאַנג צו וויסן און פאַרשטאַנד —
מוזטו זיין אויך גרייט אויף יעדן רוף
פון דיין באַדראָטן לאַנד.

## פון דעמלט

מיין האַרץ האָט דאָס גליק
און די פרייד
באַגעגנט מיט שטומען געוויין:
די זין וואָס קאָנען אַהיים שוין נישט גיין
האָבן מיין זון היינט באַגלייט
אויף זיין היימגאַנג צוריק.

געווען איז אַ זוניקער טאָג
און אַלץ האָט פון ס׳ניי זיך געוועקט
צו לעבן און דויער,
נאָר פון אונטער די נעפלען פון טרויער,
וואָס האָבן די בערג פון יהודה באַדעקט,
האָט זיך געטראָגן אַ נאָגנדע קלאָג.

גיי איך פון דעמלט אַרום צווישן אים און זיי
און ווייס נישט צו וועמען כ׳געהער.
די נאַכט מיך פאַרוויגט צווישן גליק און וויי
און דער טאָג זיך צעבלויט איבער מיר ווי אַ טרער.

# מיכאל'ן

ביסט דער זין
פון מיין פריער און שפּעטער,
ביסט די פרייד פון מיין אַצינד.
פון אונטער די פאַרוועלקטע בלעטער
פון מיינע אָסיענדיקע טעג
האָסט אַרויסגעשפּראָצט
אַ צווייגעלע אַ גרינס,
אַ בשורה־קינד,
פון באַזעסנקייט אויף וואָר
נאָך אַלע וואָגלדיק־פאַרשעמטע יאָר.

טאָ זאָל עס דיר שוין זיין באַשערט
נישט צו וואָגלען מער אויף פרעמדער ערד,
נישט צו וואַנדערן דורך פרעמדע שטעט
פון לאַנד צו לאַנד,
פון ים צו ים,
ווי איך אַ לעבן־לאַנג,
נאָר ווי אַ רינג אין קייט,
ווי אַ שטיין אין וואַנט,
זיין באַהאָפטן מיט דיין שטאַם
אין זיין נצחדיקן גאַנג.

און מער שוין נישט פאַרשטעלטערהייט
טיילן פרעמדע פרייד,
און מער שוין נישט פאַר פאַלשן דויער
טיילן פרעמדן טרויער,
און שטייענדיק אפילו — קניען,
און הערשנדיק אפילו — דינען,
נאָר פאַר זיך אַליין צעבליען
און זיך אַליין באַזינען.

לייב קורלאַנד

# האַרצווייטיק

## (דערציילונג)

מ'איז געוווינט דאָ צו די שטאַרקע רעגנס פון סוף־טבת און אָנהייב שבט. אָבער זעלטן זענען זיי געפאַלן מיט אַזאַ העפטיקייט, אַזוי שפּעדיק און אַזוי פיל טעג נאָך אַנאַנד. מ'האָט זיך געשראָקן, אַז דער כנרת וועט אַרויס פון זיינע ברעגן און פאַרפלייצן ניִשט נאָר די וועגן וואָס פירן אין ירדן־טאָל, נאָר אויך די אַרו־מיקע פעלדער און פּרדסים.

ערב שבת האָט זיך געשטעלט האַלב־רייפיק — פון איין ברעג ים צום צווייטן און מיטן בויך צו די אויסגעלויטערטע וואָלקנס — אַ שאַרף־גלאַנציקער רעגנ־בויגן. האָבן פרומע ליפּן געטייטשט, אַז דאָס איז אין זכות פון שבת קודש. הלמאי עס האָט געדרעגנט בעת די פריערדיקע צוויי שבתים? האָבן די, וואָס גלויבן אין ניסים און זכותים, בטבע אַ קורצן זכרון, און האָבן ניִשט ליב צו קוקן אויף הינטן, נאָר פאָרויס, און לויט דער פריזמע פון באַשיינפּערלעך־אַקטועלן... טאַ, ווי האָבן זיי געטייטשט, ווען צומאָרגנס האָט זיך די שטאָט געוועקט ווידער אַדורכגעווייקט און אונטער אָנגעדראָלן־טריפנדיקע וואָלקנס?

אַריה איז נאָכגעגאַנגען די וואָלקנס אויפן הימל און אויסגעקוקט אַ סימן, אַז אָנדייט אויף אויסניכטערונג. היינט מוז ער זיך לאָזן אין וועג אַריין. עס איז דער לעצטער טאָג פון דער אויסשטעלונג פון יידישן מאָלער פון סאָוויעטנלאַנד. אים אַליין האָלטן זיי פעסט פאַרשפּאַרט אין תפיסה, אָבער די בילדער האָט ער באַוויזן אַרויסצושיקן געהיים דורך מזלדיקע עולים. מיטאָגצייט שליסט זיך די אויסשטע־לונג און דערנאָך גייט זי איבער קיין ירושלים, באר־שבע און אילת; פאָלג מיך אַ גאַנג. אויב ער וועט זי ניִשט זען אינעם מוזיי פון אשדות־יעקב, איז ווער ווייס ווען. צוליבן רעגן, האָט ער אָפּגעלייגט פון איין שבת צום צווייטן. ער ווערט ממש צעטראָגן דורך דער תשוקה צו באַוואונדערן די בילדער, די נשמה־ראַנגלע־נישן און וויזיעס פון דעם געבענטשטן קינסטלער. ער האָט עס געמוזט טון אויך פאַר זיין זון, בקדימון, וואָס איז טאַקע שטאַרק באַהאָווענט אין זיינע אינזשענע־רישע שטודיעס, אָבער איז אַזוי הינטערשטעליק וואָס שייך תודעה יהודית, וואָס שייך דעם יהדות־באַוווסטזיין און די ראַנגלענישן וואָס גייען אָן אין דער יידישער וועלט... אסתר, זיין פרוי, האָט עס אויך געצויגן צו דער אויסשטעלונג, פּשוט

כדי זי זאָל האָבן וועגן וואָס צו רעדן בעת די אָפּטע קאָרטן־פּאַרטיס ביי זיך אָדער צוגאָסט...

ווי נאָר עטלעכע אַנגעשוואָלענע וואָלקנס האָבן אויסגעליידיקט זייער שווערע לאַדונג, איז אַריה אַרייַן אין אויטאָ. נעבן אים — אסתר, פון הינטן — בקדימון.

— זיי פאַרזיכטיק, אַבאַ — האָט בקדימון געוואָרנט — דער וועג איז גליטשיק. זאָלסטו, חלילה, נישט ברעמזן מיט אַ מאָל, ס'איז סכנהדיק.

— הינטער דער שטאָט וועסטו איבערגעבן דאָס רעדל בקדימונען — האָט אסתר געעצהט.

די ווישערס האָבן געשאַרט מיט רעש די צעשווומענע טראָפּנס אויף דער פאָדערשויב און טויב האָבן צוגעקלונגען די צעשפּרונגענע רעגן־שפּריצן איבערן געבלעך פונעם אויטאָ. די רעדער האָבן זיך געדרייט אַן חשק צווישן דעם וואַסערשיכט איבערן וועג, די ריטשקעלעך און סאַזשעלקעס, און די שטיינער אַנגעטראָגן פון די אונטערגעשווענקטע באַרג־שיפּועים. שטיקער קויטיק זאַמד האָבן געקלעפּט צו דער שויב, וואָס די ווישערס האָבן נישט געקאָנט בייקומען.

אַז מ'האָט געקענט גוט די געגנט און דעם וועג, האָט מען מער געטראָפן ווי בפירוש געזען ווו מ'געפינט זיך. אָט, ענדיקט זיך די שטאָט. גלי־כנרת. טבריהער בית־הקברות. חמי־טבריה. לינקס — דער בית־עלמין פון כנרת; רעכטס — פון דגניה. די בריק ביים ירדן־אויספלוס, און די דאַמבע.

און אָט, אַ פרישער רעגנגאָס, וואָס וויל צעזעצן דעם דאַך און די פאָדערשויב, און מאַכט אַנמעכטיק די פאַרמאַטערטע ווישער־גלידער.

אַריה שטרענגט אָן זיין ראיה, בייגט זיך צו געדיכט צו דער שויב, זוכט דעם קרייצוועג, וואָס באַפעלט זיך ווענדן רעכטס, אויב מען וויל פאָרן צום קיבוץ און זיין מוזיי.

עס רייסט דער כנרת און הייבט בייכיקע כוואַליעס ווי צעשטורעמטע וואָלקנס, און פאַרטראַגט זיי כמעט צום וועג צו, פאַרדעקנדיק די אויסגראַבונגען פון בית־ירח און דעם זכרון־פּלאַץ. דער מאָנומענטאַלער פעלדז־שטיין הייבט זיך מאַיעסטעטיש איבערן פלייץ־וואַסער און טראָגט צו די וואָלקן־הימלען דעם פּסוק פון תהילים לזכר די געפאַלענע העלדן פון ישראלס מלחמות. רעכטס — דער מיליטערישער לאַגער פון צמח. דערנעבן — דער ציווילער גאַראַזש. ער איז פאַרמאַכט. עס איז שבת. באַלד דאַרף זיך באַווייזן דער קרייצוועג.

אַריה דריקט לייכט אויפן פּעדאַל, פאָרט פּאַמעלעך, זוכט מיט די אויגן געדיכט.

— פאָר ווייטער, אַבאַ, מיר זענען אין דער סביבה, איך קוק אויך צום וועג.

אָבער, אַנשטאָט דעם קרייצוועג, האָבן זיי פלוצים באַמערקט אַ שאָטן אין מיטן וועג. אַ שאָטן, וואָס באַוועגט זיך, ווי אַ פויגל־סטראַשידלע אויפן ווינט. אפשר איז עס אַ שאָטן פון אַן אונטערגעשווענקטן בוים, וואָס האַלט אין פאַלן? און אפשר ליגט ער שוין מיט די וואָרצלען אַרויף, און הוידעט זיך שטורמיק אין אַ רעגן־סאַזשעלקע נעבןברייטן אויסבויג פון קרייצוועג?

— האַלט איין, אַבאַ! — האָט נקדימון פּלוצים אויסגערופן און איבערגעבויגן זיך איבערן פּאַטערס רוקן, כדי אָנצוכאַפּן ביים רעדל. — דאָס איז אַ פּרוי, אַבאַ, זעסט נישט? זי פּאַכעט מיט אַ האַנט, זאָלסט דיך אָפּשטעלן. האַלט איין, אַבאַ!

דער אויטאָ איז געבליבן שטיין. נקדימון האָט גיך געעפנט די טיר. ער איז אַרויס, נישט געקוקט אויפן רעגן און אויפן וואַסער, וואָס גרייכט ביז איבער זיינע קנעכל. ער האָט זי אַרומגענומען ביי דער טאַליע און געהאָלפן אַריינגיין. זי האָט זיך אָוועקגעזעצט אַ ציטערדיקע און געווישט מיט ביידע הענט דאָס וואַסער, וואָס איז גערינען איבער אירע אויגן.

— סלי—חה, פּאַרדאָן — האָט זי געזאָגט ווי שולדיק און מיט אַן איבער־געגומענער דאַנקבאַרקייט.

— עס איז בסדר — האָט געזאָגט נקדימון, העלפנדיק איר אָפּצוטרייסלען דעם רעגן פון אירע אַרבל און מאַנטל. — עס איז אַ מצווה, אַ פרוי איינע אַליין אויף אַ שלאַקסרעגן.

— פּאַר—דאָן, סליחה — האָט זי איבערחזרט און שווער געאָטעמט. — זייט מוחל, איך האָב אייך אַריינגעבראַכט דעם רעגן אין אויטאָ, סליחה.

— ווי לאָזט מען זיך אַרויס אין אַזאַ זאַווערוכע אין וועג, איינע אַליין, און אָן אַ שירעם דערצו — האָט אסתר געזאָגט ברומענדיק און מיט אַ טענה.

— וואָס שייך דעם שירעם, האָט אַ ווינט מיר אים אַרויסגעריסן פון האַנט, און פאַרטראָגן ווייט אינמיטן כנרת, און...

— וווהין דאַרפט איר אייגנטלעך — האָט אריה איבערגעריסן — אפשר צעגייען זיך גאָר אונדזערע וועגן?

— און אַז זיי צעגייען זיך, אַבאַ, וועלן מיר זי דאָך נישט איבערלאָזן אויף אַזאַ וועטער אין דרויסן; ווער ווייס ווען עס וועט ווידער פאַרביי דאָ אַן אויטאָ?

— איך בין אַרויס פאַרטאָגס פון נצרת־עלית, געהאַט אַ "טרעמפּ" ביז טבריה, דערנאָך געטראָפן אַן אַמבולאַנס, וואָס איז געפאָרן נעמען אַ קראַנקן אין קיבוץ כנרת, און זייט גוטע דריי שעה וואַרט איך דאָ אויפן רעגן.

— עס מוז זיין אַ גאָר וויכטיקע סיבה — האָט אסתר געזאָגט, מיטן זעלבן טאָן ווי פריער — אַז איר האָט נישט געקוקט אויפן שטורעם.

— יאָ, גברת — האָט זי געענטפערט. — זייער וויכטיק.

— יאָ וויכטיק, נישט וויכטיק — האָט אריה אַ מאַך געטאָן. — וווהין ווילט איר אייגנטלעך פאָרן, גברת?

— איך וויל אויף דער רמה, אויפן גולן — האָט זי געענטפערט, און צוגע־געבן — רופט מיך נישט גברת, נאָר שולמית, אָדער ביי מיין פריערדיקן נאָמען סאַלאַנזש...

— ווו—הין? — האָט אריה איבערגעפרעגט.

— הערסט דאָך, אַבאַ, שולמית דאַרף פאָרן אויפן גולן.

— פאָלג מיך אַ גאַנג. מיר דאַרפן רעכטס, און זי דאַרף גאָר לינקס, אויפן צווייטן עק וועלט, אַן אָנשיקעניש...

גאַר נאָענט האָט זיך צעקנאַלט אַ דונער. ס׳האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן אויטאָ און אַ שטויס געטאָן די פּאַרערס איינער צום צווייטן. מיט אַ צעשטרייטן זשעסט האָט נקדימון פעסט אַרומגענומען די צופעליקע פּאַסאַזשירין, ווי ער וואָלט זי געקענט ווער ווייס ווי לאַנג. ווען עס איז געוואָרן שטילער אין חלל, האָט נקדימון זיך אָנגערופן: — איך האָב אַן איינפאַל, האָב איך. מיר וועלן צוערשט צופאָרן צום מוזיי. איר וועט אַראָפּגיין צו דער אויסשטעלונג, און איך וועל דער־ווייל אונטערפירן שולמית. דער נאָך וועל איך אייך קומען נעמען.

— דאָס קיין מאָל נישט — האָט אסתר זיך אויסגעדרייט צום זון, שאַרף אַ קוק געטאָן אין פּנים פון מיידל, און איבערגעחזרט נאָך העכער: — קיין מאָל נישט!

— שרעקט זיך נישט — האָט שולמית אויסגערופן, פאַרשטייענדיק דער פרויס הינטער־כוונה. — איך פאָר צו מיין חתן, איך...

זי האָט איבערגעהאַקט, אָפּגעזיפצט שווער און גענומען איר פּנים איןביידע הענט. איר פּנים איז געווען רונדיק, אָפּגעברענט, און די נאָז געטאָקט, לייכט אַרויפגעשאַרצט, אין דער זעלבער ריכטונג ווי איר פאַררונדיקטע גאָמבע, און צווישן זיי — דינע ליפּן, לייכט פאַרקראַמפּט אַרום חן־גריבל. אירע אויגן האָבן געפינקלט דורך אַ דינעם שפּעלטל צווישן די געדיכט־באַהאַרטע לעפּל־ברעגן, ווי גלי־ווערעמלעך צווישן גראָזן אין מיטן דער נאַכט. אירע האָר זענען געווען פעך־קויליק. און נאַסערהייט אויסגעזעצן נאָך שוואַרצער. איבער אירע לאַנגע פינגער זענען געזונען גרויסע טראָפּנס, וואָס זענען געפאַלן ווי פּערל אין די צעעפנטע אַרבל־מיילער פון איר ים־גרינעם און צעגלאַנצטן רעגן־מאַנטל.

— איך וויל אים מאַכן אַ סיורפּריז — האָט זי געענדיקט דעם איבערגעריסענעם זאַץ — אַ סיורפּריז.

— הפתעה — האָט אַריה אַ ברום געטאָן שטיל און העפלעך.

— מערסי — האָט זי געדאַנקט פאַרן אונטערגעזאָגטן וואָרט. — תודה. ווי איר זעט, שטאַם איך פון מאַראָקאָ, און זיכער האָט איר דערקענט פון מיין גרייזיקן עברית, אַז איך בין אַן עולה חדשה.

— אייער עברית איז דווקא אַ גוטער, הלוואי אויף אַלע נייע עולים געזאָגט — האָט נקדימון געמאַכט איר אַ קאָמפּלימענט.

— אויב מיין עברית איז נישט אַזוי שלעכט ווי ביי אַנדערע, וואָס זענען ערשט איין יאָר אין לאַנד, האָב איך עס צו פאַרדאַנקען מיין חתן, מיין מאירן, דעם סאַברע. — און נאָך אַ רגע, צוגעגעבן — איך וואָלט זיכער נאָך בעסער גע־קענט, ווען מיר קאָנען זיך באַגעגענען אַזוי אָפט און אַזוי לאַנג ווי ס׳וואָלט זיך וועלן...

זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט, אונטערגעזיפצט.

דער רעגן האָט פּלוצים אויפגעהערט. עטלעכע זון־שטראַלן האָבן זיך גע־מאַכט אַ וועג צווישן אַ קנויל פון צעדריוולטע וואָלקנס, און זיך געשטעלט באַלכסונדיק צו דער פאָדערשויב. אַריה האָט אַ דריי געטאָן דעם שליסל אינעם

מאַטאַר־שלאָס, און די ווישערס האָבן גענומען טרייבן די דינע שיכט וואַסער, וואָס האָט געקלעפּט צו דער שויב און צוריק געשלאָגן דעם קאַרגן זון־אָנזאָג.

— מיר האָבן זיך געמוטשט באַגעגענען אין געהיים — האָט זי ממשיך געווען — ווייל זיינע עלטערן האָבן געשטערט. זיי שטאַמען פון פּוילן און זייער זון איז אַ געלערנטער, איך בישט... אָבער מיר האָבן זיך ליב... ער איז אַ שוואַכער פון דער נאַטור, נישט געוואָלט ווי טון טאַטע־מאַמע... ווען ער איז אַוועק אין מיליטער, האָבן די עלטערן געהאַפּט, אַז ער וועט מיך פאַרגעסן... אָבער ער האָט מיר געשריבן כמעט יעדן טאָג, און ווען ער האָט געענדיקט די רעקרוט־דינסט, און באַקומען דריי טעג חופש, איז ער געווען מער צוזאַמען מיט מיר, ווי מיט זיינע טאַטע־מאַמע... אָבער זייט דעמאָלט, זענען זיינע בריוו זעלטענע, קירצערע און קאַלטערע... זעט זיך אויס, אַז זיי האָבן אים איבערגערעדט, אָפּ־געווענדט פון מיר, אָנגערעדט ווער ווייס וואָס פאַראַ ליגנס... נו, האָב איך אָפּ־געוואַרט דעם היינטיקן טאָג, וואָס איז גראַד זיין געבורטסטאָג און כ׳פאָר צו אים; איך בין פריי פון אַרבעט, ער אויך אין זיין איינהייט... איך וויל אים מאַכן אַ...

— הפתעה — האָט אַריה צוזאַמען מיט אסתרן איר אונטערגעזאָגט.

— הפ—ת—עה, הפ—ת—עה, הפ—ת—עה — האָט נקדימון צעזילבט דאָס וואָרט, און געבעטן איר נאָכצוזאָגן, וועלנדיק מיט דעם זעלבן אַריינברענגען אַ הייטערן טאָן.

אַריה האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— הפתעה אַהין, הפתעה אַהער — האָט ער געזאָגט — און אין אַ שעה אַרום שליסט זיך די אויסשטעלונג. הכלל?

ער האָט אַ קוועטש געטאָן דעם גאַז־פּעדאַל. עס האָט זיך דערהערט דער רעש פון מאָטאָר, באַגלייט מיט אַ טויבן רויש פון די רעדער, וואָס דרייען זיך אויף איין אָרט, באַמיענדיק זיך בייצוקומען די בלאָטע, אין וועלכער זיי האָבן געשטעקט ביז איבער די ווענטיל־שרויפן.

— נאַדיר גאָר, ווי אַ צולאָג — האָט ער אַ ברום געטאָן מיט פאַרדרוס — אַ בלאָטע, געבליבן שטעקן אין בלאָטע.

— אַ בלאָטע צו אַ בלאָטע איז נישט גלייך — האָט אויך אסתר אַ זאָג געטאָן בייז.

נקדימון האָט גיך געעפנט די טיר, אַ שפרונג געטאָן אין אַ זייט און אויף הינטן, גענומען אונטערשטופּן.

— בלייב אויף דער ערשטער שנעלקייט, אַבאַ, און קוועטש פעסט אויפן גאַז — האָט ער געעצהט באַפעלעריש.

די רעדער האָבן געטריבן שפּריצנדיק פון זיך קויטיק וואַסער און שטיקער בלאָטע, געמאַכט אַ רעש און נישט גערירט זיך פון אָרט. שולמית איז אַרויס פון אויטאָ, געשטעלט זיך נעבן נקדימונען, און געהאָלפן שטופּן. אסתר איז אויך אַרויס, און געשטעלט זיך מיט אַ האַנט אָנגעלענט אין הינטערשטן פליגל. נקדימון האָט צונויפגענומען עטלעכע פאַרוועלקטע צווייגן, וואָס דער שטורעמווינט האָט

אָפּגעפּליקט פון דערנעבנדיקע פּאַלמעס, און געשטופּט אונטער די פּאָדער־רעדער, כדי זיי זאָלן האָבן אין וואָס זיך צו פּאַרטשעפּען. דאָס האָט געהאָלפן און די רעדער זענען אַרויס פון דער בלאָטע. ווען אַלע זענען ווידער געווען אין אויטאָ, האָט שולמית זיך אָנגערופן: — פּירט מיך אונטער צום קיבוץ עין־גב. איך וועל פון דאָרטן אָנגעקלינגען צו מאירן אין זיין איינהייט אויפן גולן. איך בין זיכער, אַז ער וועט געפינען אַ מיליטערישן וואָגן און אַראָפּקומען צו מיר... און איר וועט נאָך באַווייזן צו דער אויסשטעלונג.

דאָס האָט זיך געלייגט אַריהן אויפן שכל. האָט ער אַ לאָז געטאָן דעם אויטאָ פאָרויס, גיך אַרויסגעקומען אויפן צווייטן ברעג כנרת און אַרויף אויפן נייעם כביש עין־גב—גולן.

נאָך פּאָר דעם ווי די רעדער האָבן זיך רעכט אָפּגעשטעלט אין קיבוץ, איז נקדימון אַרויס געשפּרונגען פון אויטאָ. און שולמית נאָך אים. ער האָט געוואָלט געווינען צייט, העלפנדיק איר צו פאַרבינדן זיך מיט דעם מיליטערישן פּונקט אויף דער רמה. ער האָט אַליין מיטגעמאַכט אַ טייל פון זיין דינסט אויבן, און געוווּסט ווי אַזוי צו טעלעפאָנירן אַרויפצו. פּאָר אַ מיידל וואָלט עס נישט געווען לייכט.

און איידער אַריה האָט באַוויזן צו מאַכן עטלעכע טריט אין דרויסן און רעכט אויסגלייכן זיך די ביינער, איז נקדימון שוין געווען צוריק. ער איז אים אַקעגנ־געקומען מיט גיכע טריט, שלעפּנדיק דאָס מיידל ביי אַ האַנט. ער איז צוגעלאָפן גיך צום אויטאָ, געעפנט די טיר און זיך אַוועקגעזעצט ביים רודער, נעבן דער מאַמען, וואָס האָט נישט געהאַט פאַרלאָזט איר זיצאָרט. נקדימון האָט געגעבן באַפעלן דעם פּאָטער מיט דער האַנט, ער זאָל זיצן פון הינטן, נעבן מיידל. ווען דער רעש פון מאָטאָר האָט זיך געשטילט, און ער איז אַרויס אויפן הויפּט־כביש, האָט ער גענומען אויפקלערן, אַרויספירנדיק זיי פון גרויסן חידוש:

— דער קאָמענדאַנט אויבן, וואָס האָט מיך דערקענט אגב, האָט געזאָגט, אַז מאיר איז היינט פּאַרטאָגס אַוועק אויף אַ טאָג אורלויב, פאַרברענגען זיין גע־בורטסטאָג צווישן אייגענע; ער האָט געוואָלט מאַכן אַ סיורפּריז זיין כלה דאָרטן...

טאַטע־מאַמע האָבן זיך איבערגעקוקט אַ ווייל און נישט געוווּסט ווי צו רעאַגירן, ווי אויפצונעמען די ידיעה. שולמית איז קוים איינגעזעסן פון אומגע־דולד, אַ גליקלעכע האָט זי זיך אַ קער געטאָן צום שאָפער און אָן אַ וואָרט צו זאָגן — שטיל און דאַנקבאַר געשמייכלט.

— נו, האָב איך באַשלאָסן — האָט נקדימון ווייטער געצויגן זיין געדאַנק — צו פאָרן קיין נצרת און ברענגען זי תיכף אַהינצו, איידער איר חתן קערט זיך צוריק, און זיי קרייצן זיך אונטערוועגס. ביז זי וועט זיך אַ מאָל דערשלעפּן מיט צופעליקע אויטאָס, קאָן ער דערווייל זיך אומקערן מיט גאָר נישט. עס איז אַ מיליטער־איינהייט ביי דער גרענעץ און ער מוז זיין צוריק איידער ס׳ווערט נאַכט...

שולמית האָט שוין קוים איינגעהאַלטן איר פרייד און אַ ברייטער שמייכל האָט זיך צעלייגט בריווחדיק איבער איר צעשיינט פּנים.

— מערסי — האָט זי געזאָגט אין דער שטיל, ווי צו זיך אַליין.

אַריה האָט געקוקט אויפן זייגער, און געשוויגן. אסתר האָט געקוקט אַרויסצו, אָפּוועגנדיק דעם קאָפּ פון אַלעמען.

נעבן דעם קרייצוועג, פון וואַנען מע האָט געקאָנט פאַרקערעווען צום קיבוץ מיטן מוזיי, האָט אַריה ווידער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, און אַ זאָג געטאָן, סתם אַזוי, רעטאָריש, ווי ער וואָלט עס נישט געמיינט: — ס׳טוט ווייַ ס׳האַרץ... אָט, געפאָרן צו דער אויסשטעלונג און גאָרנישט... ס׳טוט ווייַ ס׳האַרץ...

נקדימון האָט אונטערגעכאַפּט דעם פּאָטערס רייד: — אַ האַרצווייטיק צו אַ האַרצווייטיק, אַבאַ, איז נישט גלייך! — האָט ער געזאָגט מיט איבערצייגונג, און געלאָזט לויפן דעם אויטאָ מיט מאַקסימום־גיכקייט.

גרויסע זון־פלאַסטערס האָבן געלייגט זיך אונטער די רעדער און געדרייט זיך צוזאַמען מיט זיי איבערן באַרגאַרויפיקן שלאַנגוועג.

## רבקה מרים

### ליידיקע זעק

מיר זענען צום טונקעלן נביא געגאַנגען
ער זאָל אונדז באַשיידן פאַרגאַנגענע טעג.
מיר זענען צום טונקעלן נביא געגאַנגען
אומעטום מענטשן צעהאַנגען פון פענצטערס
און איבערגעקערט זייער הויט איבער זיי איז
ווי ליידיקע זעק.
די הייזער דורך פעדעם אַלץ העכער נאָך אויבן געצויגן
און האָבן דעם טוי מיר מיט אונדזערע צינגער געזויגן
פון שטיינערנע הייזער וואָס הענגען אַראָפּ אין דער לופטן.
און ס'זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חיות די בלומיקע דופטן.
מיר זענען צום נביא דעם אַלטן געגאַנגען אַז ער זאָל אונדז אויסטאָן.
האָט דיין שעוועלורע די רויטלעכע ווילדע מיר ווונדן געמאַכט
האָבן די הייזער געגעבן אַ פאַל און אַריין אין מיין טראַכט.

דער נביא דער אַלטער באַגעגנט אונדז האָט אויפן וועג
גענומען און איבערגעקערט אונדזער הויט און צעהאָנגען פון פענצטער
ווי ליידיקע זעק.

### מאַן מיט פליגלען פול

מאַן, צי ווייסטו ווי מען שפירט זיך
פול מיט פליגלען ?
איך שפּאַן אין דרויסן
און די פליגלען שטויסן אין מיין לייב
און די פליגלען קלאַפּן אויף מיין אויג
און די פליגלען שטאַפּלען אין דער לופט
און פאַלן.
מאַן, צי ביסטו פול מיט פליגלען ?
מאַן, צי שפּירסטו שטאַרק דעם ווייטיק ?
מאַן, צי צאַפּלען אין דיין שויס די פליגלען ?
מאַן, מיין מאַן, אָ, שלאָג מיך, שלאָג מיט דיינע פליגלען,
מאַן, מיין מאַן, דערוואַרג מיך אין געפעדער,
מאַן, מיין מאַן, אָ, ווער מיר פויגל
מאַן.

יידיש : מ. ליטווין



רבקה מרים — וואַנט־געמעל

## ז. ברכות

# אויפן ראַנד פון וואַדי ערה

## (פון דער נאָענטער און דאָך ווייטער פאַרגאַנגענהייט)

אין קאַלאַניע דרעשט מען שוין די תבואה. מען האָט נאָר אויסגעדראָשן די ערשטע "טאַרכע", אַזוי האָט דער "מולטאַזים"* אַרויפגעשטעלט אויפן גורן** זייןביידל און אַרייגעזעצט חמאַדי׳ ער זאָל היטן דעם גורן. ער וועט אויך אַרייג־נעמען דעם עושר. די קאַלאַניסטן האָבן זיך געוועדט קעגן חמאַדי, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן.

חמאַדי איז אַן אַלטער באַקאַנטער. דער גרעסטער גנב אין געגנט. פאַר אַ לאַנגע צייט ווערט ער אַרומגעזוכט פון דער טערקישער רעגירונג, אָבער זיי האָבן אים ניט געפונען. ער געפינט זיך אונטערן שוץ פון דזשאַמאַל אַבו־פיורעס. ווען דזשאַמאַל אבו פיורעס האָט אָנגעהאַלטן די שמירה אין דער קאַלאַניע איז חמאַדי געווען דער היטער. אין דער אמת, האָט מען אים זייער זעלטן געזען אין דער קאַלאַ־ניע. אָבער ווען עס האָט געטראָפן אַ גניבה האָט ער, חמאַדי, דאָס געבראַכט צוריק.

ווי נאָר חמאַדי איז געקומען אויפן גורן האָבן די יידישע וועכטער צוגענומען זייער חבר. די קאַלאַניסטן אַליין זענען געוואָרן וועכטער אויפן גורן. אין דער אייגענער צייט האָבן זיי זיך אויך געהאַלטן פון דער ווייטן מיט חמאַדי. לאַנג האָט עס ניט אָנגעהאַלטן. זיי האָבן געמוזט אָנקומען צו חמאַדי ער זאָל זיי לאָזן נעמען עסן פאַר די פערד, אָדער ווייץ פאַר מעל צו מאָלן. חמאַדי, אַליין איז, די ערשטע צייט, פון זיין ביידל ניט אַרויס. גאַנצע טעג געמאַכט קאַווע פאַר יעדן איינעם, וואָס איז נאָר אַרייגעקומען. דערציילט אַראַבישע מעשיות. אין די אָוונטן, ווען די גאַנצע יוגנט איז געווען אויפן גורן האָט חמאַדי זיי געלערנט טאַנצן אַ "דעבטשע", זינגען "יאַ ליעל". עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז די קאַלאַניסטן האָבן אים איינגעלאַדן קומען צו זיי אין הויז. אָפטער פון אַלעמען איז ער אַריין געקומען צום אַלטן ברוך, ווו ער איז געזעסן שעהן לאַנג, געהאָלפן אין הויף, אין שטאַל, אין גאָרטן. איין טאָג איז דער אַראַבישער אַרבעטער ניט געקומען און חמאַדי האָט געטאָן די אַרבעט און אפילו ניט געוואָלט נעמען קיין געלט. מער פון אַלעמען האָט ער געפאָלגט דעם אַלטן ברוכס איינציקע טאָכטער פנינה. פאַר נאַכט, ווען זי, צוגלייך מיט אַלעמען האָט זיך באַוויזן אויפן באַיאַדער (גורן), האָט ער איר גלייך צוגעטראָגן אַ געפלאָכטענעם קראַנץ זאַנגען. חברה האָבן זיך געוויצלט. איין מאָל האָט עס זיך שיער געענדיקט שלעכט.

* מולטאַזים — קבלן, אַרענדאַר (אַראַביש).

** גורן — אַ פלאַץ, ווו ס׳ווערט איינגעזאַמלט די גערעטעניש (עברית).

די יידישע וועכטער האָבן אויסגעמיטן קומען אויפן גורן. זיי האָבן געפּאַדערט אַז די קאָלאָניסטן זאָלן פאַרווערן חמאַדי קומען אין דער קאָלאָניע אין די נעכט. איין מאָל אין אַ נאַכט האָט געטראָפן, יגאָל איז געקומען אויפן גורן. ער איז געזעסן ביי דער זייט פון פנינה און מיט אַלעמען געשטיפט. קיינער האָט ניט באַמערקט ווי אין דער צייט איז צוגעקומען חמאַדי מיט זיין קראַנץ זאַנגען, ווייל אין דער צייט האָבן אַלע באַשאָטן פנינה און יגאל מיט שטרוי און זיי האָבן זיך ביידע אָפּגעקייקלט.

— "מאַוטו יאַ מאַסקאַבי!" (איך וועל דיך טויטן, דו רוסישער) — האָט חמאַדי אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער. יגאל האָט זיך ניט פאַרלוירן. מיטן פוס אין בויך האָט ער אים אומגעוואָרפן און צוגענומען ביי אים דעם רעוואָלווער. פון אַלע זייטן איז מען אָנגעלאָפן. אָפּגעפירט חמאַדי אין זיין ביידל. מען האָט געגעבן צו וויסן דעם מוכתּר. יענער האָט פאַרווערט חמאַדי צו מישן זיך מיט דער קאָלאָניסטישער יוגנט. ער האָט אויך געפּרוווט מאַכן שלום צווישן יגאל און חמאַדי.

— חמאַדי איז אַ ביטערער יונג — האָט פנינה באַמערקט, ווען יגאל האָט זי באַגלייט פון גורן. ביי זייער הויז זענען זיי געבליבן שטיין. די ציטערדיקע שיין פון דער ערשטער העלפט לבנה וואָס איז ערשט פאַרגאַנגען איז נאָך געהאַנגען אין דער לופט. דער באַרג הינטער דער קאָלאָניע, האָט פאַרצויגן זיין שאָטן איבער אַלץ און צו ביסלעך איז די שיין צעגאַנגען אין דער נאַכט.

— וואָס קומט צו אייך חמאַדי יעדן טאָג ? — האָט זיך יגאל איינגעהערט אין דעם אויסגעשריי פון דער "בומע".

— אַן אַראַבער. ער האָט ליב דעם טאַטן. קומט ער העלפן.

— איר וועט האָבן צרות.

— מיר קענען אים ניט אַרויסטרייבן.

— גיי, פנינה, שלאָפן, עס איז שוין שפּעט — האָט יגאל געקוקט אין דער לענג פון דער גאַס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בלייכקייט צווישן די שוואַרצע קופּעס הייזער.

— שלום!

— ביסט ברוגז ?

— ניין!

ער איז אַפּגעגאַנגען און האָט זיך דערפילט זייער איינזאַם — ווידער אַראַבער און אָבער אַראַבער. קיין רו איז ניטאָ אפילו אַרום פנינה. — האָט ער זיך גע־דרייט אין אַ ווייטיק. — וואָס קענען מיר טאָן ? אפילו ווען די קאָלאָניסטן העלפן אונדז — איז ער געגאַנגען אין דער נאַכט. — ווינציק, געציילטע, זענען מיר, און זיי — אין די טויזנטער. פרעמד זענען זיי אונדז און מיר זיי. צווישן זיך הערשן ביי זיי געוויסע מנהגים. מיט אונדז דאַרף מען עס ניט. — און ער זעט פאַר זיך דאָס ביסל יידישע קאָלאָניעס. באַרינגלט מיט אַראַבישע דערפער. די

יידישע קאָלאָניסטן זיצן אויף לאַנד געקויפט ביי די אַראַבער, פאַרהיט און באַ־אַרבעט פון אַראַבער.

— מין האַדאַ? — יגאל האָט ניט באַמערקט אַז ער האָט זיך די גאַנצע צייט געדרייט אַרום באַיאַדער און פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט אבשלום.

— וואָס קען מען מאַכן? — האָט אבשלום, ווי פאַרשטאַנען יגאלס שטומע פראַגע. ער איז די נאַכט אַ שומר אויפן גורן. און יגאל:

— זאָג מיר, אבשלום, דיך אַרט ניט, וואָס דו פאַרסט אַוועק?

— מיך אַרט ניט וואָס איך פאַר אַוועק? — האָט אבשלום איבערגעפרעגט און גלייך געענטפערט — פאַרוואָס זאָל מיך ניט אַרן? — האָט ער געקלאַפּט מיטן פוס די שטרוי — דאָ געבוירן געוואָרן. צוואַנציק יאָר. די שולע, חברים, טאַטע מאַמע, פאַרוואָס פאָר איך?

— איך ווייס ניט — האָט ער זיך אָפּגעקערט ווי פאַרענטפערט:

— מיינסט, איך ווייס ניט וואָס דו האָסט געטראַכט ווען איך האָב ניט געוואָלט גיין מיט אייך וועכטעווען? אָבער זאָג מיר, יגאל, צו וואָס זאָל איך ווערן אַ וועכטער? פערציק פראַנק אַ חודש צאָלט מען דעם בעסטן אַראַבישן וועכטער. ער וועט שטיין פאַר דיר אָן אַ היטל. ווען וועט אַרן אויב ער איז קראַנק און איר? אייך צאָלט מען פינף מאָל אַזוי פיל. גאַנצע נעכט רוט איר ניט. לויפט אַרום. ווערט קראַנק און וואָס? זאָג מיר, יגאל, ווו זענען דיינע חברים מיט וועמען דו ביסט געקומען אין אונדזער קאָלאָניע? ווען זיי זיך אויך אומ־קערן ווי מיר? צו אונדזערע עלטערן? צו אונדזער היים? — האָט ער געטרייסלט יגאלן, אַזוי ווי מיט דעם, האָט ער געוואָלט קריגן דעם שנעלן ענטפער.

יגאל האָט אַראָפּגענומען די ביקס פון אַקסל, אָנגעשפּאַרט זיך מיט ביידע הענט און שטיל גערעדט. אבשלום האָט זיך געמוזט צובויגן כדי צו הערן זיינע ווערטער.

— איר מאַכט זיך נאַר, אַז איר ווייסט ניט פאַרוואָס איר פאָרט.

— אָבער פאַרוואָס פאָרט איר? — האָט אים אבשלום ניט געלאָזט ענדיקן.

— מיר — האָט ער אויסגעצויגן — מיר זענען איינזאַם און פרעמד. אַרבעטן? ווייסטו דאָך, מיר און די אַראַבער! דער אונטערשייד איז — פאַרן אַראַבער האָט איר מורא און פאַר אונדז ניט. — האָט ער ביטער געשמייכלט, אָנגעשפּאַרט אָן ביקס איז אויך אבשלום געשטאַנען, איינהערנדיק זיך אין דער נאַכט פון וואַנען עס האָט זיך דערטראָגן דאָס גלעקלען פון אַ קאַראַוואַן קעמלען און אַן אַראַביש ליד וואָס האָט געוויינט:

— איך פאָר פון אייך אַוועק
מיין געליבטע לאָז איך ביי אייך
וואָס זי וועט בעטן, גיט איר,
קומענדיק צוריק, וועל איך אייך באַצאָלן.

הייל מיך, מוטער!
קראַנק איז מיין האַרץ
דער כאַקים וועט ניט העלפן
מיין געליבטע מוז איך זען.

לאַנג זענען זיי געשטאַנען פאַרכאַפּטע פון דער ליד. ווי צונויפגערעדט זענען זיי אַרויף אויפן גורן. ביי "מולטאַזימס"ביידל האָט זיך יגאל אָפּגעשטעלט:

— ווו איז חמאַדי?

— ערגעץ אָפּגעפאָרן.

— אַלע נאַכט אַזוי?

— איך ווייס ניט.

— אַזוי — האָט ער פאַרצויגן און זאָגנדיק "שלום", איז ער אַראָפּ פון גורן. אין גאַס האָט ער זיך דערמאָנט אַז ער האָט נאָך ניט געזען די אַנדערע צוויי וועכטער. ער האָט אַ פייף געטאָן.

חיים און יחזקאל זענען צוגעקומען פון הינטער אַ וואַנט.

— וואָס הערט זיך — האָט ער זיי געפרעגט.

— דו האָסט זיך צעקריגט מיט חמאַדי?

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט ער זיי דערקלערט, אַז ער גייט צום דאָרף. ער מוז וויסן אויב חמאַדי איז אין דאָרף.

— צו וואָס? — האָבן זיי אים אָנגעקוקט. ניט ענטפערנדיק איז ער פאַר־שוווּנדן געוואָרן אין דער נאַכט. ניט פאַרשטייענדיק האָבן זיי זיך איבערגעקוקט. ווען יגאל איז געווען הינטער די הייזער אויפן וועג צום דאָרף האָט ער אַרומגע־וויקלט זיין פּנים מיט דער קעפיע, מען זאָל אים ניט דערקענען. אָנגעלאָדן דעם ביקס. באַקוקט דעם רעוואָלווער און מיט לייכטע, געשווינדע טריט זיך געדרייט צווישן די שטיינער אויפן באַרג.

אַ שטיינדל האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטער זיינע פיס. אָפּגעהילכט, ווען עס האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ צווייטן. אויפן שיפּוע, ביי דעם שפּאַלט פון די צוויי פעלדזן האָט ער זיך פאַרהאַלטן. געפרוווט אויסקלייבן דעם נאָענסטן וועג צום דאָרף, אַז די פאַסטוכער זאָלן אים ניט באַמערקן. די הינט ניט דערשרעקן.

אַ טיפע פינצטערע נאַכט, אָבער די שטערן האָט ער געקענט דערלאַנגען מיט דער האַנט. און אָט זעט ער דאָס אַראַבישע דאָרף מיט פריילעכע פייערן און די טונקעלע יידישע קאָלאָניע איז שוין געשלאָפן איינגעגראָבן אין זיך.

אויף אַלע פיר איז ער געקראָכן ווייטער צו די פייערן פון דאָרף. געוואָלט נעענטער צוקומען. זיינע אויגן האָבן געבוירערט די נאַכט. אַלץ נעענטער האָט ער זיך גערוקט. אין דער שיין פון דעם נאָענסטן פייער האָט ער דערזען חמאַדי, אַבו סאלח און דעם גלח. ער האָט זיך אונטערגעהויבן, געוואָלט הערן וואָס זיי

ריידן, אָבער זיין גרויסער מעססער האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ שטיין און דאָס האָט אויפגעוועקט די נאַכט. פון אַלע זייטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די הינט. עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ געשריי. איין מאָל, צוויי מאָל האָט יגאל אַריינגעשאָסן אין פייער. פון אַלע זייטן האָט מען אָנגעהויבן שיסן. דאָס פייער איז פאַרלאָשן געוואָרן. יגאל איז געלאָפן באַרג־אַראָפּ צו דער קאָלאָניע. ווייט הינטער זיך האָט ער נאָך געהערט דאָס בילן פון די הינט און אַראַבישע געשרייען.

און אויף מאָרגן איז יגאל געזעסען ביי ר׳ ברוך אין הויז און האָט דערציילט:

— נעכטן אין דער נאַכט האָב איך זיך אונטערגעגנבט אין דאָרף. ביים גרויסן שטיין, ניט ווייט פון דער קירכע, זענען געזעסן חמאַדי, אבו סאלח און דער גלח. איך האָב ניט געהערט וואָס זיי האָבן גערעדט. איך האָב געמוזט אַנטלויפן. געפילט האָב איך, אַז זיי ריידן וועגן אונדז. איר ווייסט — האָט יגאל ווייטער געזאָגט — דער אַלטער ברוך האָט אים איבערגעשלאָגן:

— וואָס ווילט איר פון אונדז? מיר קענען זיך ניט פאַרקריגן מיט די אַראַבער פון דער געגנט. זיי זענען דאָ די בעלי־בתים — האָט ער זיך צוגע־בויגן אַזוי ווי ער וואָלט אים פאַרטרויט אַ סוד — די אַלע צרות ברענגען אונדז די קריסטלעכע דערפער. מיט די אַראַבער וואָלטן מיר שוין דורכגעקומען. די קריסטן לאָזן ניט. זיי פילן זיך שטאַרק. די קלויסטערס וועלן זיי באַשיצן, די קאָנסולן.

ווער איז די רעגירונג אין אונדזער געגנט אויב ניט די נוצרים, מאַחמוד אַבו־סאַלח, אַ נוצרי. אַ פּראַצענטניק. דאָס גאַנצע לאַנד פון אַרום איז זיינע. געלט האָט ער געליען אויף דעם און צוגענומען די ״קושאַנעס״, ווען מען האָט ניט געקענט באַצאָלן. אַ גאַנצן שבט פאַרטריבן. פון דעסט וועגן ווערט מען אים ניט אָנרירן. אָבער אונדז? — האָט ער זיך אָפּגעוואָרפן אַ פּאַרמאַטערטער.

יגאל האָט געקוקט אויפן אַלטן ברוך, אויף זיינע טיפע קנייטשן, לאַנגע ברעמען, וואָס האָבן געוואָרפן אַ טונקעלן שאָטן אויף זיין פולער פליישיקער נאָז און אים האָט זיך געוואָלט אָננעמען דעם אַלטנס קאָפּ, פּרווון אים באַרויקן און דער אַלטער ברוך האָט גערעדט:

— איר זייט עס די ווילע יונגען. איך קען אייך זאָגן, אַז אונדז, ווען מיר זענען געקומען, איז געווען פיל ערגער פון אייך. איר האָט אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ קלייד אָנצוטאָן, אַ בוך, אַ צייטונג, מיר האָבן דאָס ניט געהאַט. אין אַראַבישע חושעס האָבן מיר געלעבט. דאָס לאַנד — ווילד. אַלץ וואָס איר זעט האָבן מיר אויפגעבויט. די אַרבעט האָט אונדז ניט געלאָזט טראַכטן וועגן אַנדערע זאַכן. וואָס איז פון דעם? מיר זענען אַלט, אונדזערע קינדער צעפאָרן זיך, און איר אונדזערע נאָכפאָלגער? — איז ער צוגעפאַלן צום טיש.

יגאל האָט געקוקט אויף די ציטערנדיקע אַקסלען פון דעם אַלטן. אים מיטגע־פילט. אין דער אייגענער צייט, ער ווייס ניט פאַרוואָס, האָט ער דאָך ניט גע־קענט איינשטימען מיט אים. עפּעס אינעווייניק איז דאָס ביי אים געווען. יגאל האָט געוואָלט געפינען אַזאַ וואָרט, אַזאַ אויסדרוק, וואָס זאָל דערוויזן דעם אַלטן,

דערציילן אים, אַז עס איז ניט אַזוי ווי ער זאָגט. דאָס איז עפּעס אַ ניטפּאַר־שטענדעניש. אַז ווען ער וואָלט נאָר געפינען דאָס וואָרט וואָלט אַלץ גוט געוואָרן. אַלע צוזאַמען וואָלט מען געקענט ביישטיין די אַראַבער. אָבער ער האָט דאָס וואָרט ניט געקענט געפינען און שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, ווי פון אַ קראַנקן, איז ער אַרויס פון שטוב.

דער פאַרנאַכט האָט אָנגעהויבן צופאַלן. די טשערעדע איז פריילעך אָנגעקומען פון פעלד. פון גורן האָט מען שוין אויך אַראָפּגענומען די פערד, געענדיקט דאָס דרעשן. ביים אַרויסגאַנג פון הויז האָט ער אָנגעטראָפן פנינה. אַנווייזנדיק אויפן טאַטן ביים טיש האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— דער טאַטע שלאָפט?

— ער שלאָפט ניט — האָט זיך יגאל אומגעקערט און אָנגענומען ר׳ ברוך׳ן פאַר די אַקסלען — רעבּ ברוך!

ווי אַן אָנגעבויגענער בוים האָט זיך דער אַלטער ברוך אויסגעגלייכט קוקנ־דיק מיט ווייטע אויגן אין דער גאַס.

— וואָס איז מיטן טאַטן? — האָט זיך פנינה געוווּנדערט — זיגט אבשלום האָט באַקומען די שיפס־קאַרטע איז דאָס מיט אים געוואָרן. און געפרעגט — ועסטו קומען אויפן גורן?

— ניין — איז יגאל אַרויס פון הויף.

* * *

דאָס דרעשן איז געענדיקט. מען וואַרט אויפן "מולטאַזים" ער זאָל אָפּנעמען זיין טייל און דאָס איבעריקע זאָל מען קענען אַריינפירן אין שפּייכלער. מען איז צופרידן. עס איז געווען אַ גוט יאָר און אין אַזאַ פאַרנאַכט ווען אין דער לופט איז נאָך געווען שטיל — רוישיק פון די הונדערטער טויזנטער פליגעלעך וואָס האָבן אויך פאַרענדיקט זייער טאָג. און די שויבן אין די הייזער האָבן נאָך גע־ברענט מיט אַ העלישן פייער פון דער פאַרגייענדיקער זון, האָבן זיך קינד און קייט פאַרקליבן צו ר׳ ברוך אין הויז. געזעגענען זיך מיט אבשלום. אויך די וועכטער זענען געקומען, אַראָפּגעוואָרפן די פאַרזיכטיקייט פון הייַנטיקער נאַכט. נאָר איין יגאל האָט געפעלט.

אין שטוב איז פריילעך. מען זינגט, מען טאַנצט. נאָך אַ "האָרע" פירט מען אַ "ראַנדאַ". נאָך דעם די אַראַבישע "דעבטשע" *. האָט זיך די ראַנדאַ אַרויסגעשאָטן פון הויז און איז אַוועק אין אַ לאַנגער קייט איבער די גאַס, שלענגלען זיך אין די בוימער. פנינה איז פאַרבליבן פון הינטן און האָט פאַרצויגן "יאַ ליעל, יאַ ליעל" אַן אויפהער, אַן אָפּהאַלט, און פּלוצים אָנגעהויבן דערציילן וועגן יענער מיידל, וואָס האָט געפירט איר שבט צו דער מלחמה און פאַר וועמעס קעמל די יונגען זענען טויט געפאַלן.

---

* היגע טענץ.

— הידד, הידד! — האָט מען געשריען לויפנדיק צוריק אין הויז. אַ שאָטן פון צווישן די בוימער האָט גערופן:

— פנינה!

— יגאל! — איז זי צוגעלאָפן.

— אבשלום פאָרט?

— מאָרגן — האָט פנינה געענטפערט.

— מאָרגן — זענען זיי אַראָפּגעגאַנגען צו די ביימער אונטן. פון הויז האָט מען גערופן: פנינה, פנינה! אָבער זי האָט ניט געענטפערט. ערגעץ צווישן די שטיינער האָט זיך דערהערט אַ גערויש ווי טריט פון אַ מענטשן. יגאל האָט זיך שאַרף איינגעקוקט. די "בומע" האָט עטלעכע מאָל אויסגעשריען און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— מען גייט דאָרט — איז יגאל געבליבן זיצן.

מען שרייט אויף מיר וואָס איך גיי מיט דיר, האָט זיך פנינה אַ קער געטאָן.

— פאַרוואָס?

— זיי זאָגן, אַן אויסגעוואַקסענע מיידל דאַרף ניט גיין מיט די וועכטער.

יגאל האָט געשוויגן און געוואָנדערט מיט זיינע אויגן אין דער נאַכט וואָס האָט געענדערט פון די בערג, געהאָנגען איבערן וואָדי ערה און דער יידישער קאָלאָניע.

— פנינה פנינה! — האָט מען גערופן פון דעם הויז.

— איי, או, אַ...

— איך קום באַלד, — האָט זי צוריקגעשריען.

— טראַך, טאַך, טאַך — האָט אַ שאָס אויפגעוועקט די נאַכט און פאַרלאָרן געגאַנגען אין דער וואָדי.

— איי, ווו, אַ...

— אַך! — האָט אַ מיידלשער אויסגעשריי נאָכגעפאָלגט דעם שאָס און ווען מען איז צוגעלאָפן האָט מען געפונען פנינה אַ דערשאָסענע אין יגאלס הענט.

אויף מאָרגן איז די קאָלאָניע געווען אַ בית־עולם. מען האָט קיין לעבעדיקע שטימע ניט געהערט. טיר און טויער פאַרשלאָסן. אַלע זענען ביי ר׳ ברוך׳ן. אָפּגעבן פנינה דעם לעצטן כבוד. מען איז אפילו ניט געגאַנגען זען דעם "מולטאַזים", ווען ער איז געקומען נעמען דעם עשׂור (= צענטל). די וועכטער סיי פון דער קאָלאָניע, סיי פון די אַנדערע קאָלאָניעס ביים ראַנד פון וואָדי ערה, זענען געווען אויסגעשטעלט ווי אַן ערן־וואַך ווו פנינה איז געלעגן.

יגאל איז צווישן זיי ניט געווען. ווי נאָר ער האָט דערזען אַז פנינה איז געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל האָט ער זיך געלאָזט לויפן אין דער זייט פון וואַנען דער שאָס איז געקומען און מער האָט מען אים ניט געפונען. צוריק אין קאָלאָניע איז ער ניט געקומען — ווי אין וואַסער אַריין. אויך חמאַדי האָט מען מער ניט געזען אין דער געגנט.

# אַסיאַ

## נעכטן, מאָרגן

קום אַנטקעגן מיט אָפֿענעם פּנים,
אַזוי ווי מיר וואָלטן בשלום
אַדורך דורך יאָרן צוזאַמען
אַלע מחלוקתן, גרוילן,
אַזוי פֿיל פֿרילינגען האָבן
אַוועקגעבלויט שוין.

וואָס נעכטן געווען איז מיין שרעק
היינט איז מיין אומעט:
די ביסט ניט געווען
די ערשטע קנייטשן באַמערקן.

אַליין כ׳גיי אין אָוונט אַריין.
די רעגנס זיי וואַרטן ניט.
שאַרן מיט פֿייכטע פֿינגער אַראָפּ
די רעשטלעך פֿון זומער.

עס קען זיין אַזאַ שעה,
דו וועסט צוגיין צו מיר
ווי צום שפּיגל,
פּנים אל פּנים,
נאָר ס׳וועט אונדז שויןביידן
ניט וויי טאָן מיין פּנים.

ירושלים

## אויפֿן שפּיץ פֿון קאַם

איך לאָז זיך אַראָפּ און נעם אַרום
דיין אויסגעצוואָגענעם קאָפּ, —
באַרג צווישן בערג,

אַ קריע צעגייט —
פאַרקלעמטקייט אין ברוסט
און גיסט מיך צונויף מיט דער ערד.

ווי אין מאַמע־מילך
האָסטו איינגעטונקט
דײַנע מאַנדל־צווייגן.

איך האָב אייגענע קינדער
קיין מאָל ניט געקושט
קוש איך צעבלומטן שווייגן.

כ׳וויל אַזוי בלייבן
מיט דיר דאָ אַ נאַכט
שרעקן מיך די היענעס,

נאָך אַ רגע וויג מיך אין גרינעם בליק
איידער איך פאַל צוריק
אינעם גוואַלד פון סירענעס.

## שניטער־צייט

וואָס וויקלסטו אין נעפל זיך אַרום
דאָ אין לאַנד פון זון?
אַרויס פון מאַמע־לייב אַ ווייב,
אין יעדן שאָטן־יאָר
איך קען די שעה פון פרייד,
כ׳דערקען זי אומעטום.

סאיז שניטער־צייט.
די שניטער דאָ אין זון
צוויי מאָל אין יאָר געאַקערט און געזייט,
אַרויס פון מאַמע־לייב אַ ווייב,
אין יעדן שאָטן־יאָר,
איך קען די שעה פון פרייד.

כ׳דערקען זי אומעטום.

## ווען?

כ׳בלעטער ניט דעם קאַלענדאַר
ווי און ווען צו קומען.
ס׳האָט די צייט דיך מיט דער צייט
אין גאַנצן איינגענומען.

זאָל איך קומען פרייטיק?
איז דאָך ערב שבת,
און אַ ניט־געבעטענעם
איז מען דען מקרב?

זונטיק, מאָנטיק, דאָנערשטיק?
איז דאָך אין דער וואָכן —
מיטן יומטובדיקן האַרץ
ווידער ניט געטראָפן.

אפשר קומען אין דער פרי
ווי די זון אָן שאָדן
צו דעם פענצטער? ווייס איך ניט
ווער עפנט דאָ דעם לאָדן.

כ׳וואָלט די נאַכט אַ פּרווו געטאָן —
איז די נאַכט פאַרנומען.
כ׳זוך אַ שפּאַרע אין דער צייט
אפשר זאָל איך קומען?

אין פאַרשלייערטן פאַרנאַכט,
ווען מ׳קאָן ניט וויסן,
צי טרוימען טראָגן דיך,
אין אַ שעה פון צווישן?

זאָל איך אפשר זוכן דיר
בעסער פאַר באַגינען?
אין דעם נעפל, זאָג מיר צו
וועסטו ניט אַנטרינען?

**יצחק יאַנאַסאָוויטש**

# טויבן און קראָען

**(כמעט אַ לעגענדע)**

מענטשן האָבן ליב טויבן און האָבן פיינט קראָען. די מענטשן פון איסטאַראַפּי האָבן אויך ליב געהאַט די וואַרקענדיקע טייבעלעך און האָבן פיינט געהאַט די קראַקענדיקע קראָען. אָבער אין לאַנד איסטאַראַפּי האָט מען געגלייבט, אַז אַלע באַשעפענישן וואָס ווידמען זיך אינעם וואַסער, וואָס פויזן און לויפן אויף דער ערד און וואָס פליען אַרום אונטער די הימלען זענען די קינדער פון דער גאָטיכע אַאוּזראַ און אויב אַאוּזראַ האָט זיי געגעבן לעבן, טאָר דער מענטש דאָס דאָזיקע לעבן זיי נישט צונעמען. אַזאַ צוזאָג האָט דער גאָט אַרטאַשכאַד געגעבן זיין מומע אַאוּזראַ בעת ער האָט געבעטן ביי איר רשות צו באַשאַפן דעם בן־אדם.

אין איסטאַראַפּי האָט מען קיין לעבעדיקע באַשעפענישן נישט אומגעבראַכט, ס׳האָט געמעגט זיין אַ בלוטדורשטיקער לעמפּערט, אָדער אַ פרידלעכע באַרג־קאַזע, אַ באַרג־פויגל וואָס בריט אויס זיינע אייער אין די קאַלך־ליימיקע בלאָטעס, אָדער שלאַנגען־פיש וואָס וואַרפט זיך אַליין אַרויס אויף די ברעגעס ווען די וואַסערן ווערן גרין איבערן אָנפלוס פון די קליינע זשאַבע־חיהלעך. אין איס־טאַראַפּי האָט מען אויך די קראָען נישט געטשעפּעט, כאָטש מען האָט זיי נישט ליב געהאַט און מען האָט זיך פאַר זייער קראַקען צוביסלעך געשראָקן.

די לייט פון איסטאַראַפּי האָבן געהאָדעוועט טויבן, קיין קראָען האָבן זיי נישט געהאָדעוועט. פון דעסט וועגן זענען טויבן דאָרט געווען וויניק און קראָען — אַ סך. שייך צו זאָגן אַ סך? ווי פיל זיי זענען געווען זענען זיי געוואָרן אַלץ מער. אַז זיי פלעגן זיך צונויפפליען אין אַ סטאַיע אונטערן הימל, האָבן זיי פאַרשטעלט די שיין פון דער זון. אַז זיי פלעגן זיך באַזעצן אויף אַ גרינעם בוים, פלעגט מען דאָס גרינס נישט אַרויסזען און די צווייגן פלעגן בליען מיט אַ סאַמעטענער גרויקייט וואָס איז אַריינגעפאַלן אין שוואַרץ.

מיילן ווייט האָט זיך אין איסטאַראַפּי געטראָגן אין די טעג און אין די נעכט: קראַ־קראַ... קראַ־קראַ...

מענטשן אין איסטאַראַפּי האָבן געבויט נעסטן פאַר די טויבן און אין די נעסטן האָבן זיך באַזעצט קראָען און דאָרט אויסגעבריט זייערע קליינע קראָעלעך. זיי פלעגן אַריינפליען דורך אַלע אָפענע לעכער אין די געצעלטן. זיי האָבן געגעסן אין די שטאַלן דאָס, וואָס מען האָט פאַרגרייט פאַר די אָקסן און אַז אַ

קו איז געפאַלן און איז געבליבן ליגן אין פעלד האָבן די קראָען געפראַוועט איבער דער נבלה אַ סעודה און געטראָגן דעם ריח פון פוילעניש צו די פייערן פון די איסטאַראַפּיער.

די לייט פון איסטאַראַפּי האָבן זיך געקליגט און געשטעלט סטראַשידלעס איבער אַלע פעלדער און איבער אַלע וועגן. אָבער די קראָען האָבן זיך נישט געשראָקן. מען האָט זיי מיט צווייגן פון ביימער געטריבן פון די געצעלטן, פון די שטאָלן, אָבער זיי האָבן קיין מורא נישט געהאַט און זענען נישט אַנטלאָפן. זיי פלעגן שטיין אויפן רוקן פון אָקס, ווען ער האָט געאַקערט און האָבן איבער־געלאָזט זייער אומריינקייט אויף די טישן ביי וועלכע מען האָט געגעסן. און טאָמער האָט אַן איסטאַראַפּיער געוואָלט אָפּטרייבן אַ פאַרעקשנטע קראָ פון די קערנער, וועלכע ער האָט אויסגעדרעשט, און האָט זיך אויף איר פאַרמאָסטן מיט אַ שטעקן, האָט די קראָ אַ צעשפּרייט־געטאָן אירע פינצטערע פליגל, אַ צעעפן־געטאָן איר קרומען שנאָבל און האָט דעם מענטש גענומען, קראַקענדיק, פאַרשילטן אויף דור דורות. די קראָען האָבן געהאַט זייער חזקה אין איסטאַראַפּי און זיי האָבן, זעט אויס, גוט געוווּסט וועגן דעם צוזאָג וואָס אַרטאַשכאַד האָט געגעבן אַאוזראַן. דער מענטש האָט געלעבט אין זייער זכות און די מענטשן וואָס האָבן געוווּסט פון דעם דאָזיקן זכות האָבן תמיד רעזיגנירט. קיין שום איסטאראפּיער וואָלט זיך נישט דערוועגט אויפצוהויבן קיין האַנט קעגן אַ לעבעדיק באַשעפעניש, צי ער האָט עס ליב געהאַט, אָדער פיינט געהאַט. פאַר די קראָען האָט מען זיך דאָרט גאָר באַזונדערס געשראָקן און מען האָט אויף זיך געטראָגן דעם שווערן יאָך פון זייער פּרוכפּערדיקייט.

* * *

אין יענעם יאָר טאַקע, אין דעם יאָר פון פייערדיקן הימל־בעזעם, האָט זיך אין איסטאַראַפּי באַוויזן אַ פרעמדער מאַן, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַן איבער־קערעניש אין דעם לעבן פון די אָרטגעבירטיקע. ווער איז געווען דער דאָזיקער מאַן און ווי אַזוי קומט ער קיין איסטאַראַפּי? דאָס איז נישט באַוווּסט. מען ווייסט בלויז, אַז דער דאָזיקער מאַן האָט אַנטפּלעקט, דאָס אויף יענער זייט פון דעם גרויסן טייך און הינטער די הויכע בערג געפינען זיך גאָר אַנדערע מענטשן און וועגן דעם לעבן פון די דאָזיקע אַנדערע מענטשן האָט ער דערציילט.

אויסטערלישע, אויסטערלישע זאַכן האָט ער דערציילט. געהערט האָבן אים אַלע, די יונגע און די אַלטע. אָבער די אַלטע האָבן אים אויסגעהערט און גע־שאָקלט מיט די צעקודלטע קעפּ. ביי די יונגע אָבער, הערנדיק זיינע מעשיות, האָבן זיך געצונדן די אויגן און די הענט האָבן זיי גענומען בייסן.

דער סאַמע, סאַמע עיקר פון זיין דערציילן, וואָס האָט אַלעמען פאַרכאַפּט, איז געווען דאָס, אַז יענע, אַנדערע מענטשן, דאָרט נאָכן טייך און הינטער די הויכע בערג, ליידן נישט פון קיין קראָען און זיי האָדעווען טויבן וויפל זיי ווילן.

דער דאָזיקער מאַן האָט נישט דערציילט די איסטאַראַפּיער, אַז יענע מענטשן דאָרט, וואָס ליידן נישט פון קיין קראָען, הרגענען אויך אַנדערע באַשעפענישן

און אויך איינער דעם אַנדערן. ניין, דאָס האָט ער פאַרשוויגן. ער האָט בלויז דער־ציילט, אַז יענע מענטשן דאַרט הרגענען קראָען, ווייל זיי ווייסן אויף געוויס, אַז דער צוזאָג וואָס דער גאָט אַרטאַשכאַד האָט געגעבן זיין מומע אַאוזראַ איז נישט חל אויף קראָען. קראָען, ווייסן יענע מענטשן, האָט אויך אַאוזראַ נישט ליב און דעריבער מעג מען זיי, ניין, ס'איז ממש אַ מצווה זיי אויסצוראָטן.

די אַלטע לייט פון איסטאַראַפּי האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ. זיי האָבן יאָ געגלייבט און נישט געגלייבט. אָ, יאָ, יענע מענטשן זענען גליקלעך. די קראָען פאַרמיסטיקן נישט זייער עסן, זייערע געלעגערס, זיי לעכערן נישט די אויערן מיט זייער אומהיימלעכן קראַ־קראַ, זיי פּיקן נישט מיט די שנאָבלען דאָס נבלה־פלייש פון אַ געפאַלענער באַשעפעניש. נו, אָבער יענע מענטשן איז אַ פּנים באַשערט דאָס גליק. זיי האָט אַרטאַשכאַד מגלה געווען דעם סוד, וואָס זיי מעגן און וואָס זיי טאָרן נישט. די איסטאַראַפּיער האָט קיינער דעם סוד נישט מגלה געווען. די איסטאַראַפּיער עלטער־עלטער־זיידעס האָט מען אָנגעזאָגט: זאָלסט נישט שלעכטס טאָן קיין שום באַשעפעניש, אפילו נישט קיין קראָ. נו, מוז מען ליידן, פאַרפאַלן.

אָבער די יונגע מענטשן פון איסטאַראַפּי האָבן פון דעם פרעמדנס רייד גע־לערנט אַן אַנדערן פּשט: ווי באַלד יענע מענטשן מעגן, מעגן מיר אויך. האָט נישט דער גאָט אַרטאַשכאַד באַשאַפן, סיי אונדז, סיי זיי? האָט ער נישט פעסטגע־שטעלט זיינע געזעצן פאַר אַלעמען גלייך? פאַר וואָס זשע זאָלן מיר ליידן פון די פאַרשאָלטענע קראָען פון וועמענס יאָך אַנדערע האָבן זיך באַפרייט? עס קאָן נישט זיין אַז דער גוטער גאָט אַרטאַשכאַד, וואָס האָט באַשאַפן אין זיין גוטסקייט דעם בן־אדם, זאָל פאַר אייניקע באַשטימען דאָס גליק בעת פאַר אַנדערע זאָל ער באַשטימען דאָס אומגליק.

אָ, לאָמיר נאָר ביי אונדז אויסהרגענען די פאַרשאָלטענע קראָען, דאַן וועלן מיר אויך זיין גליקלעך מיט אַלעמען צוגלייך. מיר וועלן אַקערן און זייען און מיר וועלן בויען נעסטן פאַר די טויבן. וואָרקענדיקע טייבעלעך וועלן פליען אַרום אונדזערע געצעלטן און מיר וועלן מער נישט הערן דאָס געקראַקעריי פון די קראָען.

אַזוי האָבן גערעדט די יונגע, אויפגעברויזטע דורך די רייד און מעשיות פון דעם פרעמדן מאַן.

* * *

נישט מיט איין מאָל איז עס געוואָרן. אָבער די יוגנט האָט פאַרט מנצח געווען. די רייד פון דעם פרעמדן און די געענגטקייט מחמת דער פיל־צאָליקייט פון די קראָען, וואָס זענען וואָס אַ מאָל אַלץ מער חוצפּהדיקער געוואָרן, האָבן זייערס געטאָן: אין איסטאַראַפּי האָט זיך צעברענט אַ שנאה צו די קראָען, אַ האַס צו די שוואַרצע קראַקערס וואָס פאַראומערן דאָס לעבן.

גורט אייך אָן מיט שינאה, האָט דער פרעמדער מאַן גערעדט צו דער יוגנט, באַוואָפנט אייך מיט האַס. ראָט אויס, הרגעט די קראָען, אויב איר האָט ליב

אייערע קינדער, אויב איר האָט ליב טויבן, אויב איר האָט ליב דאָס לעבן — פאַרניכטעט די קראָען, וואַרפט אַראָפּ פון זיך זייער יאָך.

און די יוגנט האָט זיינע רייד פאַרשטאַנען. זי האָט צו זיי צוגעגעבן פּירושים: מען דאַרף זיך אָנגורטן מיט האַס, כדי צו ברענגען אויף איסטאַראַפּי דאָס גרויסע גליק פון ליבע, מען דאַרף הרגענען די קראָען כדי עס זאָלן זיך מערן די שטילע טויבן.

נישט מיט איין מאָל גייט מען אין איסטאַראַפּי איבער פון רייד צו מעשׂים. אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן זיך אויך די מעשׂים גענומען ווייזן. דאָ און דאָרט האָט מען אין איסטאַראַפּי שוין געהרגעט קראָען.

די אַלטע האָבן אָבער נאָך כּוח געהאַט: זיי האָבן קיין קראָען נאָך אַלץ נישט געלאָזט קיין שלעכטס טאָן. זיי האָבן די, וואָס מען האָט חושד געווען אין הרגענען אַ קראָ געמשפּט און באַשטראָפט. דעם פרעמדן מאַן האָבן זיי פון איסטאַראַפּי אין גאַנצן פאַרטריבן.

עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. דעם פרעמדנס רייד זענען וואָס אַ מאָל אין מער הערצער אַריין. דערצו האָט דאָס איסטאַראַפּי־פאָלק שוין זייער שטאַרק פון די קראָען געליטן.

ביז איין מאָל איז געקומען צו אַ מרידה.

די יוגנט (און אויך פיל מיטליעריקע און אפילו עלטערע) האָבן אָפן דער־קלערט, אַז זיי ווילן די עלטסטע מער נישט פאָלגן. פאַר עלטסטע זענען געקליבן געוואָרן נייע, יונגע מענטשן און די דאָזיקע מענטשן האָבן צוגעזאָגט דאָס איסטאַראַפּי־פאָלק פון דעם קראָען־אומגליק צו באַפרייען.

און ווידער האָט זיך דער פרעמדער מאַן אין איסטאַראַפּי באַוויזן און ער איז דער אָנפירער פון די קראָען־שלאַכט געוואָרן. ער האָט זיך צוגעקליבן אַ מחנה פון יינגע, מוטיקע, דרייסטע און ער האָט זיי צום קראָען־קאַמף געגרייט.

אָ, נישט אַלע האָבן נאָך אין איסטאַראַפּי צו דעם קראָען־שלאַכט געטויגט. אפילו די וואָס האָבן אין האַרץ מסכּים געווען, אַז מען דאַרף די קראָען אָן רחמנות אויסראָטן, האָבן פון דעסט וועגן נישט אַזוי גרינג געקענט אויפהייבן קיין האַנט אויף דער שוואַרצער קראַקענדיקער באַשעפעניש. צו לאַנג האָבן זיי מיט דעם פאַרבאַט פון אַרטאַשכאַדן געלעבט. טיף־טיף אין האַרצן האָבן זיי זיך נאָך אַלץ פאַר אַאוזראַ געשראָקן.

האָט דעריבער דער פרעמדער מאַן נישט גלייך געפירט זיינע לייט אין דער קראָען־שלאַכט. ער האָט צום ערשט לאַנג און גרינטלעך די דורותדיקע ירושה־מורא פון זייער האַרץ אויסגעבערענט, פאַמעלעך און געניט אין זיי דאָס פייער פון שׂנאה צו דער קראָ אָנגעצונדן און מיט אָט דער שׂנאה זיי פאַרשיכורט און באַצוווּנגען.

— ווי לאַנג ס'זענען פאַראַן קראָען אין איסטאַראַפּי, האָט ער זיי כּסדר געלערנט, טאָרט איר פון עפּעס אַנדערש ווי האַס נישט טראַכטן, עפּעס אַנדערש ווי שׂנאה נישט פילן. רחמנות? ליבע? שיינקייט? מוזיק? אין דער איצטיקער

מינוט, ווען אונדזער לעבן איז נאָך פון די קראָען נישט באַפרייט, איז דאָס אַלץ פאַרראַט... שפּעטער... צוזאַמען מיט דער שפּעטערדיקער ליבע וועלן קומען די טויבן... טויבן אין אַ וועלט אָן קראָען...

* * *

נישטאָ די זאַך וואָס אַ מענטש זאָל נישט באַווייזן אויב ער נעמט זיך צו איר מיט דעם גאַנצן פייער פון זיין נשמה. לאַנג, לאַנג האָט מען אין איסטאַראַפּי געהרגעט, אויסגעראָטן און פאַרניכטעט די קראָען, אָבער מען איז זיי פאָרט בייגעקומען. מען האָט זיך פון זיי באַפרייט.

דאָס איז נישט געשען מיט איין מאָל. עס זענען געווען יאָרן, ווען די טויטע, געהרגעטע קראָען האָבן פאַרשטונקן אַלע טייכן, פאַרלייגט מיט זייער עיפּוש אַלע פעלדער. עפּידעמיעס זענען אויסגעבראָכן. מענטשן האָבן געבראָכן מיט דער גרינער גאַל פון דעם נבלה־געשטאַנק, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די געהרגעטע קראָען. אָ, עס זענען געווען שווערע צייטן, צייטן פון נסיונות, צייטן ווען פיל פון די קראָען־פאַרניכטער האָבן רעזיגנירט, האָבן זיך מיאש געווען. אָבער די שנאה צו די קראָען, וואָס דער פרעמדער מאַן האָט אָנגעצונדן אין די הערצער פון די טרייע, האָט אַלץ גובר געווען. איסטאַראַפּי איז באַפרייט געוואָרן פון דער קראָען־פּלאָג. עס איז געקומען דער אויסגעבענקטער טאָג ווען אין גאַנץ איסטאַראַפּי איז קיין איין קראָ נישט געווען.

דער פרעמדער מאַן און זיין געטרייע מחנה האָבן זיך ביים טייך באַזעצט. דאָרט האָט מען זיי די שענסטע און שטאַרקסטע געצעלטן געבויט. זיי האָבן נישט געדאַרפט מער אַקערן, נישט זייען, זיי האָבן בלויז געדאַרפט וואַכן, אַז אין איסטאַראַפּי זאָלן זיך ווידער אַ מאָל קיין קראָען נישט באַווייזן.

און דאָס פאָלק פון איסטאַראַפּי האָט טאַקע פריי אָפּגעאָטעמט. דאָס פאָלק האָט נעסטן פאַר טויבן געבויט און עס האָט זיך געגרייט צו לעבן און צו געניסן פון גרויסן גליק, פון דער גרויסער ליבע.

עס איז אָבער נישט באַשערט געווען.

די זיגערס איבער די קראָען וועלכע האָבן אין די שיינע און שטאַרקע געצעלטן ביים טייך געוווינט, האָבן זיך אַרומגעדרייט שלינג און שלאַנג און האָבן נישט געוווּסט וואָס מיט זייער ליידיקער צייט צו טאָן.

זיי האָבן זיך צוגעוווינט צו הרגענען קראָען, זיי האָבן אויסגעהאָדעוועט אין זיך אַ האַס צו די שוואַרצע באַשעפענישן. און דער האַס ברענט כאָטש די באַשעפענישן זענען שוין מער נישטאָ.

האָבן זיי זיך אַרום דעם פרעמדן מאַן פאַרזאַמלט און צו אים זייער געשריי אויפגעהויבן.

דער פרעמדער מאַן האָט זיי אויסגעהערט און ער האָט געזאָגט:

— נישטאָ פאַר אייך וואָס צו טאָן מער, זאָגט איר? נישטאָ קיין קראָען

מער, מיינט איר? ווער האָט עס אייך געזאָגט? פון וואַנען ווייסט איר עס? גייט, זוכט אין די טויבן־נעסטן, דאָרט האָבן זיך מסתם גענוג קראָען באַהאַלטן, קראָען אין טויבן־געשטאַלטן...

און אַזוי איז געווען, די מחנה איז צו די טויבן־נעסטן אַוועק. דאָרט האָט מען צום ערשט יעדע טויב וואָס האָט אויסגעזען אַ ביסל חשוד — דערהרגעט. דערנאָך האָט מען שוין אויפגעהערט קוקן, יאָ חשוד — נישט חשוד, מען האָט שוין געהרגעט די טויבן צוליב זיכערקייט און אויך סתם אַזוי, ווייל די שנאה צו די קראָען האָט געברענט און קיין קראָען זענען מער נישט געווען.

און אַז מען האָט די טויבן אויך שוין אויסגעהרגעט, האָט מען ערשט גענומען הרגענען אַלע אַנדערע באַשעפענישן, וואָרום דאָס געזעץ פון גאָט אַרטאַשכאַד און זיין צוזאָג דער מומע אַאוזראַ איז שוין סיי ווי מער נישט געווען גילטיק.

היינט איז שוין איסטאַראַפּי מיט לייטן־גלייך: מען הרגעט שוין דאָרט נישט נאָר באַשעפענישן, נאָר אויך מענטשן הרגענען שוין דאָרט איינע די אַנדערע.

און דאָס אַלץ, ווייל עס ברענט נאָך דאָרט דאָס פייער פון שנאה וואָס דער פרעמדער מאַן האָט געהאַט אָנגעצונדן צו די קראָען אין נאָמען פון דער ליבע צו די טויבן...

## ל. אָליצקי

# אַ דאַנק און לויב

דעם אָנדענק פון דוד איינהאָרן

אַ דאַנק דיר, גאָט, אַ דאַנק
פאַר יעדן טאָג, וואָס גיסט מיר אין געשאַנק,
באַפּעלסט די זון, זי זאָל מיך, ווי אַ מאַמע גלעטן,
טע זאָל מיין דורשטיק אויג — צו דיר אַ שויב —
מיט איר געשטראַל זיך זעטן.

אַ לויב דיר, גאָט, אַ לויב,
וואָס האָסט מיך אויף דער עלטער נישט פאַרלאָזן
און אין מיין טויבקייט מיר געלאָזן
אַ רעשטל פון פאַרלוירענעם געהער,
אַז אין דער שטילקייט פונעם גאָרטן כ'הער
דאָס גרילצן פון אַ גריל פון צווישן גראָזן
און פון די צווייגן און געבלעטעכץ ס'פייגלשע געזאַנג,
און שעפּטשע פריידיק־שטיל: ״איך בין נישט טויב״.

אַ דאַנק דיר, גאָט, אַ לויב
פאַר דיין גענאָד —
פאַר יעדן איינעם טראָט
אויף אונדזער מילך־און־האָניקדיקער ערד,
וואָס האָסט אַ מאָל, אַ מאָל באַהאַרצט
די אָבות אונדזערע באַשערט, —
ווען נאָענט פאַר מיין בליק זיך שוואַרצט
די קבר־עפענונג פאַר מיר.

אַ לויב און דאַנק פאַר דיר
פאַר יעדן שטרעמל לופט,
וואָס כ'אָטעם איין מיט דעם גן־עדנדיקן דופט
פון אונדזער פעט־צעגרינטער
און פילקאָליריקער־צעבלימטער,
פון וויסטקייט אויפגעלעבטער ערד,
וואָס אויף מיין עלטער האָסט אויך מיר באַשערט.

אַ דאַנק און לויב דיר, גאָט,
פאַר יעדער גאָטגעבענטשטער איינציקער מינוט,
וואָס לאָזט אין מיר דאָס אָפּגעקילטע בלוט
נאָך פליסן, קרייזן אין זיין ראָד.

און וועקן אין מיין האַרצן יונגן מוט,
סע זאָל פון צייט צו צייט נאָך שפּילן
מיט איידעלע, דערהויבענע געפילן,
וואָס זוכן זיך באַהעפטן מיט אַ לויטערן געדאַנק.

אַ לויב דיר, גאָט, אַ דאַנק
פאַר יעדער רגע וואָס דו גיסט מיר אין געשאַנק, —
ווען כ'בין שוין אויסגעשעפּט פון יאָרנלאַנגער פּיין
און פון דער רשעות פון די גויים מיד, —
זיך צו דערקוויקן מיטן ווײַן
פון ליד.

אַ לויב דיר, גאָט, וואָס האָסט מיך איינגעהיט
ביז היינט, ביז אָט דעם תהילימדיקן ליד,
וואָס כ'האָב געפורעמט אין דיין מילדן ליכט
אין גאַנצן אומגערעכט,
נאָך דעם ווי ס'האָט דער טויט
געהאַט באַגאָסן מיך מיט קאַלטן שווייס פון נויט
און איינגעהילט אין וואָלקנדיקן שוואַרץ

*

כ'האָב אויסגעשטרעקט צו דיר די הענט,
אויף זיי — אַ זינד־קרבן מיין האַרץ,
פאַר שטומע עדות פיר — די ווענט:
„אָ שענק מיר, גאָט, דעם חסד פון אַ ליד, דעם ווײַן,
וואָס זיין ווײַט פונעם אייגענעם, ישראלס, קעלטער
און מיר דערוואַרעמען דעם גייסט אין הויכן עלטער,
און היילן מיינע ווונדן, לינדערן מיין ווי און פּיין...", —
האָסטו באַוויליקט צו דערפילן מיין פאַרלאַנג
און מיר אַריינגעלויכטן אין געדאַנק,
אין האַרץ דאָס ליד...

„אַ לויב דיר, גאָט, אַ לויב און דאַנק" —
אין טליענדיקער פרייד איך מורמל מיד...
31.12.73

א. שעדלעצקי

# מיין ירושלים...

## (בלעטלעך פון צייט־אַלבאָם)

אַ העלפט פון מיינע יאָרן לעב איך אין ירושלים. מער ווי אין מיין פּויליש געבוירן־שטעטל, פון וואַנען איך בין אָנגעקומען אַהער נאָך מלחמה און אומקום. דאָ האָב איך געפונען מיין ביי־היים, צוזאַמען מיט נאָך אַ סך יידן.

אָנגעקומען קיין ירושלים דאָס ערשטע מאָל בין איך אין אַ פרי־ווינטערדיקן טאָג. אַ לייכט רעגנדל האָט זיך מיט געוואַלד דורכגעריסן דורך די וואַרעמע זון־שטראַלן, אַ ביסל געקאַפּעט, אויפגעהערט און לסוף ווי רעזיגנירט און געלאָזן די זון ווייטער שיקן אירע שטראַלן אַרום. דאָס דאָזיקע בילד פון זון מיט רעגן, פון די ווייניקע און זעלטענע אין דער שטאָט פון די שאַרפע קאָנטראַסטן פון מענטש און נאַטור, איז געבליבן אין מיין זכרון איינגעקריצט אויף תמיד.

איך האָב אין יענעם טאָג געטראָטן דאָס ערשטע מאָל אויף דער ערד פון ירושלים, און באַלד דערשפּירט: דאָ בלייב איך. דאָ לאָז איך אַרויס דעם וואַנדערשטאָק פון דער האַנט. כאָטש די שטאָט גופא האָט דעמאָלט נאָר וואָס אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מלחמהדיקע באַלאַגערונג, האָט מען שוין געקענט זען באַשיינפּערלעך דעם ווידעראויפקום, דעם מאָרגן. אַלטע ירושלימער איינוווינער, וואָס זענען צוליבן מלחמה־אויסבראָך געהאַט פאַרוואָגלט געוואָרן אין דער שפלה, האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען אין זייערע הייזער. אין די פאַרלאָזטע דרום־קוואַרטאַלן פון דער שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן די ערשטע עולים. איך צווישן זיי.

ירושליםביים סאַמע סיום פון זעלבשטענדיקייט־קריג האָט קוים אָנגעהויבן היילן אירע וווּנדן. די שטאָט האָט נאָך דעמאָלט היפּש געליטן פון דאָרשט, נישט געווען גענוג וואַסער. זי איז נאָך געווען געשפּאָלטן אויף מזרח און מערב און אין מיטן האָט צעטיילט די שטאָט אַ פּיינטלעכע גרענעץ אויף וועלכער עס איז געוואַקסן אַ מויער, אַ מויער פון צעמענט און אַ מויער פון שנאה. אויף די מויערן פון דער אַלטשטאָט האָבן געוואַכט אַבדאַלאַס לעגיאָנערן. זייערע לופעס זענען תמיד געווען אויסגעשטרעקט צום יידישן ירושלים, געשאָסן ווען עס האָט זיך זיי נאָר פאַרוואָלט.

פייער־אינצידענטן האָבן נישט איין מאָל פאַראַליזירט דאָס לעבן אין שטאָט. אָפּגעשטעלט יעדע באַוועגונג אויך אויף די הויפּט־גאַסן. "מען שיסט!" דאָס איז געווען אַ וואָרט פון טעגלעכן באַנוץ. שפּעטער זענען די אינצידענטן געוואָרן ווייניקער, אָבער נישט אין גאַנצן פאַרשוווּנדן. אַזוי ביז —

ביז יענעם גרויסן טאָג פון כ"ח אייר תשכ"ז — ווען די אַלטשטאָט איז באַפרייט געוואָרן. ירושלים איז צוריק געוואָרן איין שטאָט.

ירושלימער יידן וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם צוריקקער צום כותל המערבי, הגם די זקני ירושלים האָבן

קיין מאָל, קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו חלומען וועגן דעם. ירושלימער ווייסן, למשל, גוט די מעשה מיט איינעם ר׳ אברהם יעקב פון מאה שערים. יעדן פרייטיק פלעגט ער, אַלע 19 יאָר פון דער אָפּגעריסנקייט פון כותל מערבי, זיך נוהג זיין, נאָכן קומען פון דער מקווה אָנטאָן די זיידענע קאַפּאָטע מיטן שטריימל און זיך אַרויסלאָזן צום גרענעץ־קוואַרטאַל מורשה. ביי דער גרענעץ־באַריערע אויף רחוב הנביאים האָבן די וואַכלייט אים, פאַרשטייט זיך, פאַרהאַלטן און יעדן פרייטיק איז פאָרגעקומען אַזאַ מין דיאַלאָג צווישן אונדזערע חיילים און ר׳ אברהם יעקבן:

— וווהין, ר׳ ייד?

— צום כותל.

— ווייסט איר נישט, אַז מ׳קען נישט?

בלית ברירה פלעגט ר׳ אברהם־יעקב פאַרקערעווען צוריק צו מאה־שערים און אַריין אין זיין "שטיבל" צו קבלת שבת. ער איז אָבער נישט מיד געוואָרן און אַזוי יעדן פרייטיק פאַרנאַכט זיך צוגעשטעלט צו דער גרענעץ־באַריערע פרעגן: "נו, מען קען שוין?". נאָך נײַנצן יאָר איז געקומען דער ערב שבת קודש, פרשת במדבר תשכ״ז, ר׳ אברהם־יעקב איז ווידער געקומען צום זעלבן אָרט און אומגעדולדיק געפרעגט: "נו, מען מעג שוין?" און דאָס מאָל איז דער ענטפער געווען: "יאָ, דאָס מאָל קען מען שוין!", און דער אַלטיטשקער האָט מיט פּאַמעלעכדיקע טריט דורכגעשלייכט זיך דורך די חורבות און דורך די פרישע מלחמה־שפורן צום כותל. און ער איז, נאַטירלעך, דעמאָלט נישט געווען דאָרט אַליין...

## פרימאָרגן־גאַנג צום כותל

פיל זענען מיינע גאַנגען־אויפגאַנגען צום כותל זינט דעם טאָג פון כ״ח אייר תשכ״ז, ווען ירושלים איז געוואָרן צוריק איין שטאָט און פון איר סאַמע האַרץ איז באַזייטיקט געוואָרן די פיינטלעכע גרענעץ.

שוין געציילטע טעג נאָכן זעקס־טאָגיקן מלחמה־נצחון בין איך געווען ביי דער הייליקער מויער, — אפשר צווישן די ערשטע נישט־קעמפער, וואָס זענען געווען בלויז עדות פון דעם וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יענע גרויסע טעג פאַר די אויגן פון די ירושלימער איינוווינער.

איך בין אויך געווען צווישן די גרויסע המונים, ירושלימער און געקומענע פון אַנדערע ערטער, וואָס האָבן יענעם ערשטן שבועות געשטראָמט צום כותל מערבי, ווען דער צוגאַנג צו אים איז צום ערשטן מאָל געעפנט געוואָרן פאַרן ברייטן עולם, נאָכן פאַרזיכערן און אָפּרייניקן פון די מלחמה־באַריערעס און מינירטע פעלדער די ערשטע שטעגן צו דער אַלטשטאָט.

זינט דעמאָלט בין איך נישט איין מאָל און נישט צען מאָל אויפגעגאַנגען צום כותל — אין טעג פון יום־טוב און אין וואָכעדיקע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, אַליין און בחברותא, מיט פריינט און משפחה און מיט טוריסטן־געסט פון אויסלאַנד. כ׳האָב דעם כותל געזען אין אַלע צייטן פון יאָר, ביי טאָג און ביי נאַכט; אין טעג פון טרויער, אין טעג פון פרייד און אויך אין טעג פון פּראָטעסט, צער און צאָרן, ווען אַנטקעגנאיבער דער וואַנט, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך יידישע תפילות אין אַלע דורות, האָבן געפירט זייער הונגער־שטרייק די געוועזענע אסירי־ציון פון רוסלאַנד.

איין מאָל איז מיר אָבער אויסגעקומען צו זיין ביים כותל אין אַ שעה, וואָס איך בין נאָך דאָרט קיין מאָל נישט געווען, זיין און אויף ס׳ביי דערזען דעם כותל ווי כ׳וואָלט אים צום ערשטן מאָל געזען.

דאָס איז געווען אין דער שעה צווישן עלות השחר און זריחת החמה, ווען יקירי ירושלים, זענען מקפּיד צו דאַווענען "תפילת ותיקין". זאָגן קריאת־שמע אין דער ריכטיקער רגע און תפילת שחרית.

יענער פרימאָרגן האָט זיך ביי מיר

אָנגעהויבן, ווען ס׳איז נאָך געווען טיפע נאַכט. מיר האָבן מקדים־געווען דאָס אויפשטיין, כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן. די חוויה האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן שוין מיטן בייטאַכטיקן שפּאַציר איבער די גאַסן פון ירושלים, אַ שפּאַציר וואָס איז תמיד אַן איבערלעבעניש, און בפרט ווען דער ציל איז דער כותל...

פינצטער אַרום. בלויז דאָ און דאָרט לאַמטערן־שיין ווי אין יעדער שטאָט. אונדזער וועג פירט דורכן הר־ציון. נאָך אַ ביסל און די נאַכט־שטילקייט ווערט איבערגעריסן דורכן קול פונעם שכוי — עס קרייט שוין דער האָן, אוודאי ערגעץ אין קידרון־טאָל, אינעם אַראַבישן שילוח־דערפל. ווו דען האָדעוועט מען עופות אין ירושלים?

ירושלים שלאָפט נאָך. טיר און פענצטער פאַרהאַמערט. בלויז אַ הונט קומט אונדז אַנטקעגן מיט אַ געבילעריי. דאָס איז דער שומר פון די ערשטע הייזער אינעם באַנייטן יידישן קוואַרטאַל פון דער אַלטשטאָט, אַנטקעגנאַיבער דעם הר־הבית. דער פּלאַץ ביים כותל איז נאָך לער, הגם ער איז באַלויכטן מיט אַ שפע עלעקטריש רעפלעקטאָר־ליכט, ווי יעדע נאַכט, ווי תמיד זינט דאָס אָרט איז אין אונדזערע הענט. אין איינע פון די פענצטער־טורעמלעך איבערן כותל טונקלט אַ געשטאַלט, מסתמא אַ שומר פון דער כותל־וואַך. אַנדערש — ווי וואָל־טן יידן געוואָגט צו קומען אַהער אין אַזעלכע שעהען אָן מורא, אָן פחד...

נאָך אַ ביסל און סע הייבן אָן קומען יידן פון אַלע זייטיקע געסלעך. זיי שאַרן זיך אַרויס פון די נישעס צוזאַמען מיטן שאַריען פונעם טאָג.

מיט אַ מאָל — דערזעסטו, אַז דו ביסט ווייט נישט אַליין ביים כותל. מיט דיר זענען שוין בנימצא אַ שיינע פּאָר מנינים. יידן פאַלן צו צו די שטיינער. זאָגן תהילים, לערנען, דאַווענען דער־ווייל פון "פאַרנט": נאָך צייט צו דאַ־ווענען שחרית...

אָבער אָט גייט אויף דער מאָרגנ־שטערן. ער קומט פּלוצלינג, מיט אַ מאָל. אַזוי, גלייבן יידן, וועט אויך קומען די אמתע גאולה און ישועה. אָן עפּל־רויט גייט אויף פון דער זייט פונעם הר־הזיתים, זאָגט אָן דעם אָנקום פון נייעם טאָג. עולם כאַפּט זיך צו אָנטאָן טלית און תפילין. די צייט צו דאַווענען שחרית איז געקומען. מנינים־ווייז שטעלט מען זיך דאַווענען. יעדער מנין אין זיין ווינקל. עטלעכע מנינים אַזוי — מקובלים, מוסרניקעס, בעלי־מדריגה, אנשי־מעלה — יעדער אין זיין נוסח. יידן מיט באָרד־און־פּיאות און ייִנגערע מיט בלייכע אויסגעצערטע פּנימער פון לערנערס און ישיבה־בחורים. אַלט ירו־שלים? לאַוו דווקא... כ׳קוק זיך אַרום און זע היימישע פּנימער. יידן ווי איך, אָן באָרד־און־פּיאות, גלאַטיקע פּנימער, און צווישן זיי — אַ קענטלעך פּנים. ווו האָב איך עס געזען? — יאָ, דאָס איז דאָך מרדכי, דער נייער עולה פון מאָסקווע, וועמען איך האָב ערשט באַ־קענט און אָנומלט אויך געזען צווישן די שטרייקנדיקע סאָוויעטישע עולים ביים פּראָטעסט קעגן משפּט אין לענינגראַד. איך ווייס עפּעס וועגן אים. צום באַ־וווסטזיין אַלס ייד איז ער געקומען אַליין און מיט כוח זיך אַרויסגעריסן פון דאָרט. איצט איז ער דאָ, איז געוואָרן פרום. אויך ער, ווייזט זיך אַרויס, גע־הערט צו די דאַווענער מיטן ערשטן מנין ביים כותל. יעדן טאָג אַזוי — נישט ווי מיר, וואָס זענען געקומען אַהער בלויז צוליב אַן איינמאָליקן פאַ־מיליע־יום־טוב — כדי צו פּראַווען די בר־מצווה פונעם קליינעם שמואליקלען, וואָס דאַרף לויטן לוח הייגט צום ערשטן מאָל לייגן תפילין און וויל דאָס טאָן מיטן ערשטן מנין ביים כותל, לויטן מנהג ביי ירושלימער קינדער...

יידן דאַווענען — און דער כותל דאַוונט מיט. עפּעס באַוועגט זיך צווישן זייגע מיט מאָך־באַוואַקסענע שפּאַלטן. פייגע־לעך, טויבן שטעקן אַרויס די קעפּלעך פון זייערע נעסטן, ווי אויך זיי וואַרטן

אויפן טאָג־אויפגאַנג. באַלד פליען זיי טאַקע אַרויס, טשאַטעס גאַנצע. זיי קרייזן אַרום איבער אונדזערע קעפּ מיט אַ לוסטיקן פרימאָרגן־צווישטשעריי.

אין די חדר־יאָרן האָב איך אַ מאָל געהערט וועגן דער "יונה הומיה" — דעם סימבאָל פון "כנסת ישראל" — וועגן דער טויב, וואָס וויינט און קלאָגט אין דער נאַכט פון תשעה־באב ביים כותל אויפן חורבן בית המקדש. איצט זע איך נישט איין "יונה הומיה" — טויבן, אַ סך טויבן זע איך, אַ סך פייגל. איך האָב זיך קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט אַז ביים כותל זענען פאַראַן אַזוי פיל פייגל... און דאַכט זיך, דאָס מאָל וויינען זיי נישט, די טייבעלעך, נאָר פרייען זיך מיט. זיי דאַווענען, זיי זאָגן שירה צוזאַמען מיט די פרימאָרגן־מתפללים דאָ...

אַ מינוט ווערט שטיל. אַלע דרייען זיך אויס אויף מזרח, מען וואַרט אַ ווייל אויף "נץ החמה", כדי שוין צו קענען זאָגן די ברכה "גאל ישראל".

ביי ברכת כוהנים (ביים כותל ווי אין ירושלים בכלל דוכנען די כוהנים ביי יעדער תפילה), וואַרט מען ווידער אָפּ, אַלע מנינים פאַראייניקן זיך צוזאַמען ווען עס דערהערט זיך דער "יברכך!"

———

דאָס בר־מצווה־בחורל, וואָס האָט נאָר וואָס צום ערשטן מאָל געלייגט תפילין איז עולה לתורה, מאַכט די ברכות און אַלע זאָגן נאָך "אמן". אויך די פייגל איבער אונדז צווישטשען צו.

איך ווייס נישט, ווי לאַנג דאָס פרישע בר־מצווה־בחורל פון ירושלים וועט לייגן די תפילין. ער קומט דאָך פון אַ היים וווּ יידישע טראַדיציע איז אמת טייער, אָבער זיינע עלטערן זענען נישט קיין שומרי מצוות. איין זאַך ווייס איך אָבער יאָ: דער פרימאָרגן־גאַנג צום כותל, כדי צו לייגן דאָס ערשטע מאָל תפילין אין טאָג פון ל"ג בעומר, ערב דעם פערטן יאָרטאָג פון באַפרייען ירושלים, וועט אייביק בלייבן אין זיין זכרון ———

**ועלו מושיעים בהר־ציון...**

הויך און מאַיעסטעטיש, געהילט אין אַ סך גרינס, הייבט זיך דער הר־ציון אין סאַמע האַרץ פונעם פאַראייניקטן ירושלים. דרום — דער טיפער טאָל גיא בן־הינום, אין מזרח דער נחל קידרון, אין מערב ימין משה מיט מאָנטיפיאָרעס ווינטמיל און אין צפון — די מויער פון דער ירושלימער אַלטשטאָט. ביז 1967 איז דער באַרג, און באַזונדערס דאָס קבר פון דוד המלך, געווען דאָס פאַרהייליקסטע און געשעצסטע אָרט ביי יידן אינעם יידישן טייל פון ירושלים, הגם יידישע פאָרשער שטעלן בכלל אין ספק די פינקטלעכע לאָקאַליזירונג פון הר־ציון און עיר־דוד... לויט אַט די פאָרשער קומט אויס, אַז דער אמתער הר־ציון פון אַ מאָל האָט זיך גאָר געפונען מער אויף מזרח, ביים עופל, אויפן וועג צום שילוח. מיט דער אויסברייטערונג פון דער שטאָט ירושלים אין די עלטסטע צייטן, און ווי עס ווייזן די לעצטע אַרכעאָלאָגישע אויסגראַבונגען, האָט זיך די אויסברייטערונג נאָך אָנגעהויבן אין די צייטן פון בית־ראשון, איז אַ פנים אויך דער נאָמען הר־ציון אויסגעברייטערט געוואָרן אויפן באַרג ווו עס האָט זיך דעמאָלט געפונען די "עיר העליונה" (די אויבערשטע שטאָט) אין מערב, וואָס איז ביזן היינטיקן טאָג געבליבן ביים דאָזיקן נאָמען הר־ציון...

איך געדענק, ווען כ'בין צום ערשטן מאָל אויפגעגאַנגען צום דאָזיקן באַרג, באַלד נאָך מיין אָנקומען אין לאַנד אַריין. דאָס איז דעמאָלט נישט געווען קיין לייכטע זאַך (דער הר־ציון ליגט כידוע, 778 מעטער איבערן ים־שפיגל). דער אַרויפקלעטער דורך "אונדזער" זייט — דורך ימין משה — איז געווען נישט אַזוי לייכט, נישט אָן אַ באַזונדערן אָנשטרענג. ערשט אין אַ יאָר צוויי־דריי שפּעטער האָט מען דעם אַרויפגאַנג היפּש לייכטער געמאַכט דורך אַספאַלטירן אַ וועג, דורך בויען שטיגן פון שטיינער, אַספאַלט און צעמענט. דעם וועג פאַר

אויטאָס האָט מען ערשט געבויט לכבוד דעם באַזוך פון פּויפּסט. צוליב דער נאָענטקייט פון דער גרענעץ איז ער אָבער נישט געווען צוטריטלעך פאַר גע־ווײַנלעכע בשר־ודמס. נישט איין מאָל האָבן די אַראַבישע לעגיאָנערן אויף די מויערן סתם אַזוי זיך געעפנט אַ פײַער אויף די יידישע עולי־רגל...

הלמאי זאָל מען לייקענען: די היילי־קייט פון הר־ציון האָט מלכתחילה אויס־געזען צו זיין נישט בלויז מחמת זיין אייגענעם זכות נאָר בעיקר צוליב זיין נאָענטקייט צו דער אַלטשטאָט, בעיקר צום כותל־מערבי, וואָס איז נאָך געווען אומצוטריטלעך פאַר יידן. איבערן געבוי פון דוד המלכס קבר — מצפה הבית — האָט מען לייכט געקענט אַריבערקוקן אַהין, אַהין — צו ירושלים — צום אַלטן ירושלים, וואָס איז געווען אין די הענט פון די ירדנער זינט דעם פאַלן פון יידישן קוואַרטאַל אין יאָר 1948.

אָט די נאָענטקייט צום כותל און צו די מויערן פון דער אַלטשטאָט האָט אַ סך צוגעגעבן צו דער מאַגישער קראַפט פון הר־ציון, וואָס פלעגט אין די יום־טובים צוציען המונים, נישט געקוקט אויף דער מסוכנדיקער נאָענטקייט פון דער גרענעץ.

אין דעם מאָמענט אָבער, ווען די אַלטשטאָט איז צוריק באַפרייט געוואָרן און דער צוגאַנג צום כותל מערבי איז געוואָרן פריי — אומגעשטערט — איז, אויב מ׳קען אַזוי זאָגן — דער הר־ציון אַראָפּ פון זיין גדולה פון פאַר 1967, געוואָרן אויס איינציקער צענטער, וואָס ציט צו די המונים — מיט איין וואָרט: פנה הודו...

ירושלימער איינוווינער וועלן, דאַכט זיך, קיין מאָל נישט פאַרגעסן יענעם שבועות באַלד נאָך דעם נצחון, ווען קליין און גרויס, די גאַנצע שטאָט יידן און פיל געקומענע פון גאַנצן לאַנד, האָבן געשטראָמט צום כותל — טאַקע דורכן הר־ציון (מחמת זיכערקייט־טעמים איז דער וועג געווען אין איין ריכטונג — מ׳איז אַריין דורכן שער־ציון און אַרויס דורכן שער־יפו). זינט יענעם טאָג איז אָבער הר־ציון גופא ווי פאַרגעסן געוואָרן. ביים קבר פון דוד המלך פאַרהאַלט זיך דער באַזוכער בלויז אויף אַ קורצער ווייל, אויפן וועג צום כותל, זעלטן ווען דאַוונט דאָ אַ מנין. בלויז איינצלנע משפחות פון די מזרח־עדות קומען נאָך אַהער פראַווען זייערע פאַ־מיליע־יום־טובים: אין שאָטן פון די הויכע ביימער אויפן באַרג און ריכטן דערביי אָפּ זייערע תפילות ביים קבר פון דוד מלך ישראל.

בלויז איין טאָג אין יאָר באַקומט דער הר־ציון צוריק זיין אַמאָליקן גלאַנץ: אין טאָג פון יום־טוב שבועות, וואָס איז לויט דער מסורה דער טאָג פון געבוירן און פון יאָרצייט נאָך דוד המלך.

אין דעם טאָג ווערן די כתר׳ס פון די בתי־כנסת אין אַלע תפוצות, וואָס זענען איינגעזאַמלט געוואָרן אויפן הר־ציון, אָפּגעפוצט און אויסגעשטעלט אויפן לאַנגן שטיין, באַדעקט מיט געהאַפּטענע פרוכתן און אינעם שכנותדיקן שטיבל, ווי אויך אינעם גרויסן צוגאַנג־זאַל און הויף, דאַווענען מניינים פון אַלע עדות און שבטים. עס צינדן און ברענען דאָ אַרום אַ סך ליכט, און יקירי ירושלים ריכטן דאָ אָפּ אַ גאַנצע נאַכט תיקון ליל שבועות. אויף די טרעפּ און אין די טונקעלע נישעס ליגן אויסגעלייגט גאַנצע משפחות אויף זייערע טעפּיכער. זיי זענען אַהער געקומען פאַרברענגען דעם גאַנצן יום־טוב מיט פולע קיישלעך יום־טובדיקע שפּייזן. דאָס געזאַנג ״דוד מלך ישראל חי, חי וקיים!״ — הערט זיך אַ גאַנצן טאָג שבועות אויפן הר־ציון.

״וישכב דוד עם אבותיו ויקבר בעיר־דוד״. — אַזוי ווערט דערציילט אין ספר מלכים א׳ (ב, 10), וועגן דעם אָרט, וווּ דוד המלך איז געבראַכט געוואָרן צו אייביקער רו. אין פיל אַנדערע ערטער אין ספר מלכים ווערט דאָס זעלבע איבערגעגעבן וועגן אַנדערע מלכי יהודה, אַז אויך זיי זענען באַערדיקט געוואָרן

אין "עיר דוד". דאָס אָרט פון אָט די קברים האָט מען, ווי עס זעט אויס, געוווּסט אין די צייטן פון "שיבת ציון". ביים פאַרטיילן די מאַכט אין ירושלים צו די פאַרשידענע שׂרים, האָט נחמיה בן חכליה אָנגעצייכנט דעם פּלאַץ פון הערשאַפט פון איינעם פון זיי: "עד נגד קברי דוד". אויך אונדזערע חכמי התלמוד האָבן געוווּסט, אַז די קברים פון די מלכים געפינען זיך אין ירושלים גופא. אין תוספתא בבא בתרא ווערט געזאָגט, אַז "די קברים פון בית דוד... זענען געווען אין ירושלים און קיין שום מענטש האָט זיי פון אָרט נישט גערירט"...

אַז אָט די קברים האָבן זיך געפונען אויף דעם באַרג, וואָס מיר רופן היינט הר־ציון, איז אַ מסורה וואָס איז אַלט טויזנט יאָר. דער עלטסטער מקור איז אַן אַראַבישער. אַ־טאַבאַרי (838—923) פאַררופט זיך אויף קריסטלעכע קוועלן, אַז דוד המלכס קבר געפינט זיך אויפן הר־ציון, און דער געבוירענער אין ירושלים געאָגראַף אל־מוקאדאסי האָט דאָס זעלבע געשריבן אין יאָר 986 פאַררופנדיק זיך אויף דער מיינונג, סיי פון קריסטן, סיי פון יידן. דער עלטסטער יידישער מקור איז בנימין פון טאַדעלאַ (1171).

אינטערעסאַנט, אַז ביי קריסטן איז לאַנג אָנגעגאַנגען די מיינונג, אַז די קברים פון דוד און שלמה געפינען זיך גאָר אין בית־לחם. נאָך אַן אַלטער רייזנדער מסועדי (943) האָט גאָר דעם קבר פון דוד המלך געפונען אין נחל קידרון.

די צוויי ווערסיעס שטאַמען אַ פּנים פון די באַזונדערע קאָמענטירונגען פון דערמאָנטן פּסוק "וישכב דוד עם אבותיו ויקבר בעיר דוד". די אבות פון דוד המלך זענען דאָך באַשטימט באַגראָבן געוואָרן אין זייער היימשטאָט בית־לחם, וואָס ווערט אויך באַצייכנט אַלס "עיר דוד". דער נחל קידרון ווידער איז דאָך פיל נעענטער צו דער אָריגינעלער עיר־דוד, וואָס איז אין די צייטן פון בית שני געווען אין דער געגנט פון עופל, דרום פון הר־הבית, וואָס איז לויט דער מיינונג פון רוב פאָרשער דער אָריגינעלער הר־ציון. דער יידיש־פראַנצויזישער אַרכעאָלאָג, ווייל, האָט טאַקע אין זיינער צייט דאָרט געפונען אַ קאָמפּלעקס קברים, וואָס זענען לויט זיין השערה די אמתע קברים פון די מלכי יהודה. אַנדערע געלערנטע האַלטן, אַז די קברי מלכי יהודה געפינען זיך ביים כפר השילוח. די אַלע ערטער האָבן זיך אין די צייטן פון בית שני געפונען אינערהאַלב די מויערן פון דער שטאָט. פון תלמודישע קוועלן ווייסן מיר טאַקע, אַז די קברים פון בית דוד (און פון חולדה הנביאה) זענען אויסנאַמווייז געבליבן אין די גרענעצן פון דער שטאָט ירושלים.

דער שטח פון היינטיקן הר־ציון איז פון די עלטסטע צייטן געווען באַזונדערס פאַרהייליקט ביי די קריסטן. שוין אין דער ביזאַנטישער תקופה איז דאָ אויפגעשטעלט געוואָרן איינע פון די ערשטע גרויסע קירכעס. לויט דער קריסטלעכער טראַדיציע האָט זיך טאַקע דאָ, איבערן קבר פון דוד המלך, געפונען דאָס בוידעם־שטיבל, ווו קריסטוס האָט אָפּגעהאַלטן די לעצטע סעודה פאַר דער קרייציקונג. די קרייצטרעגער האָבן טאַקע דאָ אויפגעשטעלט זייער קירכע פון דער הייליקער סעודה (דער קנאַקולום אין גריכיש). שפּעטער, אין 1910, האָבן דייטשע קאַטאָליקן אויפגעבויט אין שכנות אויף אַ פּלאַץ, וואָס דער קייזער ווילהעלם דער 2טער האָט באַקומען בעת זיין באַזוך אין ארץ ישראל, אין 1898 אַלס מתנה פונעם טערקישן סולטאַן, די קירכע "דאַרמיסיאָן", ווייל לויט דעם קריסטלעכן גלויבן איז דאָרט איינגעשלאָפן אויף אייביק ישו׳ס מאַמע, די הייליקע מרים.

אין משך פון לאַנגע דורות זענען פאָרגעקומען שאַרפע קאָנפליקטן צווישן יידן און קריסטן איבערן קבר פון דוד

המלך, אזוי — ביז אַ מוסולמענישער הערשער האָט זיך מיישב־געווען און געמאַכט אַ "פשרה": נישט די יידן, נישט די קריסטן, נאָר דער קבר זאָל געהערן צום איסלאַם, ביי וועלכן דוד המלך איז נישט אַבי ווער. די מוסולמענישע הערשער האָבן זינט דעמאָלט נישט צו־געלאָזט אַהין נישט קיין יידן נישט קיין קריסטן. זינט דער צווייטער העלפט פונעם 15טן יאָרהונדערט איז דאָס קבר מיט אַלע געביייען אַרום אַריבער אין רשות פון איינע פון די חשובסטע אַראַבישע משפחות אין ארץ־ישראל, דאַדזשאַני. ערשט ביים בריטישן מאַנ־דאַט איז דערלויבט געוואָרן, פאַר אַן אָפּצאָל, יידן צוצוקומען צום קבר.

ביים אָנהייב פון זעלבשטענדיקייט־קריג איז דער הר־ציון געווען אין אַראַבישע הענט. פון דאָרט האָבן זיי גע־האַלטן אין איין באַשיסן אונדזער ימין־משה. דעם 18טן מאַי האָט אַ פּלמ"ח־גרופּע מיט עוזי נרקיס אין שפּיץ דער־אָבערט דעם באַרג. צומאַרגנס האָבן זיי דורכגעבראָכן דעם שער־ציון און גע־שאַפן אַ פאַרבינדונג מיטן אַרומגערינ־גלטן יידישן קוואַרטאַל פון דער אַלט־שטאָט. צוליבן דרוק פון שונא איז די פאַרבינדונג צעשטערט געוואָרן און די קעמפער האָבן זיך געמוזט צוריקציען פון דער אַלטשטאָט. דער הר־ציון איז שוין אָבער פאַרבליבן אין אונדזער רשות, און איז אין די ערשטע יאָרן פון דער מדינה, ווי געזאָגט, געוואָרן דער פּלאַץ פון מאַסנהאַפטע עליה־לרגל קיין ירושלים.

אין איינעם פון די געבויען פון הר־ציון איז אין זיינער צייט אויך אַנט־שטאַנען דער "מרתף השואה" — מוזיי פון דער אומקום־תקופה, וווּהין עס זע־נען געבראַכט געוואָרן פאַרשידענע פאַר־שוועכטע ספרים און הייליקטימער פון אייראָפּע, ווי אויך דאָס אַש פון די קרעמאַטאָריעס. ניצול־געוואָרענע פון אומ־קום האָבן דאָ איינגעמויערט אין די אַלטע פעלדזיקע ווענט געדענק־טאָוולען מיט אויפשריפטן לזכר הונדערטער חרוב־געוואָרענע יידישע קהילות. אין אַ יאָר־צייט נאָך יעדער קהילה פאַרזאַמלען זיך מנינים יידן צום זאָגן קדיש, דאַווענען אַ מנחה און לערנען אַ פּרק משניות.

געגנט ווי פיל אַנדערע ערטער אין אַלטן ירושלים האָט מען אויך אויפן שטח פון הר־ציון צוגעטראָטן דורכפירן אַרכעאָלאָגישע גראָבונגען. אַ קליינע התחלה איז אויף דעם געביט געמאַכט געוואָרן נאָך בעתן בריטישן מאַנדאַט. די אויסגראָבונגען אין די לעצטע יאָרן ווערן סומירט צום ערשטן מאָל דורך דעם אַרכעאָלאָג, וואָס שטייט אין שפּיץ פון דער עקספּעדיציע אויפן הר־ציון, מגן ברושי, אינעם ספּעציעל דערשינע־נעם נומער פון פערטליאָר־שריפט פאַר אַרכעאָלאָגיע "קדמוניות" (רעדאַגירט פון יגאל ידין). טאַקע די דאָזיקע גראָבונגען האָבן באַשטעטיקט די השערה, אַז די באַזעצונג פון "העיר העליונה" — דער פאַקטישער שטח פון היינטיקן הר־ציון — האָט זיך אָנגעהויבן ביים סוף פון בית־ראשון און נישט אין די צייטן פון בית שני, ווי דאָס איז געווען אָנגע־נומען. מגן ברושי האַלט, אַז שוין אי־נעם 7טן יאָרהונדערט פאַר דער קריסט־לעכער צייטרעכענונג איז דאָ שוין גע־ווען אַ ישוב. דערווייל איז שווער צו וויסן צי דער שטח איז געווען דעמאָלט איינגעשלאָסן אין די מויערן. ווי עס זעט אויס, איז דער קוואַרטאַל געווען מחוץ די חומות, אַ מין פרייע פאַר־שטאָט, אַ באַוויז פאַר דעם וווּקס פון ירושלים אויך אין די צייטן פון בית ראשון. וויכטיקע פינדונגען זענען אויך אויסגעגראָבן געוואָרן פון דער פּערסי־שער תקופה, פון סוף בית שני, פון דער ביזאַנטישער תקופה, פון דער אור־אַלטער אַראַבישער תקופה און פון די צייטן פון די קרייצטרעגער. פון דער העראָדיאַנישער תקופה זענען אויסגע־גראָבן געוואָרן שיינע געבויען מיט קאָ־ליריקן טונק. די הנחה איז, אַז אויפן שפּיץ פון דער "עיר העליונה" פון

ירושלים האָבן דעמאָלט געלעבט די פאַרמעגלעכע פון ירושלים, און דאָ האָט זיך כידוע, אויך געפונען אַ שיין אויפגעבויטער פּאַלאַץ פון די חשמונאים.

אפשר — אפשר וועלן די אויסגראָבונגען אויך ענדלעך קלאָר מאַכן די פּלוגתא וועגן דוד המלכס קבר און וועגן די גענויע גרענעצן פון הר־ציון אַ מאָל, אַ מאָל...

## ירושלימס סוד...

אַ האַלב לעבן אָפּגעלעבט אין ירושלים —און אַז עמעצער פרעגט מיך ״קענסטו די שטאָט?״ ענטפער איך גלייך, קיין סך נישט צו קלערן: ״ניין, איך קען זי ווייניק, מיין ירושלים. ווייניק צייט בין איך דאָ, נישט באַוויזן זי נאָך גוט קענען צו לערנען״.

וואָרעם — עס האָט שוין ריכטיק אָנגעוויזן אַ משורר און מחנך אין ירושלים (יצחק שלו), אַז ווען עמעצער זאָגט, אַז ער קען ירושלים ווי זיינע צען פינגער, אָדער אַז ס׳נישטאָ אין ירושלים קיין ווינקל, ער זאָל עס נישט קענען — זאָלט איר אים נישט גלייבן. ירושלים האָט אַזוי פיל לאַבירינטן און פאַרבאַהאַלטענע ווינקעלעך, וואָס קיין שום ילוד־אישה קאָן זיי אַלע נישט קענען. דאָס קענען לערנען ירושלים איז נישט פאַר די כוחות פון איין מענטש, אפילו, ווען ער זאָל לעבן הונדערט יאָר און זיך אָפּגעבן דאָס גאַנצע לעבן דערמיט. וואָס איז דען איין יאָרהונדערט לגבי די טויזנטער יאָרן לעבן פון דער שטאָט גופא? ירושלים איז אַ שטאָט וואָס מען לערנט נישט בלויז מיט אַ מאַפּע, נאָר דורך אַ סך, אַ סך ספרים. ווי למשל, קען מען קענען דעם גיחון, שילוח און עין־רוגל אָן דעם תנ״ך? דעם מגדל־דוד און הר־הבית אָן דער משנה, תלמוד און פלאַוויוס?

און נישט בלויז געשיכטע און פאָרשונג. אויך אגדה מוז מען לערנען כדי צו קענען ירושלים. די אגדה פון ירושלים איז אַ טייל פון איר ווירקלעכקייט, נישט ווייניקער חשוב ווי די וואָרהייט אַליין...

דאָס הייסט, אַז ווי לאַנג אַ מענטש זאָל נישט פאַרברענגען אין ירושלים, ווי לאַנג ער זאָל נישט לעבן אין דער שטאָט, וועט ער שטענדיק קענען אויף ס׳ניי עפּעס דערוויסן זיך וועגן איר הווה און עבר.

שווער צו דערגרונטעווען ירושלים, זי קענען צו לערנען מיטן שכל. באַנעמען מיט האַרץ און געפיל — יאָ. און פון דאַנען די רייכע פּאָעזיע פון דורות פייטנים און פּאָעטן וואָס האָבן געזונגען וועגן דער שיינקייט און פּראַכט פון דער אייביקער הויפּטשטאָט פון יידישן פאָלק.

דאָס איז דער סוד פון ירושלים — ווי עס איז דאָס מסביר דער פאַרשטאָרבענער פּראָפ׳ אברהם יהושע העשל אין זיין ספר ״ישראל הווה ונצח״, וואָס ער האָט געשריבן אין אָנבליק פון דער צוריקפאַראייניקונג פון ירושלים: ירושלימס סוד באַשטייט אין דעם, וואָס איר עבר איז בלויז אַן אָנהייב, אַ פּראָלאָג. איר כוח ליגט אין כסדרדיקער באַנייונג. שטילקייט זאָגט דאָ אָן צוקונפט. צייטנווייז איז דאָ סתם אַן אוונט אַ כל־נדרי־נאַכט... די לופט איז דאָ פול מיט נישט־געהערטע מעלאָדיעס...

## פון הויפּטשטאָט צו גרויסשטאָט

און אַז אַלץ ביז איצט איז בלויז אָנהייב, מוז דאָך קומען אַ המשך. אויף אַלע געביטן מסתמא, — און אויך אין אַלטעגלעכן לעבן פון דער שטאָט.

מיין ירושלים, ווי איך קען זי געפינט זיך אין כסדרדיקן בוי און רעמאָנט, באַזונדערס אין די יאָרן נאָך 1967. נייע קוואַרטאַלן זענען זינט דעמאָלט צוגעקומען, קוואַרטאַלן וואָס וואַקסן ווי אויף הייוון. רמת־אשכול, רמות, גבעת שפירא אין צפון און גילה אין דרום. די שטאָט וואַקסט אין דער ברייט, אין שטח, און אויך אין דער הייך. די הויפּטשטאָט ווערט אויך גרויסשטאָט.

שטייען מיר טאַקע אַזוי אין איינעם אַ טאָג און פאַררייסן דעם בליק אַרויף צום שפּיץ פון איינעם פון די וואָלקנ־קראַצערס, באַוווּנדערן זיין אַרכיטעקטאַ־נישן בוי.

— ר׳ שלמה, וואָס קוקט איר אַרויף, איר זעט דאָך נישט די מענטשן אונטן...
— רוף איך זיך אָן צו מיינס אַ ידיד, ווײלכן איך באַגעגן פאַר דעם בנין, ווען איך גיי פאַרביי צו דער אַרבעט.

— איך קוק, צי דאָס הויז שטייט גלייך אויף אָט דער קרומער גאַס... — ענטפערט ער מיר אינעם זעלבן הומאָר־נוסח און גיט צו מיט אַ צעשמייכלט פּנים: נו, ווי געפעלט אייך עפּעס דאָס שטיקל אַרבעט פון מיין ניאָמען?

ניאָמע איז זיין בן־יחידל, וועלכן ער האָט געבראַכט אין לאַנד אַריין אַלס 15־יאָריק קינד, אַרויסגעראַטעוועט פון וואַנדער און וויי און געשוואַרצט דורך גרענעצן. דער טאַטע — אַ לובלינער, די מאַמע — אַ ווילנעריין, האָבן זיי זייער בן־יחיד געבוירן אין די סאַמע מלחמה־יאָרן אויף פאַרשיקונג אין רוסלאַנד ביי די ערגסטע באַדינגונגען. ווען ניאָמע איז געקומען אין לאַנד אַריין האָט ער, פאַרשטייט זיך, קיין וואָרט העברעיש נישט געקענט, אָבער אָט האָט ער מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרענדיקט דעם טעכניקום אין חיפה מיט אַן אויסצייכע־נונג אַלס דיפּלאָמירטער בוי־אינזשיניער, און דער בוי פון בנין מגדל — די ערשטע הויכע געביידע אין סאַמע צענ־טער פון ירושלים — איז זיין ערשטע גרויסע אַרבעט...

יאָ, אויך דאָס געהערט, אָן ספק, צו דער פּרשה פון ירושלימס צוקונפט...

## יונה בערקמאַן

### געפונען זיך

ווּהין איז אומרו מיינער נישט פאַרפלויגן ?
אין וועלכע נישט געבלאָנדזשעט האָט ער תחומען ?
מיט אַש־פליגל פון אָפּגעברענטע סטויגן
גע'נע־ונד'עווט אין נישטער צו די קרנות המזבח,
ווייל דו, מיין גאָט, פאַרבאָרגן האָסט דיין פּנים
פון שוואַכן מענטשעלע — אַן אָפּגעריבענע מטבע —
וואָס, מיט זיך לעשנדיקע פונקען פון נשמה,
געזוכט אַ שאָטן פון אַ סטעזשקע צו דיין עמוד ...
ביז מיך, באַהאָנגענעם מיט פולע ייאוש־קוישן,
עס האָט אַ מלאכל — אַ מליץ יושר —
אַ קוש געטאָן אין אומעט פונעם האַרץ
מיט ערשטגעבוירענע בטחון־קלאַנגען ;
שטיי איך פאַר דיר,
אָן מיינע גלות־שיך,
מיט אני־מאמינס־חופּה־שטאַנגען,
ווייל מיר באַשערט האָסטו ביים זומפּ פון צער
געפינען איך זאָל זיך ...

### ירושלים של מעלה

מיין ערשט הויז כ'האָב אויסגעבויט
אין האַרץ פון דיינע חורבות,
ווען פון דעם טיש איך בין געוווען נישט העכער ;
אויף מיינע טרערן קינדישע געשווומען איז צו דיר
מיין בענקען
אין שיפן — פולע בעכערס ;
אין חלום האָט מיין שמייכל אויסגעפוצט זיך,
דיר אַנטקעגן,
אין כלה־שלייערס,

מיט שיר־השירים אין די אויגן,
און כ׳האָב געהערט די פּעמי־משיח,
פון בין הבתרים־ברית געשפּירט דעם ריח.

היינט —
ווער ווייס אין וועמעס זכות —
שטיי איך פאַר אַלע רעטענישן פון דיין דויער,
פאַר דער געדעכעניש פון אורצייט,
וואָס איז אין יעדן שטיין דיינעם פאַרמויערט,
מיט איינגעבויגן האַרץ,
צעטרייבערטן פון כלערליי עקדות,
און ס׳פעלט אים אויס דער כוח אויסצוזוכן טראָפּנס מוט
פון צוגעטיילטע, קאַרגע פריידן.

איך שטיי און האָרך
און ס׳נעמט מיך דורך דיין של למעלה־שווייגן —
פון בלוט און נס —
און פּיל —
דער סוד פון מיין צעגליטן בענקען איז עד היום
אין דיינע שטיינער איינגעטוליעט,
ווי אין אַ נעסט,

און תהילים וואָס פאַרטייעט זאָגן דיינע טאָלן, דיינע היגלען,
און אַלע פּסוקים וואָס עס האַלדזן דיינע פעלדזן
בלחש טרייסטן מיט די דורותדיקע ערי־מיקלט.
ווער אין אַן אויגנבליק, אַ קוים דערזעען פינטעלע,
פון דער געזאַלבטער שעה וואָס איז מתפּלל,
און אַלע צווגן פּיין פון אויסקום מיינעם טרעטן אָפּ,
בטחון פולע הויפּנס כ׳שעפּ ביי דיינע סקאַלעס,
ווו ס׳פאַלט, צופוסנס זיי, מיין פייער־טרער אַראָפּ
אין קדושה־ציטער איינגעטליתט.

יאָסל חריף

# 1. אַ יזכור אין חצות

אין די שפּעטע אָוונט־שעהן איז זיך דער עולם צונויפגעקומען אינעם קיבוץ, וואָס אין די הרי־יהודה. די לבנה קוקט אַראָפּ אַ פאַרטראַכטע. אַ נאַכט־פויגל האָט געלאָזט הערן זיין קול איבער דעם נאָענטן וועלדל. די נאַכט איז אַ קאַלטע. יונגע ביימלעך באַוועגן זייערע צווייגן און זוכן דערפרישונג אין דער קילקייט פון דער נאַכט. אויף אַ בוים האָט, ווייזט אויס, זיין מזל. עס וועגדט זיך ווו און ווי ער צעוואַקסט זיך, ווי ער ווערט אויסגעהיטן פון בייזע שטורעם־ווינטן.

אויף דער דאָזיקער ערד, צווישן די שטעגן דאָ, האָט אַ מאָל אין די צייטן ווען די שופטים האָבן געמשפּט דאָס פאָלק געשפּאַנט שמשון הגיבור און געפירט מלחמות אַנטקעגן די "פלישתים שונאים". דער באַרג אַנטקעגן, אויף וועלכן אַ יונגער וואַלד איז אויסגעוואַקסן, מאַכט דעם רושם פון אַ שלאָפנדיקן ריז, ווי אַ מאָ־נומענט פאַר שמשונען, וואָס האָט געקאָנט ערלעך־הייס ליב האָבן און שווער נקמה נעמען... דער עבר אַנטפּלעקט זיך דאָ מיט טיפער בענקשאַפט און פאַר ביקייט. דאָ, צווישן די פאָלדן פון די יהודה־בערג האָבן זיך אויפגעזאַמלט פון ס׳ביי די בני־ישראל, אַ פאַרשידענער קאָלאָריט פון פאַרשידענע קאָנטינענטן, און באַהעפטן זיך ווידער מיט דער דאָזיקער ערד.

דער בייער "חדר־אוכל" געמט אויף דעם גרויסן עולם, וואָס שטאַמט פון אַלע זייטן. ביים איינגאַנג — פיר טישן באַדעקט מיט טישטיכער און איבער זיי — גע־ראַמט אין טרויער־ראַמלעך — די בילדער פון פיר לעבנס, וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן אין זייער סאַמע בלי. ביי יעדן בילד בלומען פון אייגענע בייטן, וואָס זיי האָבן אַ חלק אין זייער פלאַנצן, און פאַר יעדן אַ ברענענדיקן ליכט, — פאָטאָ־גראַפיעס און צושריפטן פאַרשידענע, וואָס דערציילן וועגן פאַרשידענע תקופות פון זייער יונגן לעבן. — — —

דאָס זענען זיי דאָך געוועזן דער המשך פון יענעם וווּנדערבאַרן דור — דעם פּלמ״ח־דור פון דער באַפרייונגס־מלחמה און פון פריערדיקע דורות קעמפער און בויער, וואָס האָבן אונדז דעם המשך פאַראַרבט און פאַראַנקערט — די יידישע מדינה אויף די אוראַלטע באַנייטע וועגן, ווו עס בלעטערן זיך די בלעטער פונעם תנ״ך.

ווי קאַפּיטלעך תנ״ך קליגגען אין אונדזערע אויערן די דערציילונגען וועגן זיי. דאָס האָבן זיי אויפגעוועקט דעם פאַרקאַלעכטן באָדן און דערפרישט מיט זייער וואַרעמען אָטעם און הייסן ווילן. און זענען אין סאַמע באַגין פון זייער לעבן

פֿאַרשניטן געוואָרן. ס'פֿילט זיך נאָך פֿריש זייער לעבעדיקער באַריר אין יעדער זאַך דאָ, אין יעדער בייט, אין יעדן ביימל, וואָס פֿאַרוואָרצלט זיך דאָ, און אין דער לופֿט הוידעט זיך אַ יאָמערלעכער פֿאַרוואָס ?

דאָ און דאָרט געלינגט אַ חבר אָדער חברטע אַרויסצוברענגען אין זייערע רייד אַן עפּיזאָד, וואָס רופֿט אַרויס אַ שמייכל. אַלץ איז נאָך דאָ, וואָס שייך צו זיי אַזוי לעבעדיק און וואַרעם, מען פֿילט נאָך דעם הייסן אָטעם פֿון זיי, וואָס האָט ערשט נאָר־וואָס דאָ געלעבט און געווירקט. אָנגעפֿילט מיט האָפֿענונג און פֿרייד דעם אַרום.

און ווען אַלע האָבן אויסדערציילט אַ טייל, וואָס ס'האָט אויפֿן האַרץ געדריקט, דערמאָנט זייערע לידער, ווי זיי האָבן זייערע קינדער געצערטלט, זייערע משפּחה־נעסטן געבויט, האָט מען דאָ און דאָרט באַמערקט, ווי אַ מאַמע אָדער פֿרוי שטיקט אירע טרערן אין זיך, מיט אַלע כּוחות פֿאַרהאַלט אַ טרער אונטער די וויעס.

דאַן האָט זיך די מאַמע פֿון דוֹרוֹנען אויפֿגעשטעלט זאָגן איר וואָרט אין נאָמען פֿון די אין צער פֿאַרבליבענע משפּחות און געזאָגט האָט זי דאָס אין טרויעריקע פֿערזן ווי אַ קאַפּיטל תהלים, ווי די קינה פֿון דוד המלך איבער דעם מלך שאול און זיין זון יונתן, ביין ! — זי האָט נישט געוויינט, די טרערן זענען ערגעץ־ווו טיף־טיף אין איר פֿאַרהאַלטן געוואָרן. זי האָט גערעדט מיט אַ קלאָרער שטים וועגן איר זון, וואָס איז געווען איינער פֿון די פֿיר "נעדרים" (פֿאַרשוווּנדענע) און אויסגעדאַכט האָט זיך, אַז די ווערטער וואַרפֿן איבער אַ בריק איבער אַלע יידישע דורות, רעדן זיך צונויף מיט אַלע עקדות, וועלכע דאָס פֿאָלק האָט איבער־געלעבט . . .

ס'איז שוין חצות, אויסגעדאַוונט אויסגעוויינט די קינות איבער די, וואָס מען האָט זיי קוים אָפּגעפֿונען און געבראַכט צו קבר ישראל. חצות אין די הרי יהודה, ביי די שוועלן פֿון ווידער־בויענדיקן זיך ירושלים, וואָס שונאים קענען נישט צוזען איר יידישן ווידערקום און אויפֿקום, און פֿריינד פֿאַרשטייען נישט אונדזער טרייקייט און ליבשאַפֿט צו איר.

שוין נאָך האַלבער נאַכט, די אייזערנע לייכטערס, וואָס זענען אויסגעשמידט געוואָרן אין דער שלאָסעריי פֿונעם קיבוץ, — האָבן די מאַמעס און טאַטעס גע־האַלטן אין די הענט מיט די נישט דערברענטע ליכט.

די לבנה האָט זיך שטאַרקער צעלויכטן איבערן קיבוץ. די נאַכט האָט שטיל געוואָרט אויף אַ נייעם טאָג. אַ פֿייכטקייט האָט אַלץ אַרומגענומען. אַ טוי־פֿריש־קייט האָט זיך געטראָגן פֿון די בערג, בערג, וואָס האָבן איינגעזאַפּט אין זיך אַזויפֿיל טרערן און דערציילן אונדז וועגן דורות, וואָס האָבן מיט טרערן געזייט, און גלויבן, וואַרטן, און האָפֿן, אַז סוף־כּל־סוף וועט מען זוכה זיין שניידן מיט פֿרייד . . .

# 2. מיין היים ירושלים

ווידער גיי איך איבער דיינע גאַסן און געסלעך און קוק זיך איין אין דיינע געמאַרקן, ירושלים, איך שפּאַן צווישן דיינע אַלטע טויערן, קוק אַריין אין די הויפן און אַן אייביקע בענקשאַפט באַגלייט. איך גיי אַלץ ווייטער און ווייטער, כ׳ווייס: כ׳האָב נאָך נישט אַלץ געזען, איך האָב זיך צו דיינע טיפענישן נאָך נישט דערגרונטעוועט, צו דיינע הויכקייטן נישט דערהויבן. מיינע טריט טראָגן מיך, ווי מיינע מחשבות, צווישן חלום און וואָר. אין צער און אין פרייד פאַראַנקערט, איך וויין אין דיין שויס, ווי ביי אַן אַלטער מאַמען, וואָס מען האָט זי לאַנג־לאַנג נישט געזען. ס׳איז סמוטנע, אָבער גלייכצייטיק נעמט אַרום אַ שמחה פון ווידער־זען, פון אַ האָפענונג, אַז מען וועט זיך מער נישט צעשיידן.

איך באַטראַכט דאָס נייע און דאָס אוראַלטע אין דיר, פאַרטראַכט זיך, וואָס האָט מיך צוריק געבראַכט צו דיר, איך זאָל דעם טעם פון ליבשאַפט, וואָס אַלע דורות האָבע געפילט צו דיר — דערפילן, נאָך אַלע איבערגעלעבטע שרעקן און גרוילן פון אונדזער דור.

פאַרנאַכט, אין צייט פון רחמים, באַריר איך מיט ערפורכט דיינע שטיינער און הער אַ ווידערקול, וואָס מיינע אבות האָבן אַריינגערעדט און אַריינגעוויינט אין זיי. איך דערמאָן מיינע ערשטע שווערע טעג, טעג פון צער, וואָס זענען ווי דער ים טיף און פול געוועזן, ווען איך האָב מיין הייסן שטערן צו דיינע שטיינער געדריקט און טרייסט פונעם באַריר באַקומען.

פּלוצעם האָב איך דערפילט, אַז אויך מיינע טרערן ווערן מיט גנאָד פון זיי אויפגעזאַמלט פאַר דורות, וואָס וועלן קומען.

איך טראַכט וועגן אונדזער צאַרטער ליבשאַפט צו דיר, אַ, שטאָט פון שיינקייט און צוזאָגנדיקער פרייד, און להבדיל וועגן דער שנאה וואָס זיי טראָגן צו אונדז, ווייל מיר האָבן דיך נישט פאַרגעסן — נישט פאַרגעסן און נישט פאַרביטן, בייערט אין קינות, אין תפילות און אין שמחות, אין פאַרוואָרפענע גלות־היימען, מיט הייליקן ציטער און בענקשאַפט דערמאָנט. טראָפּן צו טראָפּן האָבן זיך די טרערן אויפגעזאַמלט און דערטראָגן זיך צו דיינע הויכקייטן.

די אַלטקייט, ירושלים, גיט דיר צו חן, שפּראַצט אויף פאַר אונדזערע אויגן מיט באַנייטער יוגנטלעכער פרייד און שיינט אַרויס פון דיין באַנייונג מיט דער אויסגעהאָפטער משיחישער וואָר...

מיר, דער דור, וואָס האָבן דעם גרעסטן, ביטערסטן חורבן איבערגעלעבט, דער דור וואָס האָט זיך אַזוי פיל יזכור׳ס און אל־מלא־רחמים אָנגעהערט, וועט וויסן ווי דיך צו שיצן און אויסהיטן, ירושלים.

## עליעווערבלון

### ביי וועמען בין איך אייגנטלעך דער גאַסט ?

בײ וועמען בין איך, אײגנטלעך, דער גאַסט ?
איך קען עס ניט דערגיין.
צי דאַרף איך אים פֿאַרערן,
אַרויפֿקוקן צו אים ווי צו אַ ווייטן שטערן ?
צי מעג איך גאָר לגבי אים
זיך אויפֿפֿירן אַזוי־זיך לייכט, אָדער פּראָסט־געמיין ?
ווער ביסטו, אייגנטלעך — אַ האַר ? אַ חבר ?
אָדער גאָר — ווער ווייסט — פֿון אַן אַרײַנפֿאָרהויז
אַ מאַן מיט אַ געוויסן ניט־אין־גאַנצן־ריין ?
ווער ביסטו ? זאָג — איך דאַרף עס וויסן
איידער כ׳וועל אַרויסשטאַמלען
מײַן לעצטן "גוטן טאָג".

### איך קוק אַרויס אין דרויסן...

איך קוק אַרויס אין דרויסן :
פֿרילינג.
יונגער גרין.
ווייכער בלויער הימל.
טויבן פֿלאַטערן אַרום.
אַ ווינטל שטיפֿערט דורך.
דאָך
כ׳וואָלט צונויפֿגערופֿן
אַלע כישופֿמאַכער פֿון מצרים,
זיי זאָלן,
זיי זאָלן מיר דערקלערן
וואָס איז די סיבה
פֿון דעם אומעט דעם שווערן ?

## פון אַלע מיינע לעבנס...

פון אַלע מיינע לעבנס,
פון מיין גאַנצער וואָר,
איז מיר בלויז פאַרבליבן
דער בייזער חלום נאָר,
וואָס קומט צו מיר צו גאַסט
נאַכט ביי נאַכט
און לאָזט מיר איבער
אויפן גאַנצן קומענדיקן טאָג
זיין טרויעריקע לאַסט.
און דאָס איז דאָך אַצינד,
ווי מאָדנע ס'זאָל ניט זיין,
מיין איינציקע שיין.
קיין אַנדער ליכט,
ווי איז מיר און ווינד,
קומט צו מיר ניט אַריין.

## כ'וועל זיך איבערבעטן מיט אַלעמען...

כ'וועל זיך איבערבעטן מיט אַלעמען:
מיט די שטערן,
מיט דער פלאַנץ,
מיטן מענטשן.
צוזאַמען דאַרפן מיר געדייען אַ שטיקל צייט.
קיין פרייד איז דאָך ביי קיינעם נישטאָ.
איז לאָמיר עס נעמען פאַר ליב,
פאַרן געבאָט פון גאָט.

שלמה זיטנער

# צווישן בלינדע

## (רעפּאָרטאַזש)

ווייט הינטערן שטאָט, צווישן נישט־ברוקירטע גאַסן און טונקל־גרויע פאַבריק־געביידעס, געפינט זיך אַ בלעכענער באַראַק, ווו ס׳אַרבעטן מענטשן האַלבע אינוואַלידן אָדער בלינדע.

דער באַראַק איז האַלב פינצטער. דורך די קליינע דאַך־פענצטערלעך שיינט אַריין אַ ביסל ליכט וואָס באַלייכט די טונקל גרויע ווענט און די אומעטיקע דער־שלאָגענע פּנימער פון די בלינדע, וואָס זיצן ביי די טישן פאַרטיפט אין דער אַרבעט.

באַלד פון באַגינען זעט מען זיי אָנקומען פון אַלע זייטן שטאָט. זייערע אויגן קוקן שטאַר הינטער די טונקעלע ברילן, זיי באַוועגן זיך מיט די ווייסע שטעקנס, מאַכן אַ קליינעם צירקל און שאַרן פאַרזיכטיק מיט די טריט זיי זאָלן זיך נישט אָנשטויסן אין עפּעס.

דער ערשטער קומט שטענדיק סעדיה דער תימנער. ער איז שטיל און באַ־שיידן, טראָגט אַ כיפּה און רויטלט זיך ביים ריידן ווי אַ יונג מיידל. ער איז צופרידן און דאַנקבאַר און ענטפערט שטענדיק הכנעהדיק, ברוך השם, ברוך השם.

נאָך אים קומט נעמי אויך אַ תימנערין. מ׳רופט איר ״די רביצן״. זי גייט שטענדיק אָנגעטאָן מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ און האַלט זיך זייער באַשיידן און צניעותדיק. זי קען נישט פאַרליידן וואָס די אַנדערע אַרבעטער, וואָס זיצן לעבן איר, ריידן כסדר ניבול פּה.

שפּעטער קומט אַן כאַדזשאַץ, ער שטאַמט פון איראַק. ער איז אַ הויכער, אַן איבערגעוואַקסענער, גייט מיט אַ געשטרעקטן גאַנג, זשמורעט כסדר מיט זיינע אויגן צוליב זיין קורצזיכטיקע ראיה. ער איז אָבער צופרידן וואָס ער קען גיין אַליין, דאַרף זיך נישט באַנוצן מיטן ווייסן שטעקן ווי די אַנדערע. ער פילט זיך דעריבער האַפערדיק וואָס ער קען אַ סך מאָל אַרויסהעלפן די וואָס זעען גאָרנישט.

די שוועסטער רבקה און זהבה קומען שטענדיק צוזאַמען. צוליב זייער דיק־קייט און צעיוירנקייט איז זיי שווער צו גיין. זיי טשאַפּען מיט זייערע שווערע טריט און זייערע מוטנע שוואַרץ־אַפּלען פינטלען נאָכאַנאַנד הינטער די טונקעלע ברילן, ווי זיי זאָלן זיין באַהערשט פון אַ שטענדיקן פּחד זיך נישט אָנצושטויסן אין עפּעס.

אין אַ ווינקל ביי אַ טישל זיצט רפאל. ער איז אַ דיקלעכער מיט אַ פולן גוט־מוטיקן פנים, פליישיקע נאַשער־ליפּן, ער זעט זייער ווייניק, ער דאַרף זיך שטאַרק אָנבייגן ער זאָל קענען זען די פאַרשידענע מכשירים און די טיילן וואָס ליגן אַטקעגן אים, און ער דאַרף זיי צוזאַמענשטעלן. מ׳רופט אים ״דער חזן״ ווייל אַ סך מאָל דאַוונט ער פאַרן עמוד אין בית הכנסת פון יוצאי פּרס, וואָס האָבן זייער שול אין אַ הילצערן שטיבלביים זייט פון כביש. מ׳היט זיך אין זיין קעגנוואַרט נישט צו ריידן קיין פּראָסטע רייד. אַלע האָבן פאַר אים דרך ארץ. ער איז אַ שטי־לער, אַ שווייגער, נאָר פון צייט צו צייט זינגט ער פאַר זיך שטיל אַ ניגונדל, ווי ער זאָל איינחזרן די תפילות.

מחמוד בוזאַדי איז אַ בעדואינער. ער איז אַ קליין־געוויקסיקער, מיט אַ טונקל ברוין געזיכט. זיינע אויגן קוקן שיקלדיק, ביסטרע, ווי ער וואָלט געטראָגן אַ כעס אויף אַלעמען. ער גייט איינגעבויגן, ווי ער וואָלט געטראָגן אַ שווערע משא אויף זיך, ער גייט שטענדיק אָן אַ שטעקן. זיין געזיכט איז שטענדיק פאַר־כמורעט און דערשלאָגן, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט זיין גורל, און ער האָפט אַז ס׳וועט נאָך קומען אַ טאָג און די ראיה וועט זיך צו אים אומ־קערן, און ער וועט זיין ווי אַלע מענטשן.

מיכאל, שטאַמט פון רומעניע. ווי ער דערציילט, האָט ער דורכגעמאַכט די שווערע מלחמה־יאָרן אין די לאַגערן, די אומשטענדן, דער הונגער האָט אַ תל געמאַכט פון זיין ראיה. — ער איז אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, ער גייט מיט פעסטע טריט, קלאַפּט הילכיק מיטן שטעקן אין אַלע זייטן, ווי ער זאָל וואָרענען — מ׳זאָל אים אָפּטרעטן דעם וועג. ער גייט גלייך מיט אַ געשטרעקטן גאַנג, זיין הויכע פיגור, די ברייטע אַקסלען דייטן אָן, אַז ער איז פול מיט לעבנס־קראַפט, מיט ענערגיע, און אַז ער באַמיט זיך אַריבערשפּאַנען זיין מצב... ער וויל נישט מ׳זאָל אים באַדויערן, מ׳זאָל אויף אים רחמנות האָבן... ער זעצט זיך באַלד צו דער אַרבעט, איילט זיך, ער ווייסט אַז דאָ אַרבעט מען פון שטיק, ״קבלנות״ און וואָס מער ער וועט אַרויסעגדיקן וועט ער מער פאַרדינען.

אַז מ׳דערלאַנגט אים נישט צו דער האַנט, ווערט ער אין כעס, ער שרייט אויפן קול: חומר! חומר!... די אַרבעט ברענט אונטער זיינע הענט.

די אַרבעטער טראָגן אויף אים אַ כעס, לאַכן אים אויס, וואָס ער יאָגט פון זיך אַרויס די נשמה, ער וויל אַלעמען איבערשטייגן, איבעריאָגן און ער רעדט שטענדיק וועגן פאַרדינען וואָס מער געלט.

— אוהב כסף לא ישבע כסף — טייטלט צו אים מיט די פינגער רפאל דער חזן, ער קוקט אויף אים מיט זילזול, מיט גרינגשעצונג, וואָס ער וויל אַלץ אַריינכאַפּן, און ווען ער בעט די אַרבעטער זיי זאָלן אים דערלאַנגען צו דער האַנט, מאַכן זיי זיך נישט הערנדיק, לאָזן אים וואַרטן, ווי זיי זאָלן זיך וועלן אָפּרעכענען מיט אים, פאַר זיין געלט־גייציקייט, פאַר זיין וועלן אַלעמען איבערשטייגן.

ער בלייבט דעריבער אָפּגעזונדערט פון אַלעמען.

ביי דער הפסקה, ווען יעדער איינער נעמט אַרויס זיין פּעקל עסנוואַרג וואָס

ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך צום פרישטיק, שאַרט ער זיך שטילערהייט אַריין אין ביוראָ צום מנהל מר צבי און שושקעט זיך מיט אים, באַקלאָגט זיך וואָס אַלע פאַרגינען אים נישט, מ'איז אים מקנא וואָס ער אַרבעט מער שעהן פון אַלעמען, און נעמט שטענדיק אָפּ אַ גרעסערן געהאַלט, און זיי טוען אים אָן צרות.

אַ יונג מיידל מיט אַ העל ליכטיק פּנים און העל בלאָנדע האָר, זיצט ביי אַ טישל און טיילט פאַנאַנדער פאַרשידענע מאַטעריאַלן אין באַזונדערע שאַכטלען. אירע אויגן זענען קלאָר און ריין. זי טראָגט נישט קיין טונקעלעברילן, און ס'זעט אויס, ווי זי וואָלט געהאַט אַ געזונטע ראיה.

זי באַווירקט אַלעמען מיט איר יוגנטלעכקייט, מיט איר פריילעכקייט און אירע געזאַנגען. איר קלינגנדיקע שטימע פּילט אָן דעם האַלב־פינצטערן לאָקאַל מיט פרייד, יוגנט און אָפּטימיזם. זי הויבט אָן זינגען, און ציט אַלעמען אַריין אין כאָר, און ס'זעט אויס ווי די אינוואַלידן און די בלינדע, וואָס געפינען זיך אין דעם טונקעלן לאָקאַל, ווערן מיטגעריסן פון איר מונטערדיקן קול און זיי שפּירן דעם העלן בליאַסק פון אירע גאָלד־בלאָנדע האָר וואָס באַלייכטן דעם גאַנצן אַרום.

דער לעצטער וואָס קומט צו דער אַרבעט איז באַרנעס. וואָס קיינער ווייסט נישט פון וועלכן לאַנד ער שטאַמט. ער דערציילט אַלעמען, אַז אין דער יוגנט איז ער געווען אַ מאַטראָס, אַרומגעפאָרן די גאַנצע וועלט. ער קען דעריבער אַ סך שפּראַכן.

ער איז אַ הויכער, אַ ברייט־בייניקער, מיט אַ חוצפּדיקן בליק. ער גייט מיט אַ שווערן טראָט, קלאַפּט האַסטיק מיטן שטעקן, און דונערט אַרויס אויפן הויכן קול זיין — בוקר טוב! וואָס קלינגט אָפּ הילכיק איבערן גאַנצן לאָקאַל, ווי ער זאָל וועלן אַלעמען מודיע זיין אַז — ער איז דאָ. ער רעדט כסדר ניבול פּה צו די יונגע מיידלעך און ווייבלעך וואָס ענטפערן אים נישט, פאַרטיפן זיך אין דער אַרבעט, און מאַכן זיך נישט הערנדיק, אָדער לאַכן אַרויס אויפן קול מיט אַ היל־כיק קלינגענדיקן געלעכטער, ווי זיי זאָלן וועלן פאַרטויבן און פאַרטושן זיינע פּרעכע רייד.

אין די קאַלטע ווינטער־טעג, פליען אַ מאָל אַריין דורך די שפּאַלטן פון דעם בלעכענעם דאַך פלאַטערנדיקע פייגל, וואָס מאַכן קרייזן, זוכנדיק ברעקלעך שפּייז, קרישקעס ברויט, וואָס פאַלן אַראָפּ אויף דער ערד ווען די אַרבעטער עסן זייער פרישטיק. די פויגלשע צוויטשערייען מאַכן אויפלעבן די דערשלאָגענע פּנימער פון די בלינדע, וואָס זיצן איבערגעבויגן איבער די טישן פאַרטיפט אין דער אַר־בעט. זיי רייסן איבער זייער זינגען, און הערן זיך איין צו די פויגלשע קולות וואָס דערמאָנען זיי פון אַ ליכטיקע וועלט, וואָס איז פול מיט פרייד, מיט זון, מיט לעבן, וואָס לאָקט און רופט... און גיט צו מוט, האָפענונג און טרייסט...

שלמה גערסאָן

# פיר לידער

## אַ ירושלימער פרימאָרגן

די וואָלקנדלעך זענען אַזוי ווייס —
שווער צו גלויבן, אַז זיי זענען פעיק וואַרפן אַ שאָטן.
אַ זון־שטראַל דעם וועג מיר ווייזט
אין גאָרטן.

אַ בלום וואַרט שטיל
אויף אַ צאַרטע האַנט, וואָס וועט איר וועקן.
אַ פייגל־כאָר שפּילט —
אַ פּילפאַרביקער טענער־רעגן.

איבער מיר אַ בלויער, הימלישער הוט,
אַרום מיר גאָלד־גרינע ווענט
און ס׳ווערט מיר מיט אַ מאָל אַזוי גוט,
וו כ׳וואָלט קיין מאָל אויף דער וועלט נישט געווען.

**ירושלים 1971**

## מיין בייטש

ציט אַ בייטש,
אַ צונויפגעקניפּטער
פון שטיקלעך שווערע זכרונות,
יאָג איך נאָך זיך אַליין
און איך אַנטלויף.

ווען עס טרעפט אַ מאָל,
אַז ס׳געלינגט מיר צו אַנטרינען,
בלייב איך שטיין
און כאַפּ דעם אָטעם.

איך זע: די זון שיינט,
ס׳וואַקסן ביימער,
ס׳שפּילן זיך קינדער —
און איך דערלויב זיך אַ שמייכל.

אָבער די בייטש
פּאָכעט ווידער
אין מיין אומברחמנותדיקער האַנט
און ווידער מוז איך
פון זיך אַליין אַנטלויפן.
אַזוי שוין יאָרן לאַנג.

נעמט צו ביי מיר מיין בייטש!

## ניין, מיין פריינד

מ׳האָט מיר אויסגעבעט די אויגן מיט טרערן,
מ׳האָט מיר אויסגעבעט מיט זאָרגן מיין שטערן,
מ׳האָט מיר אויסגעבעט דאָס האַרץ מיינס מיט טרויער,
מ׳האָט מיר אויסגעבעט מיט ווייגעשריי ס׳אויער,
מ׳האָט מיר אויסגעבעט די וועגן מיט שטיינער,
מ׳האָט מיר אויסגעבעט די שליאַכן מיט ביינער,
מ׳האָט מיר אויסגעבעט מיין היימשטוב מיט שאָטן,
מ׳האָט מיר אויסגעבעט מיט ווייטקייט מיין גאָרטן...

דו זאָגסט, מיין פריינד,
אַז מע שלאָפט אַזוי, ווי מע בעט זיך אויס?
אָ, ניין מיין פריינד!
מע שלאָפט אַזוי, ווי אַ נ ד ע ר ע בעטן אויס...

חולון 1961

## כ'וויל נעמען קענען

כ'וויל נעמען קענען
די זון אויפן אַקסל
און פאַרטראָגן דאָרט,
ווו שאָטן בלויז טוט וואַקסן.

די זון כ'וואָלט געוואָלט קענען
צעברעקלען אויף שטיקלעך,
און זיי פאַרזייען
אין חושכדיקע געסלעך, ליקלעך.

זאָלן זיי זיך אין דער פינצטערניש
פריילעך צעוואַקסן
אין גאָלדענע גראָזן,
ליכטפולע פלאַקסן,

אַז קינדערלעך זאָלן קענען
אין נייעם זוניקן גאָרטן
רייסן ליכט
ווי אַמאָל געריסן שאָטן.

ירושלים 1970

## מאַרשאַ פאַלק

### מאָדערנער מקובל

דו רייסט אַרויס ווערטער
ווי קרייטעכער
ברעכסט אָפּ שטענגלעך פון זייער שורש
ביז ס'ווערן איינגעקריצט אין דיינע הענט
גראַפישע צייכנס.

נאָכדעם קומסטו צו מיר
מיט הענט אָפּענע
שטומע — —
ווי דעם שכנס קאַץ
שטאָלץ
מיט איר קרבן
ביי מיין שוועל — —
און צעוואַרפסט אויף מיין דיל
אַ הויפן דערנער
אין פורעם
פון זאַכן.

וואָס זאָל איך טאָן
מיט אָט די
זאַכן — —
ריינע
אומצעשטערלעכע
מעסערלעך
וואָס צעשראַמען דעם מוח.

פון ענגליש : מלכה חפץ טוזמאַן

בלימעלע יאַקיר ז״ל

# דאָס ווייסע ציגעלע מיט די זילבערנע גלעקעלעך

א.

דער באָבעס לידער דאַרף מען פאַרגעדענקען אויפן גאַנצן לעבן. און זעט זשע, עפּעס נאָר ווי אומיסטן, געדענק איך נישט מיין באָבען: נישט איר פּנים, אירע הענט, איר קול, איר גערוך, אַפילו אירע לידער געדענק איך אויך נישט. בלויז איין ליד איז, ווונדער שבוונדער, פאַרבליבן אין מיין געדעכעניש — די ליד וועגן אַ ווייס ציגעלע מיט אַ זילבערן גלעקעלע. קיין שום טרויעריקס איז אין דעם לידעלע נישט געווען! פּשוט, די באָבע האָט געזונגען וועגן קליין ווייס־ווייסינק ציגעלע, און דין, קלינגט אויף זיין האַלדז אַ זילבערן גלעקעלע. און דאָס איז אַלץ. קיין שום גרויליקס איז מיט דעם ציגעלע נישט געשען. נאָר ביים סוף פונעם לידעלע פלעג איך זיך שטענדיק פאַרגיין אין אַ געוויין. גלייך ווי עס וואָלט אויף דעם ציגעלע געלויערט אַ גרויסע סכנה. די באָבע האָט מיך געשאַנעוועט, און ווייטער פון מיין בעטעלע איז דאָס ציגעלע נישט אַוועקגע־גאַנגען. נאָר שוין צו פיר יאָר האָב איך געוווסט: אויב אויף דער וועלט איז פאַראַן אַ קליין אומבאַהאָלפן ציגעלע, וועט עס עמעצער באַעוולען. איך האָב זיך פון אָנהייב שטילערהייט געוואָרגן מיט די טרערן, און דערנאָך זיך צעוויינט אויף אַ קול. די באָבע האָט אַ צעטומלטע זיך געוואָרפן פון ליד צו ליד, ביז זי האָט לסוף נישט געפונען עפּעס פריילעכערס. נאָר איך האָב נאָך לאַנג געכליפּעט...

ב.

...וועגן סאָראָקע וואָלט איך געקענט דערציילן זייער פיל, כאָטש כ׳האָב די שטאָט בסך־הכל געזען נאָר איין מאָל — טאַקע אין דעם אָסיען, אין חודש סעפּטעמבער.

אַ ווונדערלעכע שטאָט אויפן רעכטן ברעג דניעסטער, מ׳רופט זי אַפילו ״די מאָלדאָווישע שווייצאַריע״. כאָטש צוריק גערעדט, האָב איך נישט ליב קיין אויפ־געצווונגענע פאַרגלייכן. איך אַליין האָב די שווייצאַריע אין מיינע אויגן נישט געזען. אַפילו צו סאָראָקע האָב איך זיך קוים־קוים דערקליבן, און אַז איר ווילט, בין איך דאָך אַליין כמעט אַ סאָראָקער. איך בין געבוירן אין אַ שטעטל, אַן אַכצן

ווערסט פון סאַראָקע. ביז דער מלחמה פלעגן מ׳יר אין איינעם מיט דער מאַמען פאָרן צוגאַסט צו דער באָבען און צום זיידן שטענדיק דורך סאַראָקע. אמת, איך בין נאָך דעמלט געווען זייער אַ קליינינקע און די שטאָט איז נישט פאַרבליבן אין מיין זכרון.

ערלעך גערעדט, איז סאַראָקע אַ שטעטל. און כאָטש ביי אונדז, אין מאָל־דאָוויע, האָט מען זי גאָר פייערלעך געקרוינט פאַר אַ שטאָט, איז זי פאַרט אַ שטעטל מיט אַן אַלטערטימלעכער פעסטונג, אַן אויסגעבויטע נאָך ערגעץ אין פופצנטן־זעכצנטן יאָרהונדערט. די פעסטונג ציט צו זיך שטענדיק צו די היסטאָ־ריקער, אַרכעאָלאָגן אָדער גלאַט אַזוי עקסקורסאַנטן. און שטייען שטייט זי זיך אַזוי, די מיוחסת, אַזאַ יוסטע, האָנערדיקע, פונקט ווי אַ פאַרדינסטפולער פענ־סיאָנער, וועלכער האָט ערשט אויף דער עלטער דערפילט דעם גאַנצן טעם פונעם לעבן.

פאַר מיר זענען דער דניעסטער און סאַראָקע אומצעטיילבאַרע, כאָטש אין מיין קינדערישן זכרון האָט זיך מער איינגעקריצט דער טייך. און די שטאָט איז שוין געווען עפּעס ווי אַ מין צוגאָב צו אים.

...אַ בהלה, ווי אַ מגיפה, פאַרשפרייט זיך זייער גיך. עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן, אַז די דייטשן זענען שוין אונטער דער נאָז. עמעצער האָט געהערט דעם געהילך פון דער קאַנאָנאַדע. עמעצער האָט עמעצן באַגעגנט, און דער ״באַגעגנ־טער״ האָט אַלץ געוווּסט. קורץ, אַלע האָבן זיך מיט אַ מאָל אַ ריר געטאָן פון די ערטער, און די ביז דעמלט ״גוט אָרגאַניזירטע עוואַקואַציע פון די פרידלעכע בירגער אין הינטערלאַנד״ האָט זיך שוין דעם זעקסטן יולי טויזנט ניין הונדערט איין און פערציק פאַרוואַנדלט אין עפּעס סטיכישעס. אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קיין סאַראָקע, צום דניעסטער, צו דער בריק, גלייך ווי אויפן קעגנאיבערדיקן לינקן ברעג וואָלט גאָר קיין מלחמה נישט געווען. פון דאָרטן, פונעם לינקן ברעג, וווּ ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אוקראַינע, האָט מען זיך געקאָנט דערקלייבן צו אַ נאָענ־טער אייזנבאַן־סטאַנציע. דאָס אַלץ האָב איך, פאַרשטייט זיך, ערשט זיך דער־וווּסט מיט יאָרן שפּעטער, פון מיינע עלטערן. אָבער פאַרגעדענקט האָט זיך מיר נאָר דער ברעג פונעם טייך, און דער טייך אַליין, אַזאַ ברייטער, אַזאַ גרויסער (און אפשר גאָר דערפאַר, ווייל איך בין דעמלט געווען אַזאַ קליינינקע) און אַזוי פיל מענטשן האָבן געווימלט אַרום אים.

...אונדז איז גרינגער ווי אַנדערע: דער טאַטע איז דערווייל לעבן אונדז, און קיין סך געפּעק האָבן מיר אויך נישט — מיר האָבן גאָרנישט באַוויזן צו פאַרכאַפּן מיט זיך — און קינדער אין דער משפּחה — נאָר איך, אַן איין־און־איינציקע. און דאָך זיצט די מאַמע אַ פאַרשטאַרטע, און ס׳דוכט זיך, אַז לענג־אויס דעם גאַנצן ברעג איז איר, נאָר איר, אַלץ איינס, צי זי וועט אַריבער דעם דניעס־טער צי ניין: אַן אַכצן ווערסטן פון דאַנען איז געבליבן איר שטעטל, איר היים, אַלע אירע נאָענטע, וועלכע זענען קיין מאָל אין ערגעץ פון זייער שטעטל נישט

אַרויסגעפאָרן און האָבן אפילו איצט אויך נישט געוואַגט זיך צו לאָזן, איין גאַט ווייסט נאָר וווהין.

און מיין טאַטע, אַט באַווייזט ער זיך, אַט פאַרשווינדט ער — ער זוכט אַ שיפל.

— לאָמיר זיך אומקערן צוריק, איך וויל אין ערגעץ נישט פאָרן — זאָגט אים יעדעס מאָל די מאַמע.

נאָר דער טאַטע לייגט נישט קיין שום אַכט אויף אירע רייד און פאַרשווינדט ווידער.

דערנאָך כאַפּן מיר זיך אַרויף אין איינעם מיט דער מאַמען אויפן פּאַראָם. פאַר אונדז — מענטשן, ביי די זייטן — מענטשן, און הינטער אונדז מענטשן. אַלע שלעפּן נאָך זיך קינדער, טשעמאָדאַנעס און קלומעקעס. די מאַמע מיט מיר אויף די הענט פּרווווט זיך אַראָפּגיין פון פּאַראָם, נאָר דער טאַטע שרייט עפּעס צו איר, און זי בלייבט אַן אונטערטעניקע שטיין ווי אַ צוגעקאָוועטע צום אָרט. מיט אַ מאָל דערזע איך הינטער דער מאַמעס פּלייצע אַ צעשטשירעטע פערדישע מאָרדע. אין גרויל הייב איך אָן צו וויינען אויף קולי־קולות, און די מאַמע, עפּעס טאַקע נאָר ווי בדרך נס, שפּאַרט זיך דורך צוריק אויפן ברעג.

— איך קען שוין מער נישט... איך וועל אין ערגעץ נישט פאָרן...

און נאָך אַמאָל טראָגט זיך דער טאַטע לענג אויס דעם ברעג אין געיעג נאָך אַ שיפל.

(די פערדישע צורות האָבן זיך מיר נישט אויסגעדוכט: עס ווייזט זיך אַרויס אַז אין יענעם טאָג האָט מען אַרויסגעפירט אויף וועגענער די אַרכיוון.)

איך באַנעם גאָרנישט נישט אין אַט דער בהלה. מיר איז גאָר זייער שרעקלעך. נאָר אפילו מיר איז קלאָר, אַז לאָמיר זיך נאָר דערקלייבן צום שכינותדיקן ברעג, — און דאָס שרעקלעכע וועט פאַרביי.

— אַ שיפל! אַ שיפל!

דאָס מאַטאָר־שיפל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ מעטער צוויי־דריי פונעם ברעג, און דער טאַטע — מיין זייער נישט רירעוודיקער, שווער־באַוועגלעכער, ממש בערי־שער טאַטע — באַווייזט דעם איינציקן אין זיין לעבן טרעפלעכן שפּרונג, כאַפּט מיך קונציק אונטער און שליידערט מיך אַריין גלייך אין שיפל. עמעצנס הענט כאַפּן מיך אונטער כמעט אין דער לופטן. אויך די מאַמע שלעפּט זיך אין דעם וואַסער צום שיפל.

שוין אָפּגעשווימען. דאָס שיפל איז אָנגעשפּיגעוועט מיט מענטשן, אַזוי אַז די ראַנדן זיינע זענען כמעט אויף דער הייך מיט דעם וואַסער.

— גייט מיט אַלע אין איינעם צו דער סטאַנציע! — שרייט אונדז נאָך פונעם ברעג דער טאַטע. מיט אַלע אין איינעם צו דער סטאַנ—ציע!

דאָס האָב איך ערשט שפּעטער, שוין אַן אונטערוואַקסנדיקע, זיך דערוווּסט דעם טאַטנס רגילות אין מינוטן פון שווערע איבערלעבענישן איבערצוחזרן איינס

און דאָס זעלבע עטלעכע מאָל. אָבער דעמלט האָב איך נאָר געהערט זיין קול, וואָס האָט אַלעמען איבערגעשריען:

— מיט אַלע אין איינעם צו דער סטאַנציע...

דאָס שיפל איז שוין געווען אין מיטן טייך, ווען ס׳האָט זיך באַוויזן אַ דייטשי־שער עראָפּלאַן. אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן, זיך איינגעגניורעט איינער אין צווייטן. ס׳האָט זיך בלויז דער גערויש פונעם מאָטאָר און דאָס שיפּען פון דעם וואַסער. דער עראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט גאָר נידעריק. די גרויסע האָבן אַריינגעצויגן די קעפּ אין די אַקסלען. אייניקע האָבן שטום באַוועגט מיט די ליפּן, אַט די באַוועגלעכע ליפּן וועלכע האָבן נישט אַרויסגעלאָזט קיין קלאַנג, זענען געווען פּונקט אַזוי שרעקלעך, ווי די צעשטשירעטע כריפּענדיקע פּערדישע מאָר־דעס. דער עראָפּלאַן האָט געמאַכט איבער אונדז אַ קרייז, אַ צווייטן, אַ דריטן, און... איז אַוועקגעפלויגן. (ביזן היינטיקן טאָג פאַרשטיי איך נישט, פאַרוואָס איז ער אַוועקגעפלויגן "מיט גאָרנישט").

דער לינקער ברעג האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַזאַ שלווהדיקן, גלייך די מלחמה וואָלט טאַקע אויף אַן אמתן געווען פאַרבליבן פון יענער זייט טייך. דאָ האָט זיך קיינער נישט פאַרהאַלטן, מ׳איז גלייך אַוועק ווייטער צו דער אייזנבאַן־סטאַנציע. נאָר די פּאַסאַזשירן פון אונדזער שיפל האָבן קוים אַראָפּגעטרייסלט פון זיך די פאַרשטאַרעניש און האָבן איצטער, אַריינפאַלנדיק איינער דעם אַנדערן אין די רייד, זיך געטיילט מיט דעם איבערגעלעבטן, ווי עס געשעט געוויינלעך מיט מענטשן נאָך אַ געפאַר, וועלכע איז פאַריבער.

און מיטאַמאָל האָב איך זי דערזען — די ווייסע ציג מיטן זילבערנעם גלעק־קעלע. אַז דער באַבעס ציגעלע איז אויסגעוואַקסן און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ציג — דאָס האָב איך גלייך פאַרשטאַנען. און אַזוי ווי די גרויסע זענען געווען פאַרנומען מיט דער מלחמה און קוקן נאָך דער ציג האָט שוין נישט געהאַט ווער, איז זי פון אַ ווייסע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלאַטיק־ברוינער, און דאָס גלעק־קעלע מ׳שטיינס־געזאָגט איז שוין אויך נישט געווען ענלעך אויף קיין זילבערנס. און דאָך איז די ציג געווען פון דער באַבעס ליד. זי האָט זיך אַ צעבויטעטע געטראָגן פאַזע דעם ברעג, געקלימפּערט מיטן גלעקעלע און אַלץ געזוכט, אַלץ גערופן עמעצן.

— מאַמע, זע נאָר, אַ ציג!

נאָר דער מאַמען איז נישט געווען דער קאָפּ ביי מיין ציגעלע, ווייל די פרויען האָבן הענדום־פּענדומדיק אַ כאַפּ געטאָן די קלומעקעס, די קינדער און זיך אַוועק־געלאָזט אויף דער סטעזשקע, וואָס פירט פונעם ברעג צום וועג.

— מאַמע, מאַמע, אָבער וואָס וועט זיין מיט דער ציג?

די ציג איז אַ גרויסע צייט אונדז נאָכגעלאָפן ווי אַ הינטעלע, דערנאָך איז זי שטיין געבליבן, זיך פאַרטראַכט און פאַרקערעוועט צוריק צום ברעג.

און די מאַמעס זענען געגאַנגען און אַלץ זיך אומגעקוקט אויף צוריק, אַהין, ווו ס׳איז פאַרבליבן דער פּחדימדיקער רעכטער ברעג, דער שלווהדיקער לינקער

און דער טײַך, דער אײנציקער אין דער וועלט לײַבלעך־אײגענער טײַך, וועלכער איז אָבער איצט אַזוי גלײַכגילטיק צו זײַערע אומגליקן.

— מאַמע, נו מאַמע, וואָס זשע וועט זײַן מיט דער ציג?

ג.

...אַכט און צוואַנציק יאָר זענען פֿאַרגאַנגען, און די אַלע יאָרן האָב איך זיך אַלץ געקליבן אַ פֿאָר טאָן קיין סאַראַקע.

ס׳איז אפֿילו אַ בושה אַרויסצוזאָגן אין דער הײַך אָט דאָס לאַנגווײַליקע וואָרט "זיך געקליבן". "זיך געקליבן" — דאָס איז אונדזער פֿוילקייט, אונדזער גלײַכגילטיקייט, אונדזערע מערערע מאָל נישט האָפּטיקע פּלענער אויף אַ לאַנג־לאַנג לעבן.

ס׳איז גאָרנישט מיטן מויל אַרויסצורײדן: אויסגעפֿאָרן גאַנץ מאָלדאַוויע, נאָר אַרײַנכאַפּן זיך אויף אַ ווײַלינקע אין דעם שטעטל, וווּ כ׳האָב צום ערשטן מאָל דערזען גאָטס וועלט. — זעט איר, אויף דעם האָט מיר קיין צײַט נישט געסטײַעט. און אָט, ענדלעך אַ קאָמאַנדיראָווקע קיין סאַראַקע.

פֿון קעשענעוו ביז סאַראַקע איז געפֿלויגן דער "בײַשטאַטישער איל־14", און בסך־הכּל פֿערציק מינוט אַרום האָט ער שוין אונטערגעהאָפּקעט אויף די גרעזע־לעך פֿונעם סאַראַקער פֿלי־פֿעלד, דערנאָך האָט ער זיך ערשט צעיאָגט און זיך אָפּגעשטעלט טאָקע שיעור נישט בײַ דער שוועל פֿונעם אַעראָ־וואָקזאַל. מיר האָבן אפֿילו רעכט נישט באַוויזן צו שעפּן נחת פֿון דער קילער רחבֿותדיקייט פֿון דער אַעראָדראָם־געבײַדע, ווײַל שוין בײַם אַרײַנגאַנג האָט אומגעדולדיק געוואָרטשעט אַ פֿון דער זון אָנגעהײצטער אויטאָבוס און דער קאָנדוקטאָר האָט אונדז רעשיק אונטערגעיאָגט:

— שנעלער, שנעלער, חבֿרים! מיר וואַרטן שוין לאַנג אויף אײַך.

דער אויטאָבוס איז לאַנג געפֿאָרן אויף דעם שטויביקן וועג, און איך האָב אַן אומגעדולדיקע אַרויסגעקוקט דורך דעם פֿענצטער און אַלץ געוואַרט: וועט זיך אַ באַווײַז־טאָן עפּעס הײמישס, באַקאַנטס, וואָס האָט זיך אײַנגעקריצט אין זכּרון פֿון אַ פֿיריאָריק מײדעלע, און וואָס איך וועל אומבאַדינגט דערזען און דער־קענען אפֿילו אין אַכט־און־צוואַנציק יאָר אַרום.

— איר זענט צום ערשטן מאָל בײַ אונדז? — פֿרעגט דער קאָנדוקטאָר.

— ניין... ס׳הײסט, יאָ.

— ע־ע־ע, — האָט די קאָנדוקטאָרשע אַנטוישט אויסגעצויגן, — וואָס זשע האָט איר זיך גראָד אין דעם יאָר פֿאַרקליבן צו אונדז? אַ קלײניקײט — דרײַ פֿאַרפֿלײצונגען! אַ, ווען איר קומט צו אונדז צו פֿאָרן אין אַ נאָרמאַל יאָר.

הײסט עס, אַז נאָר אַזוי פֿון דער זײַט דוכט זיך אויס, אַז די שטאָט מיט דעם טײַך לעבן ווי טײַבעלעך, און אין דער אמתן זענען זײ, ווי אַ מאַן מיט אַ ווײַב, וואָס "צווישן מענטשן" קריגן זײ זיך נישט. דאָס הײסט, ווען דאָ פֿאָרן אָן טוריסטן פֿון אַלע עקן לאַנד, איז אַרום שלום־ושלוהדיק.

— אַך, סאַראַ רואיקער טייך דער דניעסטער!

— אַך, סאַראַ בונטפאַרביק אָרט! אַך, אַך, אַך, ממש אַן ערדישער גן־עדן!

נאָר ווי עס צעברויזט זיך און ס׳צעבושעוועט זיך דער דניעסטער נאָך די פרילינגדיקע וואַסערן אָדער נאָך די גוסרעגנס! ווי ער וואַרפט זיך עס ווי אַ רויב־חיה אויף דער שטאָט! אַ, דעמלט בלייבט קיין זכר נישט פון אָט דער מילדער שלווה און אידילישער רו! נאָר די שטאָט איז אויך ביים גאַנצן שכל: נישט אומ־זיסט איז זי אַנטלאָפן פונעם טייך אַזש ביז צום סאַמע שפּיץ באַרג און פון דאָרטן רייצט זי זיך מיט אים, ווינקט צו אים שעלמיש און שטעלט אים אַרויס אַ צונג. און דער טייך דער רוגזדיקער גיסט אויס זיין צאָרן אויף דער פּאָדקאָווע פונעם באַרג, אויפן אונטערשטן בייבערעגיקן טייל פון שטאָט. אפשר וואָלט זי גאָר גע־דאַרפט, די סאָראָקע מיינע, זיך אונטערגעבן דעם טייך, אָפּגעבן דעם דניעסטער דעם אונטערשטן טייל. מעגלעך, אַז דעמלט וואָלט ער זיך איינגעשטילט. נאָר אַזיאַסי:ביידע זענען זיי ביי מיר מיט כאַראַקטער. און אָט אַזוי לעבן זיי שוין מכמה וכמה יאָרן, ווען דוצקענדיק זיך, ווען ליובקענדיק זיך, און אָט אַזוי, ווי איר זעט, דערגענצן זיי פּרעכטיק איינער די צווייטע.

דער אויטאָבוס איז שוין אין סאַמע צענטער: אַ ביכער־מאַגאַזין, אַן אוני־ווערמאַג, אַ ניי־אַטעליע, אַ קינאָ־טעאַטער, אַ האָטעל — אַלץ ווי סע פּאַסט פאַר אַ שטאָט. מיך באַהערשט אַ מאָדנע געפיל: פון איין זייט, איז מיר אַנגענעם, וואָס מיין סאָראָקע איז, קיין עין הרע, אַזוי אויסגעוואַקסן און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָט, און פון דער אַנדערער זייט — איז דאָס נישט מיין שטאָט.

כ׳ספק זייער, צי איך האָב אין יענעם יולי־טאָג פונעם איין־און־פערציקסטן יאָר בכלל עפּעס פאַרגעדענקט, אַחוץ דעם ברעג פון טייך. נאָר איצטער דוכט זיך מיר, אַז ווען די שטאָט איז אַ ביסעלע קלענער, פּראָווינציעלער, וואָלט איך זי תיכף דערקענט.

מיין לעצטע האָפענונג — דער דניעסטער... עס קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז איך זאָל אים נישט דערקענען. נאָר צום דניעסטער וועל איך זיך אַזוי כאָפּ־לאָפּ נישט לאָזן לויפן: כ׳וועל דערליידיקן אַלע מיינע ענינים, עטוואָס אָפּרוען, און ערשט פאַרנאַכט־צו וועל איך גיין צום טייך.

אָבער אין אָוונט מוז איך זיין אין "פּאַרק פון נצחון", ווו אויף דער עסטראַ־דע־בינע דאַרף פאַרקומען אַ באַגעגעניש פון די סאָראָקער תושבים מיט די מיט־אַרבעטער פון דער טעלעוויזיע. אַזאַ איז שוין מיין אַרבעט, אַז איך בין מחויב דאָרט צו זיין, און, בעטנדיק במחשבה פאַרגעבונג ביים טייך, שפּאַן איך אַוועק צום פּאַרק... און, מאַמעלעך מיינע, וואָס סע טוט זיך שוין דאָ! ממש נישטאָ ווו אַ שפּילקע צו וואַרפן. אויף דער בינע — די מיטאַרבעטער פון דער טעלע־וויזיע... אַ פיצינקעלע אַריינפיר־וואָרט, און מיינע סאָראָקער צעלאָזן זיך גאָר־נישט אויף קאָטאָוועס.

— פאַרוואָס באַווייזט מען אַזוי ווייניק פילמען וועגן דער יוגנט? — פרעגט

אַ צעקאָכטע, מיט אַ קול פון אַ מענטשן, וואָס איז געוווינט אָפט אַרויסצוטרעטן, אַ סטודענטן פון דער פעדשול.

— ווייזט מיר קינאָ־קאָמעדיעס, — פאָדערט אַ מאַנצביל מיט אַ זויערער מינע.

— צו ווייניק פוטבאָל ! — שרייט מען פון די בענקלעך.

— חברים, חברים ! — בעט מען זיך פון דער סצענע. — שטעלט ווענזנט־לעכע פראַגעס, וואָס האָבן אַ דירעקטן שייכות מיט אונדזערע טראַנסלאַציעס...
ווייל קינאָ־קאָמעדיעס — דאָס געהער שוין צו קינאָ־סטודיעס.

— איך וויל עפּעס פרעגן !

פאַרשקענדיק און אָכקענדיק דראַפּעט זיך קוים אַרויף אויף דער סצענע אַ זקן אין ברייטע הויזן און אין אַן אויסגעגנייט העמדל.

— כ׳פרעג אייך, פאַרוואָס האָפּקעט ביי מיר די צווייטע פּראָגראַם, שפּרינגט און האָפּקעט ? איך האָב גאַנצע דריי הונדערט פופציק רובל אַוועקגעגעבן פאַרן טעלעוויזאָר, און ער האָפּקעט...

— זיידעשי, איר האָט אַרויסגערופן אַ מייסטער ?

— ע־ע־ע, שוין וויפל מאָל אַרויסגערופן. ער קומט, וואַזגעט זיך דאָרטן, שרייבט אויס אַ קוויטאַנציע און אויפן צווייטן טאָג האָפּקעט ער ווידער, דער טעלעוויזאָר, נישט געדאַכט זאָל ער ווערן.

און ס׳הייבט זיך אָן אַן שפּאַרעגיש צווישן דעם געקריוודעטן אַלטיטשקן און די בייוועזנדיקע מייסטערס, — רעמאָנטירער פון טעלעוויזאָרס. דער עולם לאַכט און קייכט. ער איז בכלל נישט געשטימט, דער עולם, הייסט עס, צו פירן אַ ״תוכיקן״ שמועס — ער האָט זיך אויסגעפּוצט, ווי מען זאָגט עס, אין האָניק און אין עסיק און איז געקומען אין פּאַרק זיך באַווייזן און אויך אַ קוק טאָן אויף די הויפּט־שטאָטישע געסט. זי, די ״טעלעוויזיע״, הייסט עס, וועט במילא נישט אַלע צופרידן שטעלן — בעסער וואָלט מען שוין אַמאָל אָנגעהויבן דעם קאָנצערט, וועלכן מ׳האָט אָנגעזאָגט אין די אַפישן.

און דער קאָנצערט הייבט זיך אָן. דער אַנסאַמבל פון די פאָלקס־אינסטרו־מענטן, אַן אונטערגעוואָרעמטער פון די אַפּלאָדיסמענטן פון די אומגעדולדיקע צושויער, שפּילט איצט אַזוי גוט, ווי קיינמאָל נישט. די סאָליסטן און באַזונדערס די סאָליסטקעס רופט מען אַרויס אומאויפהערלעך אויף ״ביס״, און יעטוועדער נייער נומער ווערט אויפגענומען מיט אַזאַ התפעלות, גלייך ווי מען וואָלט אויף אים האָבן געוואַרט טויזנט יאָר.

וואָס אַן אמת, דער קאָנצערט איז טאַקע אַ געלונגענער, נאָר איך קוק מער אויפן ״זאַל״, ווי צו דער בינע. די בענקלעך זענען אַזוי געדיכט באַזעצט מיט מענטשן, אַז ס׳איז ממש שווער אויסצושטרעקן די הענט אויף צו אַפּלאָדירן. און פון פאָרנט — אַ געדיכט געזעמל, וואָס שפּאַרט שוין באַלד אָן אויף דער סצענע. מיידלעך האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט און זינגען אונטער אין דער שטיל די סאָליסטן ; בחורים קלאַפּן צו צום טאַקט ; ס׳קרעכצן אונטער אַלטיטשקע (אַלטע

לייט אָכצן שטענדיק), און שוין טאַקע אין גאַנצן ווי אויף אַ דאָרפישער חתונה, האָבן זיך עס צעלאָזט די כאַפּטעס קינדער. זיי האָבן שוין לאַנג אָפּגעצויגן פון די גרויסע און באַקלעפּט די בינע־טרעפּלעך. און וואָס ס'איז נוגע די קליינע קוצעפּינדריקעס... אָהאָ, יענע האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט שוין טאַקע אויף דער בינע, און אייניקע פון זיי יאָגן זיך איינס נאָך דעם אַנדערן טאַקע ממש אונטער דער נאָז פון די מוזיקאַנטן. דערוואַרטנדיק זיך קוים־קוים אויף די אַפּלאָדיסמענטן, כאַפּן די גרויסע אַראָפּ די ווייסעכעוורעניקעס פון דער סצענע און טאַסקען זיי אַוועק מיט זיך, נאָר ניט גאָר אויף לאַנג. און ווען איינער פון די סאָליסטן כאַפּט אונטער אַ צווייייאָריקן "בינע־ברעכער" אויף די הענט און טענצלט זיך מיט אים אונטער צום טאַקט פון דער מעלאָדיע, איז גייט שוין דעמלט דער זאַל כאַדאַראַם פון התלהבות.

און נאָך דיביימער, באַליבטעטעגע פון די לאַמטערנס, שטייען עלעהיי אַ שווייגנדיקע וואַנט און זענען ענלעך אויף אַ מעשהדיקער דעקאָראַציע. אין "לעבן" קאָן אַזאַ פּראַכט נישט געמאָלט זיין. און אַרום און אַרום די לאַמטערנס טאַנצן מילי־מיליאָסן פלאַטערלעך, און ס'דוכט זיך, אַז אויך זיי פּאַסן זיך צו דעם ריטם פון דער מוזיק.

זאָל מיר צען טויזנט מאָל מוחל זיין מיין טייערע סאַראַקע מיט אירע זאַוואָדן, פּאַבריקן, טעכניקומס און מיטלשולן, מיט אירע נייע געביידעס, נאָר אין אָט דעם אָוונט ווערט זי מיר נאָך אַ מאָל אַ טייער בעסאַראַבער שטעטל. ווייל קיין מאָל אין לעבן קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז אַ שטאָט זאָל זיין אַזוי צעפרייילעכט, אַזוי גאַסטפריינדלעך און אַזוי מאַמעדיק...

ד.

ערשט אויפן צווייטן טאָג פאַרנאַכט־צו לאָז איך זיך אַוועק צום טייך. איך שפּאַן איבער דער שטאָט און פרעג:

— ווי אַזוי דאַרף מען גיין צום טייך?

פּאָר מיר יאָגן שוואַליאָם דריי ייִנגלעך, זיי ווייזן מיר, ווו דער טייך געפינט זיך; נעבן מיר שפּאַנען צוויי פרויען מיט פולע קוישלעך — ס'איז זיי גראָד אין איין וועג מיט מיר; און הינטער אונדז שלעפּט זיך אַ בגילופינדיקער אַלטיטשקער און שטוינט אויף אַ קול:

— ע־ע־ע, זי ווייסט אפילו נישט ווו דער דניעסטער איז, — און ער פירט מיך אויך צום טייך. ווייל עס איז שווער צו געפינען אין סאַראָקע אַ מענטשן, וואָס ווייס נישט, ווו דער דניעסטער געפינט זיך. און דאָ האָט זיך אויף אַ טשע־קאַוועס אָפּגעזוכט אַזעלכער, דערצו נאָך אַ שטיקל סאַראָקער, איז וויאַזוי זשע נעמט מען נישט ביי אים אונטערפירעכץ... צום טייך?

דער דניעסטער האָט זיך מיט אַ מאָל אַ יאַווע געטאָן פון אונטערן שיפּועדיקן באַרג. פון אומגעריכטקייט האָב איך זיך שיעור נישט ספּאָטיקעט. מיין "ערב־וואָך" שטעלט זיך אָפּ און וואַרט, וואָס וועל איך ווייטער טאָן: ס'איז דאָך באמת

טשיקאַווע צו זען, ווי אַזוי וועט זיך נוהג זיין אַ מענטש, אויג־אויף־אויג מיט אַזאַ פראַכט. פון התפעלות פאַרליר איך אַזש דאָס לשון, און דעמלט זאָגן די פרויען צופרידענע: ״נאָט זעט״, און פאַרקערעווען אויף צוריק. דער אַלטער ווייזט מיר דעם אַראָפּלאָז צום טייך, און די ווייסע־חברה באַגלייטן מיך אַזש צום סאַמע וואַסער.

איך גיי פּאַזע דעם ברעג, און אַלץ מערער און מערער נעמט מיך אַרום די מעשהדיקע שטילקייט פונעם טייך. בלויז אַ שוואַכער פּליעסק פונעם וואַסער און דאָס דינע הודזשען פון אַ טייך־קאָמאַר דערגייען צום לעפל פון מיין אויער. איך שפּיר בעשיינפּערלעך, אַז איך בין נישט אומשטאַנד איינזאַפּן אין זיך אַלץ מיט אַ מאָל: אי דעם בליאַסק פונעם טייך, אי די מילדע וואַרעמקייט פון דער פאַרנאַכטיקער סעפּטעמבערדיקער זון, אי די פּאַרכטיקע שיינקייט פון די טונקל־גרינע היגלען, וועלכע זעען זיך פון דער ווייטנס, אי די פּאַרטרויילעכע פּראַכט פון דעם קעגנאיבערדיקן לינקן ברעג. און איבער אַלץ און אַלעמען — אָט די נישט־ערדישע אַל־רו, וועלכע אויב זי איז נאָך פאַראַן ערגעץ־ווו אין דער וועלט, איז נאָר אין דער זיבעטער אָוונט־שעה, אין חודש סעפּטעמבער אויפן ברעג פון דניעסטער, צופוסנס דער שטאָט סאָראָקע... און פון אָט דער שטילקייט באַרויקן זיך און דרענגען זיך צונויף, עלעהיי קעצעלעך אויפן גראָז, מיינע אייביק צעשרויפטע אָנגעצויגענע, פון קיין רו קיין מאָל נישט וויסנדיקע, נערוון־צעלן.

איך דערקען דעם אַלטן, מידן בוים אויפן ברעג, אונטער וועלכן די מאַמע און איך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער זון מיט אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק. איך דערקען דעם אָרט, צו וועלכן ס׳איז דעמלט צוגעשווומען דאָס מאָטאָר־שיפל. גלייך ווי עמעצער זאָל האָבן אויסגעווישט דאָס מוטנע גלאָז פונעם זכרון, און אַלץ וואָס איז געווען פאַרהוילן אונטערן גלאָז, איז מיטאַמאָל געוואָרן בולט און אָנזיכטיק.

ערשט איצט באַמערק איך אַ שלאָבערדיק בריקל פון צוויי ברעטער עטלעכע מעטער די לענג, און צום דאָזיקן בריקל קומט צו אַ ליידיקער פּראָם, ענלעך אויף אַ גרויס פלאַך שיפל מיט בענקלעך איןביידע זייטן. קיינער איז נישט געקומען צו פאָרן פון יענעם ברעג, און דער פּאַראָמשטשיק האָט זיך דערפרייט, דערזעענדיק מיך און נאָך צוויי פרויען, וועלכע האָבן זיך געשווינד אַראָפּגעלאָזט צום טייך. אין דרייען האָבן מיר זיך אויסגעזעצט אויף די בענקלעך, ווו ס׳האָבן געקאָנט גאַנץ פריי זיצן נאָך אַ צוואַנציק פאַרשוינען. מיר האָבן געקויפט בילעטן, ווי ס׳פירט זיך טאַקע אויף אַן אמתן טראַנספּאָרט. דריי קאָפּיקעס פאָרן איבערשיפן זיך פונעם רעכטן ברעג אויפן לינקן. דריי קאָפּיקעס און עטלעכע מינוט צייט, כדי אַריינצופאָרן פון סאָראָקע קיין ציקינאָווקע — פון מאָלדאַוויע אין דער אוקראַינע. איך זיץ און קנייטש דעם בילעט אין די הענט און קאָן זיך בשום אופן נישט איבערטראָגן ניט אין איין־און־פערציקסטן יאָר, נישט אין ניין־און־זעכציקסטן, — איך באַמבל זיך די גאַנצע צייט צווישן זיי... מיינע אַזוי גוט זיך שוין באַרויקטע נערוון־צעלן צעשפּילן זיך אויף ס׳ניי: נו, טאַקע אין דער אמתן,

ווי קאָן מען עס באַנעמען אין איינעם די אומענדלעכע צעבויטעטע רחבות פונעם דניעסטער אין יולי איין־און־פערציקסטן, און זיין מילדן אויסזען איצט? דעם נישט־דערגרייכבאַרן לינקן ברעג מיט אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק, און דעם זעלביקן ברעג היינט צו טאָג, וועלכן ס׳איז ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען? און אפשר איז גאָר קיין מאָל, קיין מאָל נישט געווען קיין מאַטאַר־שיפל, אַן איבער־געפולטס מיט פרויען און קינדער? אפשר איז דאָס אין גאַנצן נישט מער ווי אַ קינדערישע פאַנטאַזיע? און פאַרוואָס זענען עס איצטער אַזוי מלא־טעם די ברעגן? צי אפשר גיט זיי צו חן אָט די רו און שטילקייט?

און פאַרוואָס איז גראָד די טויב געוואָרן דער סימבאָל פון שלום? וואָלט איך געווען אַ מאָלער, וואָלט איך דעם שלום אויף דער וועלט פאַרגעשטעלט ווי אַ טייך, וואָס פליסט זיך פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, צווישן אָט אַזעלכע מילדע, פראַכטפולע, נישט איבעריק עקזאָטישע ברעגן.

דער פּאַראָם דערנענטערט זיך צום ברעג. מיט אַ מין באַזונדערער העפלעכ־קייט העלפט אונדז דער פּאַראָמשטשיק ביים אַראָפּגיין, דערנאָך זעצט ער אויס עטלעכע לינקברעגיקע פּאַסאַזשירן, און צוזאָגנדיק, אַז אין גיכן וועט ער זיך צו־ריקקערן נאָך מיר, שווימט ער פּאַמעלעך אָפּ.

דער לינקער ברעג איז אַ גלאַטער און אַ זאַמדיקער. און די דניעסטער־וואַסער איז דאָ אַ לויטערערע און קאַמאַרן זיינען אויך דאָ ווייניקער, און די שטיבלעך פון ציקינאָווקע, שוין טאַקע אין גאַנצן דאָרפישע, ליגן ממש ביים סאַמע ברעג. און איר זאָלט זאָגן, מ׳זאָל עס זען אַ לעבעדיקן נפש. נאָר וואָס, עס פּאַשעט זיך עמעצנס אַ ציג, אַ צוגעבונדענע צו אַ פּלויט, — אַ ווייסע, אַ ציכטיקע ציג מיט גלעקעלעך, וועלכע זענען אַ מאָל, זעט אויס, געווען זילבערנע, נאָר איצטער האָבן זיי שוין אָפּגעבליאַקעוועט. איך באַטראַכט לאַנג די ציג, זי הייבט אויף דעם קאָפּ, און ס׳קומט מיר אויס, אַז זי קוקט אויף מיר פרעגנדיק: "וואָס דאַרפסטו דאָ? וועמען זוכסטו דאָ?" נו, וואָס קאָן איך ענטפערן אָט דער ציג?

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, שפּאַן איך אויף דער סטעזשקע, וואָס פירט צום וועג, און דער וועג פירט צו יענער באַן־סטאַנציע, נאָר איצטער דאַרף איך שוין יענע סטאַנציע נישט האָבן, און שטייענדיק אַ ווייילינקע, פאַרקערעווע איך צוריק.

גאָט מיין גאָט, זע נאָר, זע, וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז — פאַרקערעווען פונעם וועג צוריק אויף דער סטעזשקע, און מיט דער סטעזשקע זיך אַראָפּלאָזן צום ברעג, ווו עס פּאַשעט זיך דער באָבעס ווייס ציגעלע מיט די זילבערנע גלעקעלעך.

**חיים זעלצער**

## די ווילדע ציג

אַ ציג איז אַ מזיק — דאָס לייקנט נישט קיינער.
דער־עיקר פון ציגן־פּלאָג ליידן די שכנים.
געפּרעגלטע צרות, יסורים געפּילטע
פאַרשאַפן אין כעלעם די ציגן די ווילדע,
און ביטערע הערצער, געזאַלצענע טרערן —
אַ שונא מיט ציגן געפּרוּווט זאָל נישט ווערן.
און טאָמער מיינט עמעץ, אַ ציג טראַכט פון גאָרנישט,
אַ לעקיש־בער איז ער, צו זיך האָט קיין פּאָר נישט.
באַוווּסט איז אין כעלעם, באַקאַנט איז די עובדא:
קיין עוולה פאַרטראָגן נישט ציגן, קיין קריוודע,
זיי ווייסן ווי איין און ווי אויס, און אַ סימן —
אַ ציג טראָגט אין האַרצן סיי ליבע סיי שנאה.

דאָס איז די הקדמה און איצט קומט די מעשה:
געווען איז אין כעלעם אַ ציג נישט קיין ווייסע
און אויך נישט קיין שוואַרצע — אַ ציג סאַמע פלעקן,
און קינדער און זקנים אין שטאָט פלעגט זי שרעקן.
געטראָגן אַ שטערן די ציג אויפן שטערן —
נישט מורא געהאַט נישט פאַר וועלף, נישט פאַר בערן.
ווער שמועסט, אַ בן־אדם, דערצו נאָך אַ כעלמער —
מיט גרויס פאַרגעניגן געשטאָרכן מיט הערנער.
אויף די ווייבער פון הינטן די ציג פלעג באַפאַלן . . .
און איין מאָל אין שולהויף געשטויסן אַ כלה.
איז אונטער דער חופה געפאַלן חלשות
געגענדל די געלע אברהם־חיה־דוואָשעס.

האָט עמעץ אין כעלעם גענומען דערווייזן,
די ציג ווערט משוגע פון חופה־קלייד ווייסן.
נישט אַנדערש, די ציג איז אַ גלגול — מסתמא
עס מאַטערט זי עמעצנס קראַנקע נשמה.
דערמאָנט האָט זיך עמעץ אַ מעשה אַן אַלטע:

אַ בחור מען האָט אָן תכריכים באַהאַלטן.
מיט זעק מיט צעריסענע האָט מען באַדעקט אים —
אַריין זיין נשמה אין ציג דער געפלעקטער.
וואָס טוט מען?
דעם בחורס נשמה אַ תיקון,
פון ציגן־מזיקים די שטאָט צו פאַרהיטן.

די ציג זאָל נישט וויסן און שטערן נישט פרווון
האָט קהל בסוד אַן אסיפה גערופן.
און אַלץ וואָס געפסקנט — אַזוי איז געבליבן —
אין כעלעמער פנקס דער פסק איז פאַרשריבן:
"אין ווייסע תכריכים די ציג איינצוהילן,
ליכט שטעלן צוקאָפּנס און זאָגן גאַנץ תהלים.
אין ציגן געפלעקטע עס שטעקט אַ סכנה —
האָט כעלעמער בית־דין פאַרפאַסט אַ תקנה...

געוואָרן פון דעמלט אַ חוק מדאוריתא —
אַ כעלעמער ציג איז געמאָלט נאָר אַ ווייסע.

# כּוע זאָל עס דערציילן אין פרײדן

## יוסף קערלער

# אין יענע יאָרן...

**(פון בוך "די רייזע אויף צוריק")**

**.1**

גאָר נישט גערן קער איך מיך אום צו יענע יאָרן, ווען אויך איך בין, נאַטיר־לעך, אַריינגעשלעפּט געוואָרן צווישן די אומרחמנותדיקע ציין־רעדער פון סאָוועטישן מאַסן־מאָרד.

איך זאָג "נאַטירלעך, אַריינגעשלעפּט געוואָרן", ווייל אַנדערש האָב איך זיך דאָס דעמאָלט נישט פאָרגעשטעלט — וואָס בין איך עפּעס שענער צי בעסער געווען פון אַנדערע צענדליקער מיליאָנען ?

נישט אומזיסט גייט אַרום איבער סאָוועטנלאַנד אַ טרויעריקער וויץ, אַז ווען ס'נישט איז וועלן אין רוסלאַנד צירקולירן פּרעג־בויגנס אין וועלכע ס'וועט גע־שטעלט ווערן אַזאַ פראַגע : צי זענט איר "געזעסן" בעתן סאָוועטישן רעזשים, און אויב נישט — איז פאַר וואָס ?

יאָ, מורא האָב איך צו באַרירן די יאָרן פון ק.ג.ב.־תפיסות, עטאַפּן און צוואַנגס־לאַגערן. ס'וואָלט זיך געוואָלט אַנטלויפן ערגעץ פון זיי טאַקע דערפאַר, ווייל קיין אַנטרינונג איז נישטאָ. וווהין דו זאָלסט נישט לויפן זענען זיי מיט דיר, אין דיר — אויף שטענדיק פאַרשניטן ערגעץ אין טיפן אונטערבאַוווסטזיין. פאַר־שניטן, שטיל טריפנדיק מיט בלוט.

אַ היפּשע צאָל ביכער זענען שוין אָנגעשריבן געוואָרן אויף דער זעלבער טעמע, וואָס איך האָב נאָך אַלץ נישט מצליח געווען צו באַרירן. די אייניציקע און בעסטע פון די דאָזיקע ביכער האָבן נישט די מינדסטע פּרעטענזיע, מע זאָל זיי צורעכענען צו דער קאַטעגאָריע פון "שיינער ליטעראַטור" און דווקא אין דעם — זייער אויפטרייסלענדיקע קראַפט. די גבית־עדות פון די לעבנס־געבליבענע. כראָ־ניק פון די סאַמע טראַגישע און סאַמע פיינלעכע אַנטוישונגען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, איז היינט צו טאָג שטאַרקער און באַלערעוודיקער פון יעט־וועדער קינסטלערישער, אפילו שעקספּיר־פאַנטאַזיע.

אויך סאָלזשעניצינס "איין טאָג פון איוואַן דעניסאָוויטש" איז נישט מער ווי אַ גענויאַלער פּרווו דערהייבן זיך מיט קינסטלערישע מיטלען צו אַזאַ מין בלוטנדיקער כראָניק. אָבער צו וואָס נאַרן זיך אַליין — ס'איז פאָרט נישט קיין

פּשוטע כראָניק, ווייל כראָניק ווערט דאָך פאַרצייכנט אויב נישט דורך אַן אַבסאָ־לוט קאַלטן, איז אַביעקטיוון עדות, וועלכער פאָלגט נאָך די געשעענישן פון ערגעץ אַ רויק ווינקל און... פאַרצייכנט, פאַרצייכנט געטריי פאַר די קומענדיקע דורות.

די וועלכע שרייבן „כראָניק" פון דער רוצחישער סטאַלין־ אָדער היטלער־עפּאָכע, זענען נאָך ליידער ביי היינטיקן טאָג אפשר ווייניקער באַגלייבלעך ווי די כראָניק־שרייבער פון מיטלאַלטער, ווייל זיי, די היינטיקע, קאָנען נישט און האָבן נישט דאָס רעכט צו זיין „אָביעקטיוו". ווי קאָן דער קרבן זיין אָביעקטיוו צו זיינע הענקער?

ס׳קלינגט דאָכט זיך פּאַראַדאָקסאַל, אָבער אויך גאַנץ נאַטירלעך, ווען איינע אַ געוועזענע קאָמוניסטקע, וועלכע האָלט שוין גאַנץ ווייט אויפן וועג צום אויס־ניכטערן זיך און אַראָפּוואַרפן פון אירע אויגן די שוין געפּלאַצטע לענין־שפּאָ־קולן, האָט מיר אין אַרגעמענטירנג אַ זאָג געגעבן:

— איר זענט אויפריכטיק און איך גלייב יעדן וואָרט פון אייערע דערציילונ־גען, אָבער איר האָט צו פיל געליטן פון די סאָוועטן, כדי איר זאָלט זיין אָביעקט־טיוו צו זיי...

אַצינד, נאָך די ווערק פון גרויסן רוסישן שרייבער אַלעקסאַנדער סאָלזשעּ־ניצין, באַזונדערס נאָך זיין „אַרכיפּעלאַג גולאַג", איז בכלל שוואַער געוואָרן צו דערציילן וועגן יענע יאָרן, זיי זאָלן כאָטש נישט אויסזען ווי אַ בלאַסער שאָטן פון סאָלזשעניצינס „איין טאָג".

וועל איך זיך אפשר באַנוגענען אין מיין „אַ רייזע אויף צוריק" בלויז מיט באַזונדער־צעקייטלטע עפּיזאָדן וועגן יענע יאָרן און טעג.

## 2. דאָס מעשהלע וועגן די דריי מאַראַנצן

צוויי מאָל אין יאָר איז דערלויבט געווען צו באַקומען פּעקלעך פון דער היים. אָבער ס׳רעדט זיך באַר אַזוי: צוויי מאָל. נישט זעלטן פלעג אַ פּעקל גאָר פאַרפאַלן ווערן אין ווייטן וועג, און שריי חיי וקיים. אַלנפאַלס איך בין פון אַזעלכע קלאָפּאָטן פריי געווען — צו מיר האָט מען קיין פּעקלעך בכלל נישט דערלאָזט. איצט ווייס איך, אַז מע פלעג מיר דווקא יאָ שיקן, נאָר מיט וואָס כ׳בין דאָן זינדיקער געווען פון אַנדערע, אפילו פון באַנדעראָס חברה, אָדער פון היט־לערישע פאָליצייען — דאָס ווייסט, ווייזט אויס, פריער גאָט, דער נאָך — נאָטשאַלסטווע...

מיין פריינד דוד איז געווען פון די גליקלעכע: היינט האָט מען אַרויסגע־האַנגען צעטלעך פון די, וואָס דאַרפן באַקומען פּעקלעך. אין די צעטלעך איז אויך פאַרצייכנט געווען דוד׳ס נאָמען.

דוד איז געווען אַ שטילער בחור, אַ ווייניק־באַריידעוודיקער, אָבער אים פלעג זיך איינגעבן געניט און מיט פלינקשאַפט אויסמיידן די שאַרפע שפּיצן פון דער צאַנראַד, וואָס רופט זיך „שטרענגער־לאַגער־רעזשים". באַקומען האָט ער זיין „קינדערישן טערמין" פון צען יאָר צוואַנגס־לאַגער דערפאַר, ווייל עמעצער האָט

זיך דערמאָנט דאָס, וואָס ער אַליין האָט שוין כמעט ווי פאַרגעסן: אין די ווייטע קינדער־יאָרן ביי זיך אין אַ בעסאַראַבער שטעטל האָט ער אַ פּאָר מאָנאַט פריילעך פאַרבראַכט אין אַ קינדער־קאָלאָניע מיטן שיינעם נאָמען "גורדוניה"... און דאָס איז געווען גענוג צו באַקומען אַ "קינדערישן" טערמין.

אָבער, דוד האָט כלומרשט זיך גיט געמאַכט קיין גרויסן צימעס דערפון. קודם, האָט ער געפונען לייטזעליקייט אין די אויגן ביי איינעם אַ לאַנדסמאַן אַ געזונטן, מאָלדאַווישן ציגיינער, — איינעם אַ סאַשקאַ, פאַר וועמען ס'האָט געציטערט אימת־מות, אפילו די "סמעטענע" פון אונדזער אונטערוועלט. (פאַרוואָס די חשובסטע גנבים און בלאַטע יונגען האָבן געהאַט אַזוי פיל דרך אֶרץ פאַר אָט דעם ציגיינער איז פאַר אַלעמען געווען אַ סוד, אויך פאַר דודן.) נאָר דוד פלעגט געניסן פון סאַשקאָס זיכערער שוץ און שטיצע.

צווייטנס, האָט ער גלייך פון די ערשטע טעג באַוויזן זיך איינאָרדענען אַזש אַלס אַ פאַרטרעטער פון הויפּט־בוכהאַלטער, כאָטש פריער, אויף דער פריי, האָט ער געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע פאַרשטעלונג וועגן חשבון־פירעכץ בכלל. נאָר ער האָט גאָר גיך געכאַפּט דעם שניט און דערוואָרבן זיך אַ גוטן שם פון אַ זייער נייטיקן פאַכמאַן.

ער האָט געהאַט אַ גוט האַרץ, דוד.

אין די פאַרנאַכטן פלעג ער זיך אַריינגנבענען אין די סאַמע געמיינסטע באַראַקן, ווו מען האָט זיך געשטיקט פון ענגשאַפט, פון שוויס־געשטאַנק און מאַכאָרקע־רויך , ווו מען האָט געקאָנט פאַרטויבט ווערן פון טומל, געשריי און קריגערייען צווישן די הונדערטער צונויפגעדריקטע פאַרביטערטע נפשות. דאָרט פלעג ער אויפזוכן זיינע קליענטן — יידן — יינגערע און עלטערע — "ראַבאָט־יאַגעס", וואָס ווערן אויסגעריסן אויף "אַלגעמיינער אַרבעט", די סאַמע באַעוולטע, דערשלאָגענע פון קנעכטישער האַרעוואַניע, טאָג־טעגלעכע באַליידיקונגען און אַפּט אויך פון רוצחישע קלעפּ, שטענדיק הונגעריקע דיסטראָפיקעס, וועלכע מע פלעג רופן אויף לאַגער־לשון "פּיטילי", דאָס הייסט: קנייטלעך, קנייטלעך פון אויסגעטריפטע ליכט...

דוד פלעגט זיי אויפזוכן און אַרויסהעלפן וועמען מיט אַ האַלבער ברויט־נאַרמע, וועמען מיט אַ אַרויסבאַקומענעם איבעריקן זופּ־טאַלאָן, מיט אַן עצה, מיט אַ טרייסטוואָרט. און ווען דוד פלעג באַקומען אַ פּעקל, אַ "פּאָסילקע", איז דאָס אויך פאַר אָט די מענטשן געווען אַ גרויסער יום־טוב...

לויטן לוח, — אויף וועלכן מע האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן, ווייל אים האָט אייגנהאַנטיק צונויפגעשטעלט אונדזער "תהילים־ייד" פון בערדיטשעוו, רב יוסי שענקמאַן, — איז שוין געווען האַרט ערב שבועות; אָבער וואָרקוטאַ האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק — אָדער עס זענען נאָך אַלץ געשטאַנען מסוכנע פרעסט, אָדער ס'האָט נאָך געדרייט אַ משוגענע זאַווערוכע־"פּורגאַ", לאָזנדיק נאָך זיך ריזיקע שניי־בערג.

איז אָט, נאָך אַזאַ זאַווערוכע איז פּלוצים געוואָרן שאַ־שטיל מיט אַ פרעסטל

— צום דערליידן. צווישן די שניי בערג האָבן די "זעקא" (קאַצעטלער) אַדורכ־געלייגט אַ שטעג אויך צום פּאָסט־באַראַקל, ווו מע פלעג פאַנאַנדערטיילן די באַ־קומענע פּעקלעך.

געקומען איז דוד אין דער באַגלייטונג פון ציגיינער סאַשקאַ. דער קורצ־ווּקסיקער דוד אין זיין וואַטאַווע בושלאַט מיט די לאַנגע אַרבל (זייער באַקוועם וואַרעמען די הענט אַריינשטעקנדיק איין אַרבל אין צווייטן), דער הויכער סאַשקאַ — אין זיין פּאַרטאַווע * פּופּייקעלע, די הויזן אונטער די קני, ממזריש פאַרבויגן איבער די גלאַנציקע האַרמאַשקע־שטיוועלעך — אַ סימן פון פּריווילעגירטער לאַגער־עלעגאַנץ. ווען סאַשקאַ באַגלייט, איז דוד געווען זיכער, וועט קיינער נישט וואַגן אַוועקנעמען ביי אים דאָס פּעקל.

דער פּאָסט־אַרבעטער, אַליין אַ גוטער גנב, האָט אויפגעטרענט די לייוונט און גענויט אויפגעריסן דאָס דעקל פון פּאַניר־קעסטל. ביים לייטענאַנט בעלאָוו, וואָס איז געשטאַנען דערביי, האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן די בולבעוואַטע נאָז־לעכער: אין קעסטל זענען אויבן־אויף געלעגן גערויכערטע פעטע יעגער־ווורשט־לעך — אָן אמתער דעליקאַטעס נישט נאָר פּאַרן ווייטן וואָרקוטאַ, נאָר אויך אפילו פּאַר דער קרוינשטאָט מאָסקווע. יעדער ווורשטל באַזונדער האָט בעלאָוו געמוזט דורכשטעכן צו עטלעכע מאָל מיט אַ מין גאָפּל, כדי זיך איבערצייגן, אַז קיין שום קראַמאָלע איז דאָרט, חלילה, נישט פאַרבאָרגן. ווייטער האָט ער זיך גענומען צו די באַזונדערע פאַרפּאַקטע מאַכאָרקע־פּעקלעך, צו די נייע וואָלענע שקאַרפּעטן און הענטשקעס און גאָר פון אונטן, ווייך אַרומגעבעט מיט וואַטע — — — —

— טשטאָ טאַקאָיע ? ! (וואָס איז עס אַזוינס ?) — האָט דער לייטענאַנט גע־פרעגט מיט גרויס גרים־צאָרן . . .

דאָרט זענען געלעגן, ווי נישט זיי וואָלט מען געמיינט, דריי גרויסע שיינע מאַראַנצן, שיינענדיקע, אָראַנזש־ליכטיקע, האָבן זיי, דאַכט זיך, שמייכלענדיק אַרויס־געשטראַלט פון זיך די גאַרע זוניקייט פון זייער ווייטן היימלאַנד. אויף יעדער מאַראַנץ אַ שטעמפּל : "יפו", און דאָס פאַרדעמפּטע פּאָסט־באַראַקל איז פאַרפולט געוואָרן מיט שטאַרקע, אין גאַנצן נישט היגע מאַראַנצן־ריחות (פון אַזעלכע ריחות בין איך מיט יאָרן שפּעטער אַרומגעגאַנגען אַ פאַרשיכורטער אין כפר־סבא, ווען אַרום האָבן געבליט די פּרדסים) . . .

— טשטאָ טאַקאָיע ? ! — האָט לייטענאַנט בעלאָוו זיך נישט אויפגעהערט בייזערן.

דאָ איז אַרויסגעטראָטן סאַשקאַ :

— דאָס זענען אַפּעלסינעס, בירגער נאַטשאַלניק. אַ זשידאָווסקע פּירה אַזאַ פון פּאַלעסטינאַ. אין מאָסקווע פאַרקויפט מען אָט די שטוקאָווינעס צו אַ רובל פערציק אַ קילאָגראַם. כ'האָב אַליין געזען . . .

בעלאָוו האָט מיט אומצוטרוי אַ בליקל געטאָן אויף סאַשקאַן :

— פּאָכניעט פּריאַטנאָ, טשאָרט ! — (סע שמעקט, הייסט עס, אָנגענעם, דער

* פּאַרטאָווע — ווויל־יונגעריש (גניבהשער סלענג).

טייוול זאָל עס נעמען!) — זשידאָווסקע פּירות דאַרפן שמעקן מיט קנאָבל! — האָט דער לייטענאַנט אַלצוויסנדיק צוגעגעבן.

— טאַ־אַקס... — האָט ער פאַרצויגן, קנייטשנדיק דעם שטערן — דעם פּראָדוקט וועלן מיר קאָנפיסקירן, ווייל אַזוינס איז ניט פאַראַן אין די אינסטרוק־ציעס, — פאַרשטענדלעך ?!

דוד איז געוואָרן בלאַס, ער האָט זיך איינגעקלאַמערט אין סאַשקאַ און, קוים צו הערן, אַריינגעשעפּטשעט אין אים:

— העלף, סאַשקאַ. טו אַלץ, אַבי די מאַראַנצן זאָל מען אָפּגעבן...

— בירגער נאַטשאַלניק, — האָט סאַשקאַ גוטברודעריש־פאַרטרוילעך אַ ווונק געטאָן בעלאָוון, ער זאָל מיט אים אַרויס אין שכנישן חדרל...

שפּעטער זענען זיי ביידע אַרויסגעקומען. בעלאָוו איז האַסטיק צו צו דעם פאַסט־אַרבעטער ביים אָפענעם קעסטל, אַרויסגענומען די מאַראַנצן מיט אַ פּאָר מאַכאַרקע־פּעקלעך און אַ וואָרף געטאָן דודן:

— צעשרייב זיך, אַז דו האָסט אַלץ באַקומען, און קריך פון דאַנען, פּאַדלע זשידאָווסקע. — אַפּעלסינעס האָט זיך אים פאַרוואָלט! מאַ—אַר—ש!

דוד איז אַ גליקלעכער אַרויסגעשפּרונגען מיטן קליינעם פּעקעלע אין די הענט.

— ס'טוען דיר גאָר נישט באַנק די יעגער־וואורשטלעך, דוד? — האָט סאַשקאַ לייכט אַרויפגעלייגט אויף זיינע אַקסלען די שווערע האַנט.

— ניין, זאָל ער זיך וואַרגן מיט זיי! — האָט יענער זיפצנדיק אַראָפּגע־שלונגען די אָנגעלאָפענע פליסיקייט פון אונטערן גומען — כ'בין דאָך אַ ייד, סאַשקאַ!... דעם ערשטן מאַראַנץ וועלן מיר טאַקע באַלד מיט דיר צורעכט מאַכן...

— דעם צווייטן ?

— דעם צווייטן — פאַר מיינע יידישע פריינד, די ״ראַבאַטיאַגעס״ — פון אַכטן באַראַק — זאָלן זיי אויך וויסן דעם טעם פון ארץ ישראל... און דעם דריטן וועל איך שענקען אונדזער ר׳ יוסי... ס'פּאַלט פּונקט אויס ביי אונדז אַ יום טוב, ווען מע מאַכט אַ ברכה איבער די ערשטע פּירות.

— ניין, דוד! — האָט באַפוילן סאַשקה — דעם דריטן מאַראַנץ וועסטו איבער־געבן מיר! כ'וועל עס אַליין שענקען יוסיען, זאָל ער מאַכן די ברכה אויך פאַר מיין שוואַרצער נשמה!

דוד איז געבליבן שטאַרק פאַרחידושט.

— וואָס שטראָצלסטו אויף מיר די זענקעס דיינע — האָט סאַשקאַ זיך צע־בייזערט, דער נאָך אַריינגערוימט:

— מיינסט אַוודאי, אַז איך בין עפּעס אַ גוי?...

— — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז געוואָרן שפּעט. ס'האָט זיך צעקלונגען דער רעלס, אַ סיגנאַל צום אָוונט־אַפּעל. ערגעץ האָבן זיך צעבילט די וואַך־הינט.

אויפן שטעג צווישן די שניי־בערג האָט שטאַרק פאַרשמעקט מיט מאַראַנצן־ריח. אפשר נאָך שטאַרקער ווי מיט יאָרן שפּעטער אין כּפר־סבא, ווען ס׳האָבן געבליט די פּרדסים.

### 3. צווישן חלום און וואָר

אַ וואָכן צוויי נאָך סטאַלינס טויט.

וואָרקוטאַ. מאַרץ 1953. אַזייגער פינף גאַנצפרי האָט מען אונדזער בריגאַדע קוילנגרעבער אַרויסגעטריבן צו דער לאַגער־וואַכטע. ס׳איז נאָך געווען גאַנץ טונקל. דער קוויטשקער שניי האָט געקרעכצט אונטער די פיל מאָל געלאַטעטע שיך. ערשט אויפגעריסענע פון שווערן שלאָף, האָבן מיר זיך ממש געקאָרטשעט פון קעלט. דערצו נאָך האָט אַ פוילבלעך ווינטל פאַרקליבן זיך דורך די צעפליקטע וואַטאָווע בגדים און איינגעגעסן זיך אין די ביינער.

דער בריגאַדיר האָט פּאַמעלעך גענומען אויסרופן און אויסציילן אונדז פאַרן אַרויספירן אין דער אַרבעטס־זאָנע, דער ״נאַריאַדטשיק״ האָט פאַרצייכנט אויף זיין ברעטל אַלע די, וועלכע דער דאָקטער האָט אויף היינט באַפרייט פון דער אַרבעט און אַ לאַגער־אויפזעער, אָדער ווי מיר פלעגן אים רופן — אַ ״ווערטוכאַי״, האָט ווי געוויינלעך מיט אַ פּאָר רוצחישע אויגן, ווי ס׳פּאַסט פאַר זיין אַמט, פול מיט פאַרדאַכט נאָכגעשפּירט אַט די טויזנט מאָל צוגעגעסענע פּראָצעדור.

ווען מען האָט אויסגערופן מיין נאָמען האָב איך שטיל און דייטלעך (די דייטלעכקייט האָט, מיר דאַכט, פאַרטויבט די אייגענע אויערן מיינע) אַרויסגעזאָגט איין וואָרט: ״אָטקאַז!״ דאָס האָט באַדייט, אַז איך זאָג מיך אָפּ אַרויסצוגיין אין דער אַרבעטס־זאָנע, כּדי אַראָפּלאָזן זיך אין דער שאַכטע. אַלע אַרומיקע האָבן אויפגעריסן אויף מיר די אויגן ווער מיט חידוש, ווער מיט חוזק און ווער מיט פאַרבאַרגענער שרעק און באַדויערונג. בלויז דער מונדירטער ״ווערטוכאַי״ האָט זיך ווי דערפרייט, וואָס דער קרבן קריכט אַליין אין זיין צעשמוכטן פּיסק. — ״האַ־האַ״ — האָט ער כּמעט מיט תענוג אַרויסגעזיפּצט:

— ״אָפּפירן דעם דאַזיקן אין בור!״

די בוכשטעבלעכע איבערזעצונג פון ״בור״ איז ״באַראַק פון פאַרשטאַרקטן רעזשים״ און דאָס איז אייגנטלעך אַ לאַגער־טורמע.

אין פּאָדערצימער פון ״בור״ האָט מען מיר תּיכּף אָנגעטאָן די באַרימטע האַנט־קייטעלעך, וועלכע האָבן אַ טבע מיט יעדער מינדסטער באַוועגונג אַלץ מער און מער אַריינשניידן זיך אין פלייש, אַזוי אַז די הענט ווערן מיט דער צייט ווי פאַרשלאָפן, כּמעט פאַראַליזירט. מע האָט מיר אויך באַפוילן זיך אַוועקשטעלן מיטן פּנים צו דער וואַנט.

אַ גאַנצע כאַפּטע ״ווערטוכאַיען״ האָבן זיך צונויפגעזאַמלט הינטער מיינע פּלייצעס.

די ערשטע פראַגע: פון וועלכער נאַציע ביסטו? — אַ ייד — האָב איך

שטיל געענטפערט. — אזוי גאר? א זשיד הייסט עס. — האט איינער זיך דער־פרייט מיט אן הייזעריקלעך געלעכטערל... — און אזא העלד ביסטו?...

ניין, קיין העלד בין איך נישט געווען, כאטש כ׳האב גאנץ גוט געוווּסט, אז אפזאגן זיך פון דער ארבעט איז דאן באטראכט געווארן אלס שווערסטער פאר־ברעכן. ס׳האט זיך געקאנט ענדיקן מיט א פיינלעך־לאנגזאמען מארד, אדער — אין בעסטן פאל — מיט אוועקשיקן דיך מיט א שווערן עטאפ שוין א פולשטענ־דיק צעקאליעטשעטן אינוואליד.

קיין אנדער אויסוועג האב איך אבער נישט געהאט. איך האב שוין אפגעריכט העכער צוויי יאר באמת קנעכטישע ארבעט צו 12 שעה א טאג, אויסהאקנדיק גאנצע בערג שטיינקוילן, "שווארץ גאלד צוליב דעם סאציאליסטישן פאטער־לאנד"... צוריק מיט א דריי וואכן האט מען מיך ארויפגעטראגן פון שאכטע־קבר א פארחלשטן. אין גאנצן אן אויסגעפרעסטן פון שווערער מי און פון הונ־גער־דיסטראפיע. מע האט מיר געגעבן א ביסל זיך אויסליגן און הייל־סטאציאנאר און קומען עטוואס צו זיך; נאך דעם האט א מעדיציניש קאמיסיע באשטימט באפרייען מיך פון שאכט־ארבעט, ס׳האט אבער וויניק־וואס געהאלפן. מיין גורל איז פון פאראויס באשטימט געווארן דורך מיינע ק.ג.ב.־פארשערס אין מאסקווע. "אויסנוצן אויף די שווערסטע ארבעטן" — אזוי איז פארשריבן געווארן אין מיין פערזענלעכן פארמוליאר. האט מען מיר טאקע איצט ווידער איינגעשלאסן אין א קוילנגרעבער־בריגאדע. אבער אראפלאזן זיך אויף ס׳ניי אין דער פארהאסטער שאכטע, כדי דארטן במילא אומקומען, האט דאן פאר מיר אויסגעזען פיל ערגער פון אלע עקזעקוציעס אויף דער וועלט...

אין פאדערהויז פון "בור" בין איך גוטע צוויי שעה אפגעשטאנען מיטן פנים צו דער וואנט, מיט פארקייטלטע הענט, ביז ס׳איז ענדלעך געקומען א לאגער־אפיציר, וואס האט אן לאנגע צערעמאניעס גלייך צונויפגעשטעלט אן אויספאר־שונגס־פראטאקאל. דערנאך האט מען מיך אויסגעטאן ביזן העמד און אריינגע־שליידערט אין א פראסטיקן איינצלקאמער־גרוב...

צו מיין גרויס וווּנדער האט מען זיך דערווייל באגנוגנט בלויז מיט דעם.

אויב אזוי האב איך באשטימט א ביסל דרייסטער צו זיין — כ׳האב געמאלדן — ביז ס׳וועט נישט אויסהערן מיינע טענות דער לאגער־שעף פאלקאווניק בגאנקא, דערקלער איך א הונגער־שטרייק.

— הונגער, הונגער, וועסטו גיכער פגרן! — האט א לאך געטאן דער "ווער־טוכאי", צוריקנעמענדיק די טאג־נארמע פאר אן ארעסטאנט — דאס שטיקל שווארץ זויער און לעפקע ברויט פון 250 גראם און א קווארט לעבלעך וואסער.

אוודאי האט מיך געפייניקט דער אומדערטרעגלעכער הונגער און אפשר נאך מער — די קעלט. אבער שווערער פון אלץ איז געווען זיך אפזאגן פון ביסל לעב־לעכן וואסער. ס׳האט זיך געדוכט: בלויז צוטראגן די דאזיקע מוטנע פליסיקייט צו די ליפן, און ס׳וועט געלאשן ווערן נישט נאר דער דארשט, נאר ס׳וועלן אויך פארשווינדן דער הונגער און די קעלט.

"אין קיין שום אָרט פליט נישט אַזוי די צייט ווי אין תפיסה — זאָגט ערגעץ איוואַן טורגעניעוו און גיט דערביי צו — אין רוסלאַנד אויך"...

די ערשטע טעג האָבן זיך געצויגן אַזוי, גלייך די צייט וואָלט פאַרגליווערט געבליבן... דערנאָך האָט אַלץ אָנגעהויבן פליען אין אַ משונהדיקן גאַלאָפּ. נישט נאָר די קעלט איז מילדער געוואָרן, ווייל עמעצער פון מיינע דרויסנדיקע פריינד האָט אונטערגעקויפט דעם טורמע־אויפזעער מע זאָל מיר אַריינוואַרפן מיין וואַטאָווע בושלאַט. כ'האָב שוין אויך אויפגעהערט שפּירן הונגער און דאָרשט. כ'בין געלעגן גאַנצע מעסלעסן האַלב אין דרימל און צווישן איין האַלוצינאַציע און דער צווייטער זענען די געדאַנקען געפלאָסן ווי קיין מאָל פריער פריש און לויטער, מיר דוכט, כ'האָב דאַן אפילו פאַרשריבן אַ פּאָר נייע לידער אין זכרון.

פאַרגעדענקט האָט זיך איינער אַ חלום אויף דער וואָר: איך געפין מיך אין דער גוט־באַקאַנטער פאַרזאַל פון מאָסקווער יידישן טעאַטער. כ'שטיי אַנגעשפּאַרט אויף די דעמבענע פּאַרענטשעס פון גאַרדעראָב. ס'דרייט זיך אַרום אַ פאַרזאַרגטער עולם, אָבער סע שפּירט זיך פּאַרט עפּעס אַ מין אויפגעלייגטקייט און גרויסע דערוואַרטונג. פּלוצים גיבן זיך אַלע אַ קער צו די ברייטע מירמלנע טרעפּ, וועלכע פירן פון פאָיע אַראָפּ צו, אַהער. און אָט באַווייזט זיך אויף די טרעפּ נישט קיין אַנדערער ווי שלמה מיכאָעלס, אַנגעטאָן, ווי שטענדיק בעת אַ גרויסן יום־טוב, אין זיין ענגלישן סמאָקינג, אַרומגערינגלט מיט פריינד און קאָלעגן, שפּאַנט ער צו אונדז מיט פייערלעך־גראַציעזע טריט. דאָס ליבע היימישע פּנים מיט די קלוגע קנייטשעלעך אַרום די שטראַלנדיקע אויגן, די באַרימטע אַרויסשטאַרצנדיקע אונטערשטע ליפּ, — אפילו די פליענדיקע קרייזלעך האָר אַרום דעם שיינענדיקן סאָקראַטוס־קאָפּ, אַלץ איז פול מיט לעבן, מיט אימפּעט און מיט איינגעהאַלטענער פרייד. ענדלעך קומט ער אַראָפּ און צו יעדן באַזונדער גייט ער צו מיט אַ ברייטן שלום־עליכם, דריקט די האַנט, נאָך אַביסל און אויך מיין האַנט דערשפּירט שוין די וואַרעמקייט פון זיין דלאָניע, פון זיינע פעסטע דיקלעכע פינגער: — מזל טוב! מזל טוב, חברים!

ס'ווערט מיר אויסערגעווייגלעך גוט. גוט און וואויל ווי אפשר קיין מאָל אין לעבן מער... און פּלוצים שניידט זיך מיר איין אין דער זעלבער האַנט אַ מוראדיקער ווייטיק און ווי דורך אַ נעפּל האָב איך דערזען איבער זיך דעם דאָקטער באַרוליס, פּונקט אַזאַ אַרעסטאַנט ווי איך, ער האָט מיט מיטלייד באַטראַכט, מיינע פון די קייטעלעך פאַרשטאַרבענע הענט.

כ'בין שוין ווידער געלעגן אין הייל־סטאַציאָנאַר. די ערשטע זאַך וואָס דער דאָקטער האָט מיר געזאָגט: מען האָט אייך נעכטן געבראַכט אַהער נאָך ניין מעסלעס הונגער, און צי ווייסט איר אַז גראַד נעכטן האָט מען אָפיציעל, דורך דעם ראַדיאָ געמאָלדן, אַז ס'זענען רעהאַביליטירט די יידישע דאָקטוירים? —

— "ס'איז בטל געוואָרן די גזירע!" — האָט דער צעשמייכלטער ליטווינער געפּרוווט ברעכן זיין צונג אויף יידיש און קוים באַרירנדיק די האַנט מיינע, האָט ער שטיל און דורכדרינגלעך באַגריסט מיך: — מזל טוב!

**אסתר ראָזענטאַל (שניידערמאַן)**

# דער וועג צום טראַמפּלין

**(1956—1958)**

## א. אַזאַ שאַנס!...

אַבסאָלוט צופעליק און מיט גרויס פאַרשפּעטיקונג איז צו מיר קיין קיעוו דערגאַנגען אַן אומזיכערע ידיעה, אַז די ראַטנמאַכט גיט רעכט אַזעלכע מענטשן ווי איך, זיך צו רעפּאַטריירן אין זייער געבוירן־לאַנד פּוילן. געווען איז דאָס נאָך דעם צוואַנציקסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, סוף פון יאָר 1956.

די צווייפלהאַפטע נייס האָט פאַר מיר געקלונגען ווי אַן אויסגעטראַכט מעשהלע פון טויזנט און איין נאַכט. און דאָך האָט מיך אַ ציִ געטאָן אין די ליפּקעס, אויף לעוואַשאָווסקי־גאַס צו דעם שיינעם גבירישן פּאַלאַץ. דאָרט זענען איצט געזעסן נאָענטע פריינד פון סאָוועטרוסלאַנד. טאַקע נאָענטע און גוטע פריינד פון ראַטנפאַרבאַנד, און דאָך איז דאָס פּאַלאַץ טאָג און נאַכט אַרומגערינגלט מיט ציוויל געקליידעטע סאָוועטישע געהיים־אַגענטן. זיי שטייען אין די אַנטקעגנדיקע טויערן און אויך אינעווייניק — לעבן די פענצטער אין פּריוואַטע וווינונגען פון די הייזער אויפן אַנטקעגנדיקן טראָטואַר. מיט מיניאַטורע אַפּאַראַטלעך פאָטאָגראַפירן זיי יעדן, וואָס גייט אַריין און אַרויס פון אָט דעם געמיטלעכן געביידעלע. געניטע סאָוועטישע בירגער מיידן דעריבער אויס צו גיין אויפן טראָטואַר נאָענט צום פּאַלאַץ, גראָד אַזוי, ווי זיי טוען דאָס לעבן יעדער אַנדערער אויסלענדישער רעפּרעזענטאַנץ.

דאָס פּאַלאַץ איז די רעזידענץ פון דעם פּוילישן גענעראַל־קאָנסולאַט אין דער הויפּטשטאָט פון דער ברידערלעכער סאָוועטיש־אוקראַיִנישער פאָלקסרעפּובליק.

אָהער בין איך געקומען נאָך לאַנגן טראַכטן און איבערטראַכטן, כדי זיך איבערצייגן צי זענען די קלאַנגען נישט קיין חלום. כמעט צען יאָר, וואָס איך לעב ווידער אין קיעוו, פלעג איך אויסמיידן צו שטעלן אַ פוס אפילו נאָענט צו אָט דער אַריסטאָקראַטישער לעוואַשאָווסקי־גאַס. וואָרום מיט דער אַ שטילער גאַס האָב איך מיין אייגענעם, גאָר אַ באַזונדערן חשבון. דעם חשבון האָב איך איבערהויפּט מיט דעם הויז נומ׳ 10. דאָס דאָזיקע הויז נומ׳ 10 איז אויך אַן ״אָסאָבניאַק״. און געהערט האָט עס אַמאָל, נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, צום באַוווסטן צוקער־פאַבריקאַנט, דעם יידישן פילאַנטראָפּ בראָדסקי. און שטיין שטייט עס ניט מער ווי עטלעכע הייזער אָפּגערוקט פון דער איצטיקער פּוילישער דיפּלאָמאַטישער

פאַרשטייערשאַפט. אין בראַדסקיס פּאַלאַצל האָט זיך אַ מאָל געפונען די קרוין, דאָס שיינדל פון דעם סאָוועטישן יידנטום — דער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור ביי דער אַלאוקראַאינישער אַקאַדעמיע און מיט דעם אַ אָנשטאַלט זענען פאַרבונדן מיינע בעסטע יאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָ האָב איך געלערנט און פאַרענדיקט די אַספּיראַנטור, דאָ האָב איך געשטעלט מיינע ערשטע טריט אַלס יידישער וויסנשאַפטלער.

אין יאָר 1936 האָט די ראַטנמאַכט דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור ליקווידירט. פאַרניכטעט אויף אַ האָטענטאָטיש־באַרבאַרישן אופן זיינע אָנגעזאַמלטע יידישע קולטור־אוצרות. אַ ביסל פריער שוין אָנגעהויבן אַרעסטירן און פיזיש אומברענגען די מיטאַרבעטער זיינע. די ערשטע פיר קרבנות זענען געווען מענטשן, מיט וועלכע מיך האָט געבונדן פריינדשאַפט און יאָרן פון אַקטיווער אַרבעט: מאַקס עריק —דער אומפּאַרטייאישער (אַמאָליקער פּועלי־ציוניסט) טאַלאַנטירטער יידישער ליטעראַטור־פאָרשער און קריטיקער; גרשון גאַראַכאָוו — דער דעמאָלטיקער דירעקטאָר פון אינסטיטוט; מיכל לעוויטאַן און יונה כינטשין. די לעצטע דריי — געוועזענע מיטגלידער פון יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, שפּעטער — קאָמוניסטן, האָבן געהערט צו די גרונט־לייגער פון דער סאָוועטישער יידישער קולטור־בויונג. קיינער פון זיי איז נישט צוריקגעקומען, יעדער שפּור זייערער איז פאַרשוווּנדן. גראַד אַזוי זענען בהדרגה פאַרשווּנדן די שפּורן פון דער מערהייט מיטאַרבעטער פון דעם זעלבן אינסטיטוט — מ'האָט זיי סיסטע־מאַטיש אויסגעראָטן און נאָר געציילטע זענען געבליבן לעבן, צווישן זיי — אויך איך.

יעדעס הויז, יעדעס ווינקעלע, יעדער שטיין איז מיר דאָ אַזוי גוט באַקאַנט... צו פיל ווייטיק רופט אַרויס אָט די לעוואַשאָווסקי־גאַס, מייד איך זי אויס ווי אַ געשפּענסט. און ווען איך בין געצוווּנגען צו זיין אין איר סביבה, גייט איך אַרום און אַרום.

היינט האָב איך אָבער קיין ברירה ניט. מ'דאַרף איבערוויינדן דעם ווייטיק. שפּאַן איך מיט גיכע טריט איבער דער לעוואַשאָווסקי, און קאַטש דאָס האַרץ און די שלייפן קלאַפּן ווי האַמערס און דער אָטעם ווערט שווערער, בין איך דאָך נישט בכוח צו פאַרלאַנגזאַמען מיין טראָט, און ווי אויף להכעיס איז די קורצע גאַס עפּעס לענגער געוואָרן...

ענדלעך דערזע איך שוין די ברוינע פּאַראַדנע טיר פון דער פּוילישער פאַרשטייערשאַפט. אַ האַסטיקער שטופּ אין דער שווערער דעמבענער טיר און בליץ־שנעל כאַפּ איך זיך אַריין אינעווייניק.

און אָט נעמט מיך שוין אויף אַ יונגער באַאַמטער פון פּוילישן גענעראַל־קאָנסולאַט. איך דערלאַנג אים מיין איין־און־איינציקן דאָקומענט, וואָס זאָגט עדות וועגן איך בין געווען אַמאָל אין פּוילן. ערשט היינט האָב איך אַרויס־געגומען פון באַהעלטעניש. דאָס פּאַפּירל איז מחמת זיין עלטער (העכער דרייסיק יאָר) שוין פאַרגעלט און ווו־ניט־ווו אָפּגעריבן. ביי צוויי צענדליק יאָרן איז עס

צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע מיינע האַלב־ און גאַנץ־טריפהנע פּערזענלעכע דאָקו־מענטן, וועלכע ס׳איז גלייכער אין פאַל פון אַ רעוויזיע ניט צו געפינען ביי מיר, געלעגן טיף באַהאַלטן. באַהאַלטן איז עס געווען ביי מיין פריינדין, דער אַמאָליקער ״צישאָ״־לערערין און וואַרשע — מרים כמעלניצקי. זי, די אומפּאַרטיייִשע, איז איצט אין סאָוועטרוסלאַנד פּאָליטיש מער כשר ווי איך — די אויסגעשלאָסענע פון פּאַרטיי און בשתיקה אַנטלאָפענע פון בירואָבידזשאַן.

זינט אַ סך יאָרן האָב איך דאָרט, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזן, אויסבאַהאַלטן יעדן סימן פון מיין אַמאָליקן אָנטייל אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער באַוועגונג, און אויך פאַרשוויגן וועגן מיין וועלכער עס איז פאַראַנטוואָרטלעכער יידישער קולטור־אַרבעט אין ראַטנפאַרבאַנד גופא. מחמת דעם האָט מען געמוזט קודם כל פאַרניכטן אַזעלכע פּערזענלעכע דאָקומענטן, וועלכע קאָנען אַרויסגעבן דיין סוד. ווערט יעדעס מאָל נעלם פון מיין פּערזענלעכן אַרכיוו עפּעס אַ ספּראַווקע, אַן אייגענע פאַרעפנטלעכטע אַרבעט, אַ פאָטאָגראַפיע, אַ בריוו... ביז מען ווערט סוף כל סוף אַרומגעצופּט פון אייגענעם נעכטן — הויל און נאַקעט. אַזוי איז געזינטער פאַר דער ווייטערדיקער פיזישער עקזיסטענץ.

איך בין ניט געווען קיין אויסנאַם און ניט קליגער ווי אַנדערע. אַזוי האָבן געטאָן און טוען אַלע סאָוועטישע מענטשן. וואָרום וואָס נעכטן איז אין לאַנד געווען כשר, אפילו שטאַרק בכבודיק און פּאַטריאָטיש, ווערט אָפט מאָל שוין צומאָרגנס טריף און פאַרברעכעריש. דאָס איז אָפּהענגיק פון דעם, וועלכע פּאָלי־טישע קאָניונקטור עס הערשט אין דער פּאַרטיי. און אַזוי ווי די קאָניונקטור בייט זיך זייער אָפט, האָט כמעט יעדער סאָוועטישער בירגער היינט עפּעס וואָס אויסצובאַהאַלטן פון זיין ״נעכטן״. קודם כל פאַרניכטעט ער די דאָקומענטן, וואָס קענען אים היינט קאָמפּראָמיטירן.

ס׳איז אַ שטרויס־פּאָליטיק, אָבער אַ מאָל העלפט דאָס. און יעדער ״שולדיקער״ וויל אין דעם גלויבן.

* * *

נאָר לאָמיר זיך צוריקקערן צום פּוילישן קאָנסולאַט. דער פאַרגעלטער דאָקו־מענט, וואָס איך דערלאַנג איצט דעם באַאַמטן, באַשטייט אין גאַנצן פון עטלעכע צענדליק רוסישע ווערטער... *

דער פּוילישער יונגערמאַן הייבט אָן צו לייענען דאָס פּאַפּירל, גיט אַ קוק אויף מיר כאַפּט זיך נאָך אַ מאָל לייענען, וואַרפט ווידער אַ בליק אויף מיר און פּלוצעם גיט ער זיך אַ שטעל, כאַפּט מיינעביידע הענט, דריקט זיי פעסט, עקזאַלטירט: ״מיין פאַמיליע איז ווישניעווסקי, כ׳בין אַ יונגער מיטגליד פון דער P.Z.P.R. (פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי). כ׳האָב נאָך קיין מאָל ניט געזען קיין אָריגינעלן דאָקומענט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל... און אַזעלכן, ווי אָט

---

* צוליב טעכנישע סיבות גיבן מיר נישט די פאַקסימיליע פונעם דאָקומענט. (רעד.)

דער — אַוודאי ניט!" — רעדט ער צו מיר מיט התפּעלות. "כ'האָב אויך ניט געהאַט קיין דירעקטע ענינים מיט חברים, וועלכע פאַרמאָגן אַזאַ גרויסן פּאַרטיי־סטאַזש... און אָט דאָס איז טאַקע דעם חבר באַגוצקים אייגנהענטיקע אונטער־שריפט?! — טייטלט ער מיטן פינגער אין דער חתימה אויפן פּאַפּירל *.

דער אויפגערודערטער ווישניעווסקי הערט אפילו ניט מיין ענטפער, זעצט זיך מער ניט צוריק אויף זיין בענקל: "אַנטשולדיקט, איך קום גלייך צוריק" — און מיט מיין פּאַפּירל אין דער האַנט ווערט ער נעלם הינטער דער הויכער, רייך געשניצטער טיר מיטן מעשענעם שילדל: "גענעראַל־קאָנסול פון דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק וו. מיכאַלעווסקאַ".

אין אַ רגע אַרום איז ער שוין דאָ צוריק: "די טאָוואַזשישקע מיכאַלעווסקא בעט די טאָוואַזשישקע שניידערמאַן צו זיך".

אָט דאָס פּאַפּירעלע פון דער פּוילישער סעקציע פון קאָמינטערן דאַטירט מיטן יאָר 1926, האָט פאַר מיר, ווי אַ צויבער־שטעקעלע, איצט, אין העכער דרייסיק יאָר אַרום, ברייט צעעפנט די טירן פון פּוילישן קאָנסולאַט אין קיעוו, פון דער פּוילישער געזאַנדשאַפט אין מאָסקווע און דערנאָך פון די אַנפירנדיקע פּוילישע אַנשטאַלטן אין וואַרשע.

איז געבענטשט זאָלן זיין מיינע געטרייע פריינד, וואָס האָבן בשעתו בשום אופן מיר ניט דערלויבט דאָס פּאַפּירל צו פאַרניכטן. "אָט אַזאַ יקר המציאהלע?"

---

* וואַצלאַוו באַגוצקי, דער פּוילישער שלאָסער־אַרבעטער האָט זיך אין די פּוילישע תפיסות ביי יידישע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אויסגעלערנט ריידן יידיש ווי אַ וואַסער, אין די צוואַנציקער יאָרן האָט באַגוצקי שוין פאַרנומען דעם זייער הויכן פּאָליטישן פּאָסטן: געווען אין מאָסקווע דער פאָרשטייער פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. (דאָס פּאַפּירל מיט באַגוצקיס אונטערשריפט, וועגן וועלכן עס רעדט זיך דאָ, האָט מען מיר אַרויסגעגעבן אין 1926 יאָר, גלייך נאָך מיין אַריבערקומען פון פּוילן קיין ראַטנפאַרבאַנד). נאָך פריער איז באַגוצקי געווען אַ מיט־גליד פון צ.ק. אין דער אונטערערדישער שטאַרק פאַרפאָלגטער קאָמפּאַרטיי פון מערב־ווייסרוסלאַנד, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו פּוילן. באַגוצקי איז געווען אַ טיפּישער פּוילישער פאָלקס־מענטש, אַ ברייטפּלייציקער מיט אַ גרויסן קאָפּ האָר, מיט אַ ים פרייד אין די בלויע אויגן. אַ דאַנק זיין פּשטות און גוטמוטיקייט איז ער געוואָרן זייער פּאָפּולער און באַליבט אין די לינקע יידישע, ווייסרוסישע און פּוילישע קרייזן. דאָס אַלץ האָט אים ניט געשטערט בעת זיין אַרבעט אין קאָמינטערן פון צייט צו צייט אַרויסצו־וואַרפן אַן אַנטיסעמיטיש שטיקל (וועגן דעם האָב איך שוין דערציילט אין מיין צווייטן באַנד "נפתולי דרכים").

די ג.ק.וו.ד. האָט אין די דרייסיקער יאָרן באַגוצקין מיט אַן אַ שיעור אַנדערע פּוילישע פּאָליט־עמיגראַנטן — יידן און פּאָליאַקן, אַרעסטירט און פיזיש פאַרניכטעט. אָבער אין זכרון פון די, וואָס האָבן אים געקענט, און פון די, וואָס האָבן וועגן אים געהערט, איז ער פאַרבליבן ווי אַ לעגענדאַרע פּערזענלעכקייט. אַן אָפּקלאַנג פון דער דאַזיקער באַציונג צום פאַרפּייניקטן וואַצלאַוו באַגוצקי, האָב איך בפירוש דערהערט אין דער עקזאַלטירטער שטים פון דעם יונגן, זעט אויס גלויביקן און נאַיוון קאָמוניסט סטעפאַן ווישניעווסקי.

— האָבן זיי אין די קריטישע יאָרן צו מיר געטענהעט, — ״ס׳קען דאָך דיר אַ מאָל צונוץ קומען... צייטן בייטן זיך...״ — און מרים כמעלניצקי האָט עס גענומען צו זיך — ערגעץ ווו פעסט באַגראָבן. און געטאָן האָט זי דאָס גראָד אין די פינצטערע טעג, ווען מען האָט אין 1938 ליקווידירט די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, מיטן תירוץ, אַז זי איז כלומרשט דורכגעפּרעסן מיט שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן. דער דאָזיקער בלבול האָט באַדאַרפט באַרעכטיקן די מאַסן־אַרעסטן פון די פּוילישע פּאָליט־עמיגראַנטן — צום מערסטן יידן.

* * *

ביי דער פרוי מיכאַלעווסקאַ בין איך דעמאָלט אָפּגעזעסן אייניקע שעה. בעת אונדזער שמועס האָבן מיר געפונען געמיינזאַמע באַקאַנטע פון דער אַמאָליקער אונטערערדישער באַוועגונג אין פּוילן, און דער עיקר שבעיקר: דאָ האָב איך מיט פרייד ענדגילטיק אויסגעקלאָרט, אַז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איך לעב שוין העכער 30 יאָר אַלס סאָוועטישע בירגערין אין ראַטנפאַרבאַנד, האָב איך פאַרט רעכט זיך צו רעפּאַטריירן קיין פּוילן — אין מיין געבוירן־לאַנד.

אמת, אין דעם אָפיציעלן קאָמוניקאַט, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער סאָוועטישער פּרעסע וועגן באַגייען דעם אַמאָליקן רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך צווישן מאָסקווע און וואַרשע, רעדט זיך וועגן געבן אַ מעגלעכקייט צוריקצופאָרן קיין פּוילן אויסשליסלעך נאָר אַזעלכע געוועזענע פּוילישע בירגער, וואָס לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד זינט פּוילן איז אין 1939 אָקופּירט געוואָרן דורך דער דייטשער וועדמאַכט. און דאָס נאָר מיטן באַדינג, אויב זיי קענען מיט דאָקומענטן דערווייזן, אַז זיי האָבן זייערע פריערדיקע רעכט זיך צו רעפּאַטריאירן גלייך נאָך דעם, ווי די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, ניט געקענט אויסנוצן מחמת וויכטיקע שטערונגען, אומאָפּהענגיקע פון זייער אייגענעם ווילן.

איך אָבער וווין אין ראַטנפאַרבאַנד ניט פון 1939, נאָר אַזש פון יאָר 1926! מיין קומען אַהער איז אויך ניט געווען פאַרבונדן מיט קיין שום מלחמה. און דערצו נאָך בין איך דעמאָלט אַהערגעקומען פון פּוילן... שוין ווי אַ פאַרטיקע און חשובע סאָוועטישע בירגערין! די אונטערערדישע שטרענג־פאַרקאָנספּירירטע פּוילישע פּאַרטיי־טעכניק האָט מיך געהאַט באַזאָרגט מיט אַ סאָוועטישן אויסלאַנד־פּאַס נאָך דאָרט — אין דער שכנותדיקער מיט פּוילן פריישטאָט גדאַנסק. (אין דער ווירקלעכקייט האָב איך ביז דעמאָלט נאָך קיין מאָל אין לעבן די סאָוועטישע ערד ניט געהאַט באַטראָטן).

איז דאָך קלאָר, אַז ניט פאַר אַזעלכע ווי איך איז דער גנאָד, וואָס כרושטשאָוו האָט געטאָן צו גאָמולקען אין די יאָרן פון דער פּאָליטישער אויפטייונג!...

״און דאָך... האָט איר רעכט צוריקצופאָרן מיט כבוד גדול אַהיים אין אייער געבוירן־לאַנד״ — פאַרזיכערט מיך די סימפּאַטישע פּוילישע גענעראַל־קאָנסולין.

״אויף וועלכן סמך?״ — גלויב איך נאָך אַלץ ניט מיינע אייגענע אויערן.

באַווייזט זי מיר שוואַרץ אויף ווייס: ״רעכט אויף רעפּאַטריאַציע האָבן געוועזענע פּוילישע פּאָליטישע עמיגראַנטן מיט זייערע משפחות, אומאָפּהענגיק

פון דער צייט, ווען זיי זענען געקומען קיין ראַטנפאַרבאַנד" — דאָס איז דער ניט פאַרעפנטלעכער געהיימער פונקט פון באַנייטן אָפּמאַך *.

איצט לייען איך שוין אַליין דעם אָ כישוף־פּאַראַגראַף, מיינע אויגן זעען דאָס, אין וואָס די אויערן האָבן געצווייפלט. ווערט מיין האַרץ אָנגעפילט מיט פרייד, און ווען די פרוי מיכאַלעווסקאַ וואָלט ניט געווען אַזאַ הויכע באַאַמטע, וואָלט איך זיך געוואָרפן איר קושן.

"איר דאַרפט אָבער וויסן: פאַר מענטשן, וועלכע האָבן די רעכט און ווילן פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַרבאַנד, מאַכט די מ.ג.ב. וואָס אַ מאָל גרעסערע שוועריקייטן" — לייגט מיר פּלוצלונג דער קאָנסול אַ שטיין אויפן האַרצן. "אָבער — גיט זי גלייך צו, וועלנדיק, זעט אויס, אָנהאַלטן מיין פרייד — די פּוילישע אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע און, אויב ס'איז נייטיק אויך דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּ.ז.פּ.ר. (פּוילישע קאָמפּאַרטיי) אין וואַרשע נעמען אָן מיטלען, אַז אַלע אַלטע מיטגלידער פון דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי זאָלן קאָנען אויסנוצן זייערע רעכט".

"איר טוט דאָס אויך פאַר אויסגעשלאָסענע פון דער אַלקפּ(ב) (סאָוועטישע קאָמפּאַרטיי), וועלכע ווילן ניט בעטן קיין רעהאַביליטאַציע ?"

"אפילו פאַר אַזעלכע" — קומט דער פרוי מיכאַלעווסקיס ענטפער. "פאַר אונדז זענט איר אַ מיטגליד פון דער פּ.ז.פּ.ר. מיט אונטערערדישן פּאַרטיי־סטאַזש".

"איך קלייב זיך אָבער אויך ניט צוריק אַריינצוטרעטן אין דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי" — וויל איך זיין אויפריכטיק מיט איר ביז צום סוף.

"דאָס איז אייער פריוואַטע זאַך, ווען איר וועט צוריקקומען קיין פּוילן וועט איר אַליין באַשליסן אייער אייגענעם גורל" — גיט זי מיר צו פאַרשטיין.

ביים געזעגענען זיך האָלט אָבער די פּוילישע דיפּלאָמאַטין פאַר איר חוב דיסקרעט צוצוגעבן: "דאָך וואָלט אַלץ געגאַנגען פיל לייכטער, ווען איר זאָלט זיך יאָ דאָ דערשלאָגן אייער רעהאַביליטאַציע און ווערן צוריק אויפגעשטעלט אין דער סאָוועטישער קאָמפּאַרטיי... נאָר אויב איר ווילט דאָס ניט, איז פאַרשטייט זיך, די ברירה ביי אייך".

צוריק אַהיים, ריכטיקער געזאָגט — צו דעם וווּנדערלעכסטן פון די קיעווער פּאַרקן אויף די שיפּועים פון רחבתדיקן דניעפּר, בין איך ניט געגאַנגען, נאָר אַ באַפליגלטע געפלויגן. דאָרט, אויף אַ באַנק לעבן דעם האַלב־לעגענדאַרן אַלט־רוסישן קבר "אַסקאַלדאָוואַ מאָגילאַ" האָט אויף מיר מיט גרויס אומרו געוואַרט מיין ניסן (ווער איז עס אומשטאַנד איינצוזיצן אין שטוב, בעת זיין פרוי איז אַוועק אין אַזאַ געפערלעכן אָרט און אין אַזאַ גורלדיקן ענין ?).

אַזאַ שאַנס! אַזאַ שאַנס! און שיכורע פון פרייד הערן מיר איצט ניט אויף נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל זיך אַרומצונעמען אויף די אויגן פון די שאַקירטע דורכגייער, וואָס כאַפּן בשעת מעשה אַ קוק אויף ביידנס באַזילבערטע קעפּ. נאָר ווען עמען אַרט עס ?! אַזאַ שאַנס!! אַזאַ שאַנס!!!

(סוף קומט)

* איך ציטיר לויטן זכרון.

**הירש סמאָליאַר**

# "ליושענקאַ"

דעם אָנדענק פונעם קאָמאַנדיר פון יידישן פּאַרטיזאַנער־
אָפּטייל 106 — סעמיאָן (שלום) זאָרין.

היינט שליס איך שוין מער ניט אויס דעם ראַדיאָ, ווען כ'דערהער דאָס פּאַר־בענקטע ליד וועגן ליושענקען. פּאַרקערט, יעדעס מאָל, ווען די ירושלימער זינ־גערין פּאַרגייט זיך אין טיף־יידישער דביקות, אויסציענדיק ביז גאָר דעם סוף פון דעם דאַזיקן העברעיזירטן ליד, וואָס איז אַהער געקומען פון וויטן צפון, ווילט זיך צוריקדרייען דאָס ראַדיאָ־קיילעכל, כדי אָנצוהויבן איבער אַ נייס.

ניין, ס'איז נישט מחמת דעם עלטער, ווען מ'הויבט אָן צו ווערן סענטימענ־טאַל. די ענדערונג איז געקומען גאַנץ פּלוצלינג, גלייך נאָך דער סאַמע נישט דערוואַרטער באַגעגעניש אויפן רוישיקסטן תל־אביבער פּלאַץ, אויפן ככר דיזנגוף.

אין דעם כוואַלדיקן געוויש פון הויך־צערעדטער, שפּאַצירנדיקער יוגנט האָט זיך מיר פריער געדוכט און נאָך דעם בפירוש דערהערט דעם אויסגעשריי: "חבר קאָמיסאַר!... חבר קאָמיסאַר!.." כ'בין געבליבן שטיין אויפן אָרט, נישט אויס־דרייענדיק אפילו דעם קאָפּ צוליב מורא, אַז כ'זאָל נישט בלייבן בלויז ביים געדאַכטן.

...לעבן מיר איז געשטאַנען אברהמקע (אָדער "בראַשקע", ווי מ'האָט אים ביי אונדז גערופן). איך האָב אים גלייך דערקענט, כאָטש זיין טונקל־ברוינער, אַ מאָל אַזוי צעוויכערטער קאָפּ איז געווען געדיכט דורכגעשפּרונקלט מיט אַש־גרויקייט, און ביי די אויגן — ביי אברהמקעס אַלע מאָל פאַרחידושטע אויגן, זענען געהאַנגען דינע, דורכזיכטיקע, צעקנייטשטע זעקעלעך.

— חבר קאָמיסאַר... — האָט ער איבערגעחזרט, אַזוי ווי ער וואָלט איצט, ווי דעמלט, געוואָלט מיר אָפּגעבן אַ ראַפּאָרט — אַ מין דין־וחשבון פון עטלעכע צענדליק יאָר זינט מיר האָבן זיך צעשיידט. פּלוצלינג האָבן אים אָבער פאַרפעלט ווערטער. ער האָט האַסטיק זיך אַ קער געטאָן אין אַ זייט און גענומען הויך רופן: "ליושענקא, אַהער קום!" ביי מיר האָט זיך דער אָטעם פאַרהאַלטן.

אַ שטילע, מיט אַ קוים־באַוויזענעם שמייכל, האָט זי צו אונדז זיך דערנענ־טערט און מיט די העל־בלויע אויגן נייגעריק מיך אָנגעקוקט. נאָכדעם האָט זי אַ פרעגנדיקן בליק געווענדעט צו אברהמקען און געבליבן אַזוי שטיין, ווי זיך צוהערנדיק צו אונדזער ביידנס פאַרחידושטן שווייגן.

צי איז עס צופעליק דער זעלבער נאָמען? בעת זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, האָט זי זיך פאַרגעשטעלט בלויז מיטן פאַמיליע־נאָמען. מיט אברהמקעס פאַמיליע־נאָמען. ווער זשע איז זי? זיין טאָכטער? ווי איז עס מעגלעך? נישט איר טיפּיש־סלאַווישער אויסזען האָט אַרויסגערופן ספקות. ס׳קאָן דאָך זיין, אַז ״בראַשקעס״ פּרוי איז נישט קיין יידישע, אַזוי ווי ביי אַ סך יידן, געקומענע פון מזרח־אייראָפּע. אָבער איר עלטער? ווען האָט עס אונדזער ״מאַלאַליעטקע״ (מיט דעם נאָמען פלעגט מען אים געוויינלעך רופן בעתן אָנטציקן זיך מיט זיינע, דעם מינדעריעריקנס אויפטוען ביים ״רייסן״ דייטשישע טראַנספּאָרטן). — ווען האָט ער עס באַוויזן אויסצוהאָדעווען אַזאַ טאָכטער? זי זעט אויס צו זיין שוין אין די דרייסיקער? איז ער דאָך גלייך פונעם פאַרטיזאַנער־וואַלד אַוועק אויפן פראָנט. און אפשר טאַקע אַ צופעליקער פראָנט־פּראָדוקט? איך פּרווו כיטרעווען און פרעג ביי איר:

— און די מאַמע, ווו האָט איר זי איבערגעלאָזן?

נישט איר שאַרף־אָפּגעווענדטער בליק און די פלוצלונג־אַראָפּגעפאַלענע אַקס־לען, ווי ביים אויפהויבן אַ משא, האָבן ביי מיר אָפּגענומען דאָס לשון. אברהמקעס פּנים, פון וועלכן ס׳איז אָקאָרשט דאָס בלוט אַנטרונען, האָט מיך אין גאַנצן צע־טומלט. ער האָט גענומען שטאַמלען, ממש זיך וואַרגן, און באַלד מיט אַ מין קוויטשיק בייקול אויסגערופן:

— גענוג, קאָמיסאַר... מ׳דאַרף נישט... געענדיקט מיט דעם ליגן... זי ווייס שוין...

כ׳האָב אים נישט פאַרשטאַנען, אָבער איך בין אים געהאָרכזאַם נאָכגעגאַנגען אַהין, ווו ער האָט געפירט, אונטעריאָגנדיק אונדז: ״קומט... קומט שנעלער...״

דעם גאַנצן נישט וויטן וועג, דורך דעם ניי־אויפקומענדיקן דיזנגוף־צענטער ביז צו דעם גערטנדל אויף המלך דזשאָרדזש־גאַס, זענען מיר, זאַלבעדריט, גע־גאַנגען אָן אַ וואָרט אויסצורעדן. אברהמקע איז פאַרלאָפן כסדר פאָרויס, אַלע מאָל זיך אָפּגעשטעלט, ביז מיר זענען אונטערגעקומען. זי ווידער איז געגאַנגען לעבן מיר, וואַרפנדיק פון צייט צו צייט אַ דיסקרעט־נייגעריקן בליק, ווי זי וואָלט פאַרגליכן איר פאָרשטעלונג וועגן קאָמיסאַר — לויט אברהמקעס רייד — מיט דעם עלטערן יידן, וואָס לאָזט איר כסדר פאָרויס גיין ביים שמאָלן דורכגאַנג אויף דעם צעגראָבענעם בוי־פּלאַץ. און איך... איך האָב געהאַלטן אין איין גריזשען זיך צוליב דער ״ביטערער״ פראַגע, וואָס האָט, כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, אַזאַ אומ־געריכטן ענטפער באַקומען פון זיי ביידע.

אויף דער באַנק אינעם גערטנדל ביי דער המלך דזשאָרדזש־גאַס האָט זיך דער ערשטער אָפּגערופן אברהמקע. געזאָגט האָט ער בלויז צוויי ווערטער און איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן אַזוי, ווי עס וואָלט אַ קנויל אינעם גאָרגל זיין אָטעם פאַרהאַלטן.

— געדענקסט, קאָמיסאַר...?

— צי איך געדענק ?! קודם כל געדענק איך יענע נאַכט, ווען דו האָסט אַלעמען פון דיין ערד־הייל געשטעלט אויף די פיס...

אויף אַברהמקעס פנים האָט זיך באַוויזן אַ קוים־אָנזעעוודיקער שמייכל, וואָס איז באַלד פאַרשוווּנדן. אָן אַנדער נאַכט האָט, ווייזט אויס, יענע פאַרביטן אין זיין זכרון.



דער עולם איז דערצו געוווינט געווען, כאָטש יעדעס מאָל, ביינאַכט, ווען אין דער געדיכט־אָנגעטעמטער לופט פון דער ערד־הייל פלעגט זיך אַריינרייסן דער צוגעדושעט־כריפּענדיקער אַליאַרם־רוף פונעם שטאָב־דעזשורנע, האָט עס אַ טעמפּן זעץ געטאָן אין די געהירן און פאַרהאַלטן דעם אָטעם אפילו ביי יענע, וואָס האָבן מיט זייער כראָפּען ממש געטרייסלט דעם אָנשיט איבער די קעפּ.

נישט באַלד האָט מען אין דער הייל זיך געכאַפּט, אַז דאָס מאָל איז עפּעס אַנדערש געשען. קיינער האָט שפּעטער זיך ניט געקענט דערמאָנען, אַז ער זאָל האָבן געהערט דעם געוויינלעכן טרעוואָגע־אויסגעשריי. דערפאַר טאַקע איז מען געבליבן שטיין אויף די האַלב־פאַרשלאָפענע פיס אַזוי ווי פאַרשטאַרטע, זיך איינ־געהערט אין דעם שטילן אַרום און מיט אָנגעשפּיצטע אויגן גענישטערט נאָענט לעבן זיך, אַזוי ווי זוכנדיק אַן ענטפער וואָס אייגנטלעך איז געשען? פאַרוואָס שטייט מען אויף אַן אַרט אַנשטאָט, ווי אַלע מאָל, זיך לאָזן צום זאַמל־פונקט?

ערשט פון סאַמע עק ״געלעגער״ (ביגטלעך צעטרעטענע שטרוי מיט דורכ־געזיפּטע לייס־קנוילעכלעך) האָט מען דערהערט דעם שטילן, כמעט פאַרשטיקטן יאָמער: ״ליו־ש־ע־ב־ק־אַ! — האָט מען זיך אָנגעשטויסן ווער ס׳האָט עס אַלעמען אַראָפּגעשלעפּט פונעם געלעגער.

אָן איבערגעשראָקענער פון דעם אייגענעם חלום־געשריי, האָט דער אויסגע־צויגענער אויפן בויך אברהמקע זיך גענומען אונטערהויבן אויף די קני. אַ רגע איז ער געבליבן מיטן אָנגעשטעלטן אויף אַלעמען שפּיציקן הינטן, באַלד אָבער האָט ער האַסטיק זיך אַ קער געטאָן צום צונויפגעדרענגטן עולם. ער האָט שנעל אַ טאָפּ געטאָן אין שטרוי, געכאַפּט די ביקס, גענומען זיך צורוקן צום געזעמל און... געבליבן אין מיטן איינער אַליין. אַזוי ווי לויט אַ באַפעל האָבן אַלע זיך פון אים אָפּגערוקט, אַוועק אויף די אָפּגעקילטע געלעגערס, כדי מער שוין ניט קענען צוריקרופן דעם שלאָף.

איינעמס אַ זידל־פּסוק אינעם ריטם פון אַ קוילן־סעריע האָט אברהמקען אַרויסגעפירט פון זיין פאַרשטאַרטקייט. ער האָט זיך אויך צוגעלייגט, געפּרוווט באַשיצן זיך פון די ״חכמות״ און ״עצות״, וואָס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אין זיין זייט, איינגראָבנדיק דעם קאָפּ אינעם שטרוי. געהאַלפן האָט עס ווייניק. ער האָט זיך געהאַט אויפגעזעצט, געוואָלט ענטפערן און האָט זיך צוריק אַנידערגעלייגט. יעדעס מאָל אָבער, ווען אויף ליושענקעס חשבון איז געפאַלן אַ פעט זידל־וואָרט, האָט ער זיך גענומען ״באַשיצן״ דורך נאָכאַנאַנדיקן דרייען זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער.

— דו, "מאַלאַליעטקע", — האָט געבאַסעוועט פון צווייטן עק דער עלטסטער מינע־לייגער — פּרווו זי נעמען מיט כוח, די מכשפה דיינע;

— לאָז מיר, וועל איך דיר ווייזן ווי מען מאַכט אַ טאַלק מיט אַזאַ איינער, וואָס קומט רק צו חלום — האָט אָנגעיאָגט אַ קול פון מיטן געלעגער;

— אַזאַ קור... און פּראָוועט שטיק ווי אַ צנועה!

און נאָך: "זאָג, ווו האָסטו זי אויסבאַהאַלטן, מיר וועלן זי דיר ברענגען אויף אַ טעלער"; "טאַקע אַזוי, קנאָפּ בליאַדיעס דרייען זיך דאָ אַרום, וועט זיין נאָך איינע".

אין אברהמקעס פּאַרטיזאַנער־הייל האָט די אומבאַקאַנטע ליושענקע באַקומען אַלע אייגנשאַפטן פון אַ פּעפּעזשע *, כאָטש געווען זעגען אייניקע, צווישן די ערשטע אין דעם דאָזיקן אָפּטייל, וועלכע האָבן געוווסט, אַז "בראַשקע" איז אַהער געקומען פון געטאָ נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן דערהרגעט זיין גאַנצע משפחה. די דאָזיקע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דערטראַכט, אַז ליושענקאַ איז אוודאי אַן איינ־ציק געראַטעוועטע פון זיין משפחה, אַ שוועסטער אָדער אפשר טאַקע זיינס, דעם "מאַלאַליעטקעס" אַ מיידל, וועלכע קומט אים אַזוי אָפּט צו חלום. זיי טאַקע, די אַלטע פּאַרטיזאַנער, פּלעגט עס אברהמקע פּאַרטרויען, נאָך יעדן צוריקקומען פון אַן אויפרייס־אָפּעראַציע, ווען די גרופּע האָט באַקומען גאַנצע 24 שעה אויף אויסשלאָפן זיך, אָפּרוען און צוגרייטן "עפּעס ביים", אַז ער וועט פּרווון זיך אַראָפּכאַפּן צו איר געוויר־ווערן וואָס זי מאַכט. אויף זיי, די אַלטע אויסגע־פּרווטע "היינערפרעסער" האָט ער זיך געקאָנט פאַרלאָזן, קיינער פון זיי וועט נישט אויספּלאַפּלען און אין אַן עת־צרה געפינען אַן אויסרייד פאַר אים. דעמלט טאַקע פלעגן די חכמות אויף זיין חשבון זיין גאָר אַנדערע. מען האָט אים שטיל געווונטשן "אַ סך אַנגענעמע מינוטן" אין "בעת מעשה האָב אונדז אין זינען". צייטנווייז האָט מען אים מיטגעגעבן עפּעס־וואָס פון דעם מיטגעבראַכטן, אין וועג פאַרכאַפּטן, דער עיקר פרויען־קליידער "פאַר אונדזער כלה".

וועגן "בראַשקעס" נאַכט־וויזיטן האָט דער קאָמיסאַר ערשט שפּעטער זיך דערוווּסט. ער האָט געפּרווּט וואָרענען, אַז דאָס איז נישט דערלויבט, אַז דאָס איז געפערלעך, אַז דאָס קען זיך פאַר אים שלעכט ענדיקן. אויף דער קאַטעגאָריי־שער פאָדערונג: "מאַך אַ סוף דערמיט, "מאַלאַליעטקע"! איז געקומען בלויז דער שטילער ענטפער, אַז ער הייסט אברהם, אברהמקע. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דערמיט געצילט אין מיין יידישקייט; דערמיט האָט ער אויך ביי מיר פאַר־שטאַרקט די איבערצייגונג, אַז זיין ליושענקאַ איז אַ געראַטעוועטע פון געטאָ און ער באַהאַלט זי אויס ערגעץ אין אַ דאָרף אין אונדזער פּאַרטיזאַנער־זאָנע.

מער האָב איך מיט אים וועגן דעם נישט גערעדט ביז יענער נאַכט, ווען איבער זיין קאָפּ איז געהאָנגען די געפאַר פון סאַמע שרעקלעכסטן טויט.

* פּעפּעזשע — רוסישע ראשי־תיבות: "פּאַרטיזאַנסקאַיאַ פּאַכאָדנאַיאַ זשענאַ" — פּאַרטיזאַנישע מאַרש־ווייב.

"...געשען איז אַזוי, אַז בעת איינעם אַזאַ נאַכט־וויזיט אבֿרהמ׳קעס, איז דער גאַנצער אָפּטייל פּלוצלינג אַליאַרמירט געוואָרן. דער אויסשפּיר האָט געגעבן צו וויסן, אַז ס׳איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו נעמען דעם גרויסן דייטשישן גאַרניזאָן פֿון אַ נאָענט שטעטל ממש "מיט די הוילע הענט".

בעת די גרופּן־קאָמאַנדירן האָבן אויפֿן זאַמל־פּונקט שנעל ראַפּאָרטירט וויפֿל מענטשן זענען ביי זיי פֿאַראַן, האָט דער שטאַב־שוץ באַמערקט, אַז די צאָל אין אונדזער גרופּע שטימט נישט. עמעצער פֿעלט. איך האָב זיך תיכף אָנגעשטויסן ווער עס פֿעלט. געטראַכט האָב איך אָבער, אַז בעת און נאָך דער קאַמפּס־אָפּע־ראַציע וועט דער פֿאַל פֿאַרגעסן ווערן, בפֿרט, אַז דערווייל וועט זיך די אבֿידה אָפּגעפֿינען.

געשען איז אַנדערש. נאָכן צוריקקומען פֿון דער געלונגענער אָפּעראַציע אָן דעם מינדסטן פֿאַרלוסט און מיט אַ היפּש ביסל געווער אין אונדזערע טראָפּייען, האָט דער קאָמאַנדיר אויסגעשטעלט דעם גאַנצן אָפּטייל, כדי צו באַדאַנקען אַלע־מען. איך האָב זיך ספּעציעל געשטעלט לעבן שטאַב־שעף אַזוי, אַז כ׳זאָל פֿאַר־שטעלן פֿון אים אבֿרהמקעס גרופּע. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן. לויט זיין געוווינהייט האָט דער שטאַב־שעף מיט אָנגעשטרענגטע אויגן געהאַלטן אין איין ציילן און ביי אבֿרהמקעס גרופּע זיך פּלוצלינג פֿאַרהאַלטן, אַריינגעקוקט אין זיין צעטעלע און פֿאַר זיך דערקלערט: "איצט שטימט עס! וואָס איז געשען?" ער איז צוגעגאַנגען צום קאָמאַנדיר, אים אַריינגערוימט עפּעס אַזוינס אין אויער, וואָס האָט אַזוי ווי קיין שום איינדרוק אויף אים ניט געמאַכט. באַלד האָט דער קאָמאַנ־דיר באַפֿוילן זיך פֿאַנאַנדערגיין גרופּנווייז. בלויז אונדזער קאָמאַנדיר האָט ער געהייסן פֿאַרהאַלטן אַ רגע די גאַנצע אויפֿרייס גרופּע. ביי קיינעם פֿון די אַנדערע גרופּן האָט עס קיין שום חשד ניט אַרויסגערופֿן. מסתם שטייט פֿאַר אַן "עקסטראַ שטיקל אַרבעט".

שטילער ווי געוויינלעך, ווי אָפּהיטנדיק זיך, אַז קיינער זאָל ניט דערהערן, האָט דער קאָמאַנדיר געפֿרעגט, ווער פֿון דער גרופּע האָט זיך נישט באַטייליקט אין דער פֿאַרגעקומענער אָפּעראַציע? קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופֿן. די סאָלי־דאַרישקייט ביי די "אויפֿרייסער", וועלכע האָבן אָפֿטער ווי ווער עס איז געהאַט דעם טויט פֿאַר די אויגן, איז געווען פֿון גאָר אַ באַזונדערן מין. ווען דער קאָמאַנ־דיר האָט שוין מיט אַ טאָן העכער און מיט אַ האַרטער שטימע באַפֿוילן דעם גרופּן־קאָמאַנדיר צו מעלדן, ווער עס איז דער דעזערטיר, וועלכן זיי באַהאַלטן אויס, איז אבֿרהמקע אַרויס פֿון דער ריי און רויק, שטיל ראַפּאָרטירט. אָט אַזוי ווי ס׳וואָלט זיך נישט געהאַנדלט וועגן זיין קאָפּ, אַז דאָס איז ער נישט געווען אויף דער באַזע, בעת עס איז געווען דער אַליאַרם.

דער קאָמאַנדיר האָט אים געהייסן אָפּגעבן די ביקס און מיטגיין מיט אים. דעם עולם אויפֿרייסער האָט ער שוין ווידער שטיל, כמעט גוטמוטיק, געהייסן גיין זיך אויסרוען.

— אין דער שטאַב־הייל האָבן מיר אין דרייען — דער קאָמאַנדיר, דער

שטאַב־שעף און איך, דער קאָמיסאַר, — זיך אויסגעזעצט ביים טיש אַזוי ווי אַ ריכטער־קאָמפּלעט. מיט אַ געדעמפּטער, קוים געצוימטער פון צאָרן שטימע האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן אברהמקען ער זאָל דערציילן: „פּאַרטיידיק זיך, אויב דו קענסט, האָסט דאָס רעכט!״ ער האָט אָבער געשוויגן. גערעדט האָט דער שטאַב־שעף. פאַר אים איז אַלץ קלאָר. ס'איז אַ בולטער פאַל פון דעזערציע. דערפאַר קומט אַ בלייערן קוילכל און דאָס אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן אָפּטייל. און דווקא שוין, נאָך אַזאַ איינגעגעבענער אָפּעראַציע... אברהמקע האָט אַלץ גע־שוויגן. ניט געפּרוּווט אפילו זיך פאַרטיידיקן. אסור, אויב כ'ווייס ביז היינט פאַר־וואָס? וואָס האָב איך אַנדערש געקאָנט דעמלט זאָגן, ווי דאָס, וואָס אַלע, וואָס דער קאָמאַנדיר און שטאַב־שעף האָבן וועגן אים געוווּסט? אַז דער „מאַלאָ־ליעטקע״ איז דער לעצטער פון אַ משפּחה, וואָס איז אויסגעראָטן געוואָרן דורך די דייטשן. צי זאָל ער אויך אומקומען און דאָס פון אַ פּאַרטיזאַנישער קויל?! צי האָט ער דען דעזערטירט פון דער קאַמפּס־אויפגאַבע? פרעגט ביי זיין גרופּע און איר אַליין ווייסט דאָך עס — די צאָל געהרגעטע דורך אים שונאים גרייכט שוין באַלד צו די הונדערטער. צי קאָן זיין אַ דעזערטיר אָט דער יאַט, וואָס קריכט אַלע מאָל אין סאַמע רעכטן פייער?! וויפל מאָל אין אונדזערע קאַמפּס־באַפעלן איז זיין נאָמען מיט לויב דערמאָנט! נישט קיין דעזערציע, נאָר אַ פאַל פון דיס־ציפּלין־ברוך האָבן מיר פאַר זיך: דאָס איז אַ פאַרברעכן, אָבער דערפאַר קומט נישט קיין קויל אין קאָפּ... און ווער פון אונדז איז נישט קיין זינדיקער. לאָמיר פּרוּוון אים פאַרשטיין, דעם „מאַלאָליעטקע״... און דאָ האָב איך איבערגעחזרט די מעשה וועגן ליושענקען און, ווי כ'וואָלט דערביי געווען, דערציילט ווי אַזוי אברהמקע האָט זי געראַטעוועט פון געטאָ און זי געבראַכט אין אונדזער זאָנע...

איך געדענק, אַז קראַמפּן האָט אברהמקע באַקומען נישט ווען ס'איז געווען אַ רייד וועגן צעשיסן אים, נאָר ווען עס איז געקומען דער אורטייל לויט מיין פאָרשלאָג צו באַשטראָפן בלויז פאַר דיסציפּלין־ברוך: דעגראַדירן אים „פאַר אייגנוויליקן פאַרלאָזן די באַזע״. אויס מיט דער שפּיל אין טויט אין חושכדיקע נעכט, ביי דער אייזנבאַן, ביי וויכטיקע בריקן, אין דער נאָענט פון שונאס גאַר־ניזאָנען. אַנשטאָט לייגן מינעס און זיי אויפרייסן, וועט ער איצט שיילן קאַר־טאָפל, פאַרגרייטן האָלץ פאַר דער קיך און זיין אַ געהילף ביי דער אַלטער קעכין, און דער עיקר — ליושענקען וועט ער מער נישט זען...

ליושענקע האָט אברהמקען ווידער דערזען ערשט אין יענער נאַכט, ווען אַלע אָן אויסנאַם, אפילו די קיך־מענטשן, זענען מאָביליזירט געוואָרן צום באַטייליקן זיך אין דער „רעלסן־מלחמה״ צום איינמאָליקן און אומעטומיקן צעשטערן די באַן־ליניעס אויף דער גאַנצער לענג, ווי נאָר פּאַרטיזאַנער האָבן געקאָנט גרייכן. די אילומינאַציע פון די אויפרייסן האָט באַלויכטן דעם האָריזאָנט. געזען האָט מען עס אויך אין ליושענקעס דאָרף. זי האָט דעמלט ווי אַלע מאָל געטראַכט וועגן אברהמקען. דאָס מאָל איז ער ווידער געקומען



— וואָס איז ווייטער מיט אייך געשען? כ׳מיין נאָך דעם ווי מיר האָבן גע־ענדיקט די וואַלד־מלחמה?

אויף דעם קאָמיסאַרס פראַגע איז געקומען אַן ענטפער, וואָס האָט געקלונגען אַזוי, ווי ער וואָלט זיך פאַר אים, פאַר דעם קאָמיסאַר, אַנטשולדיקט, ביי אים מחילה געבעטן.

נישט אָפּרייסנדיק די אויגן פונעם איינציקן פונקט, אין וועלכן זיי זענען געווען פאַרקוקט, האָט אברהמקע דערציילט:

— געווען איז עס ביים סאָמע אָנהייב, ווען אונדזער אָפּטייל איז געשאָפן געוואָרן. 5 מאַן זענען מיר דעמלט געווען און דער זעקסטער איז צו אונדז גע־שיקט געוואָרן פונעם בריגאַדע־שטאַב, כדי צו זיין אונדזער קאָמאַנדיר. מיר האָבן זיך מיט אים דערפילט גאַנץ היימיש, געוווּסט, אַז אַ לעבן־לאַנג האָט ער געלעבט אין אַ יידיש שטעטל און האָט געקענט אַ וועלט מיט יידישע ווערטלעך. איך בין געווען ביי אים באַזונדערס אָנגעלייגט. אפשר דערפאַר, ווייל זיינע ווערטלעך פלעגן מיר אַלע מאָל געפעלן. און אפשר ווייל כ׳בין געווען דער ייִנגסטער. דאָס האָט ער מיך אָנגערופן ״מאַלאָליעטקע״. און אַזוי איז עס שוין געבליבן.

אין איינעם פון די ערשטע וואַלד־פאַרנאַכטן האָט דער קאָמאַנדיר מיך אָפּגע־רופן אין אַ זייט, אָנזאָגנדיק, אַז צוזאַמען מיט אַ צווייטן, אַ ווייסרוסישן געוועזע־נעם זעלנער, וועט היינטיקע נאַכט אונדז אויסקומען אָפּצוטאָן ״אַ שטיקל אַרבעט״. ער האָט מיר געהייסן גוט אַ רייניק טאָן די ביקס, אויף טרוקן אָפּווישן די קוילן און בכלל — זיין גרייט.

נאָך האַלבער נאַכט זענען מיר אין דרייען אַרויס פון וואַלד און מיט פעלד־שטעגן, וועלכע זענען קענטיק גוט געווען באַקאַנט דעם קאָמאַנדיר, דערגאַנגען צום ראַנד פון אַ לאַנגער דאָרף־גאַס. פאַרזיכטיק־שטיל, איינער הינטער דעם צווייטן, האָבן מיר זיך גערוקט פאָרויס. באַלד האָבן הינט גענומען אָנזאָגן אונ־דזער וויזיט. אין ערגעץ האָט זיך קיין פייערל נישט באַוויזן, אָבער די פאַרטי־זאַנישע דערפאַרונג האָט אונדז געלערנט, אַז יעדער טראָט ווערט לחלוטין אומ־באַמערקט נאָכגעפאָרשט דורך די דאָרפס־מענטשן — דורך פריינט און דורך שונאים.

די כאַטע, ביי וועלכער דער קאָמאַנדיר האָט אונדז אָפּגעשטעלט איז ענלעך געווען אויף אַלע איבעריקע. אויף דער איבערגעשראָקענער, פליסטערנדיקער פראַגע, ווער עס קלאַפּט, איז געקומען פונקט אַזאַ פליסטערנדיקער, אָבער מעג־לעך־האַרטער, באַפעלערישער: ״עפן תיכף!״ מיט אַ ווונק האָט דער קאָמאַנדיר געהייסן, איך זאָל מיט אים מיטגיין און דער צווייטער זאָל בלייבן אין דרויסן, אויף דער וואַך.

דער דערשראָקענער פרוי אין דער לאַנגער העמד האָט דער קאָמאַנדיר בלויז איין פראַגע געשטעלט: ״ווען איז דיין מאַן ביי דיר געווען דאָס לעצטע מאָל?!״ זי האָט גענומען זיך שווערן, אַז זי האָט אים בכלל נישט געזען, אַז זינט דער מלחמה ווייסט זי גאָרנישט פון אים. דער קאָמאַנדיר האָט אויסשטרעקנדיק אין

איר זייט דעם פּיסטאָליעט אַרויסגעציִשעט מיט אַזאַ צאָרן, אַז מיר איז אַדורך אַ סקרוך איבערן לייב: „זאָגסט ליגן, דו, קורווע איינע!" די פרוי האָט געגומען שטאַמלען צווישן די ציין, וואָס האָבן אַזוי ווי אין פיבער זיך געטרייסלט, זענען געבליבן ווערטער נישט פאַרשטענדלעכע. מיט אויסגעשטרעקטע הענט האָט זי פּלוצלינג זיך געלאָזט פאָרויס. ערשט דעמלט האָב איך דערזען דאָס קליין מיידעלע, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, זיך אויפגעזעצט און געוואָלט אַראָפּ פון געלעגער. די פרוי האָט זי צוריק געלייגט, זיך אַנגעבויגן איבער איר און עפּעס איר אין אויער אַריינגערוימט. דאָס קינד האָט זיך אַזוי ווי באַרויקט.

דער קאָמאַנדיר האָט באַפוילן דער פרוי אויף שנעל זיך אָנטאָן, אָן גערודער, כדי, ווי ער האָט געזאָגט, בלויז מאַכן אַ קליינעם שפּאַציר. דעמלט האָט דאָס מיידעלע אָנגעהויבן שטיל וויינען, רופן: „מאַמע, גיי נישט... כ'וויל נישט..." כ'בין צוגעגאַנגען צום קינד, געפּרוווט עס באַרויקן, גלעטנדיק דאָס ליכטיק־בלאָנדע קעפּל. אַ רגע בלויז האָב איך דערפילט, ווי דאָס קינד האָט זיך צו מיר צוגעדריקט, אַזוי ווי עס וואָלט ביי מיר שוץ געזוכט. אָט יענע רגע האָט עס אַנטשידן...

דאָס קינד איז איינער אַליין געבליבן אין דער פינצטערער כאַטע. פאָרויס איז געגאַנגען דער קאָמאַנדיר, פירנדיק אונטערן אָרעם די פרוי. טיפער אין וואַלד, לעבן אַ ברייט־צעוואַקסענעם בוים זענען מיר שטיין געבליבן. ווידער האָט דער קאָמאַנדיר זי געגומען פאַרשן: ווען איז זי צום לעצטן מאָל געווען אין דער שכנותדיקער שטאָט? וואָס פאַרא אַמט ביי די דייטשן פאַרנעמט איר מאַן? וואָס פאַר אַ ידיעות וועגן אונדז, פאַרטיזאַנער, האָט זי איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ? געהערט האָבן מיר בלויז דעם צעדרויבלטן דורך דער ציין־ציטערניש ענטפער: נ...נ...ניין! נ...נ...ניין! נאָר ווען דער קאָמאַנדיר האָט איר געהייסן נעענטער זיך צורוקן צום גרויסן בוים און אונדז באַפוילן אָנצולאָדן די ביקסן, דעמלט האָב איך קלאָר דערהערט איר איין־און־איינציק אויסגעשריי: ליו— שענ—קאָ!

...דער צוריק־וועג אין אונדזער באַזע האָט זיך איצט געצויגן זייער לאַנג. געדוכט האָט זיך מיר, אַז כ'וועל די שווערגעוואָרענע פּיס נישט דערשלעפּן. אויף דעם קאָמאַנדירס עטלעכע מאָל איבערגעחזרטן ליוב־וואָרט — „מאָלאָדצי", האָבן מיר ביידע גאָרנישט געענטפערט.

וועגן דעם אַלעמען האָט ליושענקאָ, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט נישט געוווּסט. ביז נאָכן פאַרטרייבן די דייטשן האָט זי בלויז געגלויבט אין דעם, וואָס איך האָב איר, דער זעקסיאָריקער, דערציילט, ווען איך האָב אין אַ קנאַפּער שעה אַרום צום ערשטן מאָל געבראַכט דעם עלעמענטאַרסטן דיסציפּלין־געזעץ און האָב זיך אַרויסגעגנבעט פון דער באַזע. אין דער כאַטע האָב איך דאָס קינד געטראָפן כלי־פּענדיק, שוין אָן טרערן, מיט שוואַרצע פלעקן אויפן פּנימל. דאָס האָב איך דעמלט צוגעטראַכט, ספּעציעל פאַר איר — נאָך דעם איז עס אַוועק איבערן דאָרף — די מעשה וועגן איר העלדישער מאַמע, וועלכע איז זייער בויטיק געווען די פאַר־

טיזאַנער, כדי צו קעמפן קעגן די שלעכטע דייטשן. דאָס קינד האָט מיר דערציילט, אַז אין עק דאַרף וווינט איר מומע, דעם טאַטנס שוועסטער, אַן אלמנה. אַהין האָב איך אָפּגעפירט די קליינע, אָנזאָגנדיק "אין נאָמען פון פּאַרטיזאַנער שטאַב", אַז מען זאָל זי אָפּהיטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

צו דער דאָזיקער מומע פלעג איך זיך עס פון צייט צו צייט אַראָפּכאַפּן, ברענגען "גרוסן פון דער מאַמען", מתנות פאַר דער קליינער און ניי־צוגעטראַכטע מעשהס פאַר איר וועגן די העלדישע אויפטוען פון די פּאַרטיזאַנער. איך האָב געפילט, ווי דאָס קינד ביינדט זיך צו אַלץ מער און מער צו מיר, רופנדיק מיך קינדעריש־צערטלעך "דיאַדינקאַ". די מומע פלעגט מיר דערציילן, אַז טאַמער פלעג איך אַ לענגערע צייט זיך נישט באַווייזן, פלעגט די קליינע ווערן נאָך שטילער, אומעטיקער, גאַנצע טעג אָפּזיצן ביים פענצטער, ווי אויסקוקנדיק, ווען איך וועל זיך באַווייזן.

— אָט איז עס, קאָמיסאַר, די אמתע געשיכטע וועגן דער פרוי, וואָס זיצט דאָ, לעבן דיר. צי האָב איך עס דעמלט געקאָנט עמעצן דערציילן? און צי דו, קאָמיסאַר, ווען דו וואָלטסט דעמלט געוווּסט דעם אמת וועגן מיין זעקסיאָריי־קער... געליבטער, וועגן מיין באָענסטער, געראָטעוועטער פון געטאָ קרובה און וועגן איר טאַטען און מאַמען — צי וואָלסטו בכוח געווען מיך אָפּצוראַטעווען?

מיט אַ נערוועזן קאָפּ־דריי האָב איך פאַרטריבן פון זיך אברהמקעס פראַגעס, אויף וועלכע כ'וואָלט נישט געוואָלט און נישט געקאָנט ענטפערן. ער האָט מיר אָבער אַזוי ווי געוואָלט טרייסטן, אַז אפילו ליושענקען, ווען זי איז שוין געווען אַ דערוואַקסענע און צוזאַמען זענען זיי ביידע צוריקגעקומען פון ווייט אין דער אַמאָליקער פּאַרטיזאַנער־זאָנע, כדי אויסצוגעפינען דאָס אָרט, ווו איר מאַמע איז באַגראָבן געוואָרן — אפילו ליושענקען האָט ער נאָך אַלץ ניט דערציילט דעם גאַנצן אמת. הגם... זי אַליין האָט זיך שוין גענומען אָנשטויסן.

— געשען איז עס דעמלט — האָט אברהמקע ווייטער דערציילט — ווען איך בין שוין טיף אין דייטשלאַנד געווען אויפן פראָנט. אין איינער אַ שפּעט־זומער־נאַכט זענען צו זיי אין דער כאַטע אַראָפּגעקומען 3 מאַן — צוויי אָפיצירן און איין ציווילער, וועלכע האָבן אויפן טיש אָוועקגעלייגט פּאַפּירן און גענומען פאַר־שרייבן דאָס, וואָס די מומע האָט זיי דערציילט. ליושענקאַ האָט גוט פאַרגעדענקט, אַז געפרעגט האָבן זיי, ווען עס יאָוועט זיך אַהער איר טאַטע, וואָס ווייס די מומע וועגן זיין אַרבעט בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, וואָס טוט ער איצט. די מומע האָט זיך געשוווירן, אפילו איבערצלמענדיק זיך, אַז זינט דער מלחמה האָט זי פון איר ברודער גאָרנישט נישט געהערט. האָט איינער פון די אָפיצירן גענומען זי דראָען, אַז זיי האָבן מיטלען איר צו צווינגען זאָגן דעם אמת, אַז ווען זי וועט דערפילן דעם טעם פון פראַסטיקע געגנטן, פון וואַנען מען קומט נישט צוריק, וועט זי אויפהערן מיט אירע שטיק. כדי באַשיצן די מומע, האָט ליושענקע דעמלט אויסגעשריגן: "מיין מאַמע וועט נישט לאָזן!.. מיין מאַמע איז אַ פּאַרטיזאַנ־

קע!..." אַלע דריי האָבן מיט חוזק־בליקן זי אָנגעקוקט און דער זעלבער אָפּיציר, וואָס האָט געדראָט דער מומען, האָט צו איר אַ זאָג געטאָן:

— אויך אויף דיר וועט קומען די ריי...

איר ריי איז ווירקלעך שנעל געקומען. צוזאַמען מיט דער מומען האָט מען אויך זי אַוועקגעפירט. אין דער גרויסער געגנט־שטאָט האָט מען זיי צעשיידט. ליושענקען האָט מען אָפּגעפירט אין אַ היים פאַר פאַרוואַרלאָזטע קינדער. ווען זי איז עלטער געוואָרן, האָט מען זי אָפּגעגעבן אין אַן אינטערנאַט פאַר יונגע אַרבעטער ביי אַ גרויסער טעקסטיל־פאַבריק ווייט, אויפן צפון.

וועגן די אַלע יאָרן אירע ווייס איך כמעט גאָרנישט. ליושענקע וויל ביז היינט נישט דערציילן. כ'האָב זיך כסדר באַמיט, שוין פון פראַנט, זיך דערוויסן וואָס מיט איר איז. אַלע מיינע בריוו צו דער מומען זיינען געבליבן אָן אַן ענטפער. די פּעקלעך מיט קינדער־קליידער, אויך דאָס צוגעשיקטע געלט איז צוריק נישט געקומען, אָבער קיין שום באַשטעטיקונג, אַז זיי האָבן עס דערהאַלטן, איז נישט אָנגעקומען.

ערשט ווען כ'בין אַרויסגערופן געוואָרן אינעם ספּעציעלן אָפּטייל פון דער דיוויזיע האָב איך אויפן טיש פונעם אויספאָרשער דערזען... מיינע אייגענע בריוו. אויף די פראַגעס פונעם אָפיציר וואָס פאַרא שייכות האָב איך (מיט אַ בולטער אָנצוהערעניש וועגן מיין יידישקייט...) מיט דער דאָרפישער משפחה, האָב איך בלויז געענטפערט, אַז דאָס קליין מיידעלע קאָן איך פון לאַנג און פאַר איר שיק איך עס מתנות. אָבער וואָס שייך איר פאָטער, איר מוטער — ווייס איך גאָרנישט. כ'ווייס בלויז, אַז אַ מומע איז פאַראַן...

פונעם שמועס מיטן אויספאָרשער איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז געשען איז אַ גרויס אומגליק. אין אַ מינוט פון פאַרצווייפלונג האָב איך אפילו אַ טראַכט געטאָן, צי זאָל איך נישט ווידער אַ מאָל אייגנוויליק, זיך לאָזן אין וועג זוכן די שפּורן פון דער קליינער? דאָס מאָל וואָלסטו שוין נישט בכוח־געווען מיך אָפּצוראַטעווען.

אויף צו להכעיס בין איך שפּעט, גאָר שפּעט דעמאָביליזירט געוואָרן. הילפלאָז בין איך געבליבן אין מיין ציווילן שטאַנד, נישט וויסנדיק, וואָס מיט זיך צו טאָן. קודם כל אָבער, ווי געפינט מען ליושענקען? כ'האָב געשריבן צו אַלע מעגלעכע אינסטיטוציעס, קינדער־היימען, אָנגעגעבן אַלע סימנים, דעם עלטער, דעם אויסזען, דעם געבוירן־אָרט. די ענטפערס זענען אָבער געווען אומקלאָרע, נישט זיכערע. כ'האָב מיך געלאָזט אין אומענדלעכן וועג, געאַרבעט האָב איך בלויז ביי דער שווערסטער סעזאָן־אַרבעט, פון וועלכער מ'קען אַלע מאָל זיך אָפּטראָגן. מיין זעלנער־מונדיר און די עטלעכע אָרדנס האָבן מיך באַשיצט פון אַ "בייז אויג".

יאָרן זענען אַוועק ביז איינער אַן ענטפער האָט געקלונגען מענטשלעכער, מיטפילנדיקער און האָט אָנגעצייכנט אַ שטיקל שפּור, וואָס האָט געפירט צו דער ווייטער צפון־שטאָט.

ער האָט זי נישט דערקענט. פאַר אים איז געשטאַנען אַן אויסגעצויגן מיידל

מיט טונקל־בלאָנדע האָר, וואָס זענען לויט אַ דעמאָלטיקער מאָדע געווען אָנגע־פּוישט, בולטער מאַכנדיק איר שמאָלן, דאַרן פּנים. זי האָט אים אָבער באַלד דער־קענט. זי איז געשטאַנען פאַר אים מיט אַ פּאָר צעהעלטע אויגן און אַזוי, ווי דעמלט, איר מאַמע, בלויז איין און איינציק וואָרט איבערגעחזרט: "דיאַדיענקאָ... דיאַדיענקאָ... דיאַדיענקאָ..."

באַלד האָט דער גאַנצער אינטערנאַט געוווּסט, אַז צו ליושקען איז געקומען אַ פעטער — אַ פראָנט־העלד, אַ פּאַרטיזאַן, מיט אַן אַ שיעור אָרדנס און באַלד נעמט ער זי אַוועק פון דאַנעט.

ניין, ער האָט זי נישט אַוועקגענומען.ביידע זענען זיי געווען היימלאָזע מענטשן, אָן אַ שום משפּחה. ער איז אָבער פון איר שוין נישט אָפּגעטראָטן. אויף דער זעלבער טעקסטיל־פאַבריק האָט ער אין דער אַרבעט, אין געיעג נאָך וואָס גרעסערע פאַרדינסטן אַריינגעלייגט געוואַלדיקע פאַרביסנקייט, אַזוי ווי ער וואָלט געשטרעבט צו גאָר אַ וויכטיקן ציל.

מיט אַ מאָל איז זייער איינגעשטעלטער לעבנס־שטייגער זיך פולשטענדיק פאַנאַנדערגעפאַלן. ליושענקען האָט מען אַרויסגערופן אינעם פּערסאָנאַל־אָפּטייל און דאָרט האָט אַן אָפיציר, אַזוי ענלעך אויף יענעם, וועלכער האָט אויסגעפרעגט דער מומען, געגומען דערגיין ביי איר, ווער זי איז, פון וואַנען זי נעמט זיך דאָ, ווער איז דער טאַטע, די מאַמע, פאַרוואָס פאָרט זי ניט אַהיים...

אויף די דאָזיקע און צענדליקער ענלעכע פראַגן האָט זי דעם ענטפער שוין געקענט אויסנווייניק. אַזוי ווי בעת פאַרשידענע רעגיסטראַציעס און פילצאָליקע אַנקעטעס. אָבער אויף דער פראַגע, ווער עס קען באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון אירע ענטפערס, האָט זי לאַנג נישט געענטפערט, ווי זי וואָלט אין זכרון עמעצן געזוכט און לסוף געענטפערט: "ניין, כ'ווייס נישט, כ'בין נישט קיין היגע". און ווען דער אויספאָרשער האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז אפשר דער פעטער — ער קען דאָך זי פון קינדווייז אָן — איז זי געבליבן שטיין מיט אַ פּאָר געליימטע פיס. מורמלענדיק עפּעס אומפאַרשטענדלעכס.

— יאָ, כ'האָב אַלץ באַשטעטיקט. און נאָך דעם זעלבן טאָג, זיך לאָזנדיק מיט ליושקען אויף אַ הינטערשטאָטישן שפּאַציר, האָב איך איר דערציילט אַלץ, וואָס כ'האָב געהערט פון מיין פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר וועגן איר טאַטן. דעם אמת וועגן דער מאַמען האָב איך נאָך אַלץ אויסבאַהאַלטן. ליושענקע איז מסכים געווען, אַז זיי מוזן וואָס שנעלער אַוועק פון דאַנעט, לאָזנדיק פריער אַ קלאַנג, אַז עס האָבן זיך אָפּגעפונען אירע עלטערן. ער אָבער האָט געוווּסט, אַז דערמיט וועלן זיי נאָך נישט אָפּווענדן די געפאַר פון זיך, אַז ערשט דעמלט וועט מען זיי נעמען זוכן, נאָכפאָרשן און ווער ווייס מיט וואָס דאָס קען זיך ענדיקן. און ווידער אַ מאָל — שוין צום דריטן מאָל — האָט ער גענומען טראַכטן וועגן עפּעס אַזוינס, וואָס איז נישט אין הסכם מיט די אָנגענומענע געזעצן: נעלם ווערן מיט ליושענקען ווייט, איבער די גרענעצן פונעם לאַנד.

פון דעם דאָזיקן אָנהייב־געדאַנק ביזן אָנקומען מיט ליושענקען קיין ישראל

איז דער וועג געווען נישט ווייניקער געפערלעך, ווי זייער גאַנצער לעבנס־גאַנג! כדי קענען צוזאַמען אַרויספאָרן, האָבן זיי דורכגעפירט אַ פאַרמעלן חתונה־אַקט. ווי אַזוי פונעם ״דיאַדיענקאָ״ איז געוואָרן איר פאַקטישער מאַן — וועגן דעם וואָלט בלויז ליושענקע געקענט דערציילן. זי איז אָבער געזעסן מיט שטאַרק־צונויפ־געזשמורעטע אויגן, ווי זי וואָלט עקשנותדיק געוואָלט עפּעס־וואָס זיך דערמאָנען און... געשוויגן. בלויז ביי אברהמקעס רייד, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ שלוס־אַקאָרד, איז די שפּאַנונג אָפּגעטראָטן פון איר.

— און דאָס איז שוין דער גאַנצער אמת, ווי אַזוי פונעם אַלגעמיינעם אויפ־געצוווּנגענעם ליגן איז געוואָרן אַן אמת: ליושענקע איז ווירקלעך מיין איינצי־קער, מיין נאָענסטער משפחה־גליד. און הגם נישט פון געטאָ, אָבער דאָך אַן אָפּגעראַטעוועטע; ליושענקע איז ווירקלעך געוואָרן מיין געליבטע, מיין אייגענע פרוי. הייסט עס, אַז דו, קאָמיסאַר, און די גאַנצע חברה אונדזערע האָט קיין ליגן נישט געזאָגט.

ער האָט עפּעס נאָך געוואָלט זאָגן, געבליבן איז ער אָבער שטיל, אָנשטעלנ־דיק אַ פּאָר צעשטראָלטע אויגן אויף מיר, דערהערנדיק דאָס נאָגנדיק־פאַרבענקטע ליד, וואָס ווערט אַזוי אָפט איבערגעגעבן אין דעם ירושלימער ראַדיאָ, דאָס ליד וועגן ליושענקען. אויף דער באַנק אינעם גערטנדל ביי דער המלך דזשאָרדזש־גאַס אין תל־אביב האָבן מיר עס צוזאַמען געזונגען. אַלע דריי צוזאַמען.

בנימין ליובעלסקי

# דער צעשטערטער טאַנץ

**(דערציילט פון אַ שפּאַניע־קעמפער)**

דער מיליטערישער אָרקעסטער האָט אַ זעץ געטאָן מיט אַלע כלים — איבערן גרויסן, לענגלעכן זאַל האָט זיך צעפּראַלט דער ניגון „אָן אַריינפיר צום אַקסנ־קאַמף", עס האָבן געהילכט די טרומייטערס, געפּויקט די פּויקן און די טאַצן האָבן פון צייט צו צייט דערגרייכט דעם הויכפּונקט פון רעש. דער ניגון, אַ לעבעדיקער, אַ באַקאַנטער, האָט אַריינגעדרונגען צו יעדן אין די פּיס, אין די הענט, אין אַלע אברים.

דער זאַל איז אפשר ניט געווען פון די לוקסוסדיקע, ניט געהאַט קיין באַל־קאָנען, אפילו ניט קיין גאַלעריע, אָבער פאַרן קליינעם שטעטל הינאכאָסאַ דעל דוקע, אויפן דרום־פראָנט אין שפּאַניע, איז עס געווען גענוג.

אין די ערשטע רייען זענען געזעסן די אָפיצירן פון שטאַב, די פראָנט־וואַרטלעכע פאַר די באַזונדערע אָפּטיילונגען מיט זייערע פרויען; אין די ווייטער־דיקע רייען — די ציווילע באַפעלקערונג. עס איז געווען אַ מונטערע שטימונג — אַזאַ אָוונט איז געווען אַ זעלטענע דערשיינונג.

דאָס האָט אונדזער איינהייט אָרגאַניזירט דעם דאָזיקן קינסטלערישן אָוונט מיטן ציל זיך צו דערנעענטערן צו דער ציווילער באַפעלקערונג — מיר זייַנען דאָך געזעסן אַ 20—30 קילאָמעטער פון דאַנען אין די טראַנשייען!

אין אונדזער איינהייט זענען געווען פּאָליאַקן, טשעכן, בולגאַרן, רומענער — זאָל נאָר יעדע גרופּע געבן אַ ליד, אַ טאַנץ — וועט זיך באַקומען אַ פאַרבן־רייכע גאַמע פון פאָלקלאָר. אין דער מלחמהדיקער גרויקייט איז דאָס געווען אַ גוטער געדאַנק. פאַר אייניקע פון אונדז איז עס געווען באַזונדערס ליב. פלוצעם גערופן געוואָרן אין שטאַב, גלייך פון פראָנט, און אויף אַ לאַסט־וואָגן געבראַכט צו דער פאָרשטעלונג. פּשוט: זיץ, טו גאָרנישט, קוק און האָב הנאה. פאַקטיש האָבן אויך מיר אָפיצירן און סאָלדאַטן געשפּילט אַ ראָל, מיר האָבן רעפּרעזענ־טירט די איינהייט. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין שווערע ראָל, באמת נישט!

דער מיליטערישער אָרקעסטער האָט פאַרענדיקט דעם מאַרש און גענומען שפּילן אַ פראַגמענט פון „קאַרמען" — אַ ריטמישן, אַ מעלאָדישן. ווען דער אָרקעסטער איז שטיל געוואָרן און די אַפּלאָדיסמענטן האָבן אויפגעהערט, האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג און אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן אַ העכערער אָפיציר, אַוודאי פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג, און אויפגעקלערט דעם זין פון

אָוונט: די דערנענטערונג צווישן שפּאַנישן פֿאָלק און די, וועלכע זיינען געקומען פֿון דער ווייטנס צו קעמפֿן פֿאַר שפּאַניעס פֿרייהייט. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער ריי, ווו מיר זענען געזעסן. ער האָט אַפּלאָדירט, דער זאַל האָט אַפּלאָדירט, מיר האָבן אַפּלאָדירט, ס׳איז געווען הימלעך.

און איצט, איצט — האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן, וועט אַוודאי איינער פֿון אונדז זאָגן אַ פּאָר ווערטער אין אונדזער נאָמען, אָבער ווער?

— אַ וואָרט אין נאָמען פֿון דער אינטערבריגאַדע — האָט געמאָלדן דער אָפֿיציר, — באַקומט דער קאָמאַנדאַנטע דימיטראָוו.

— אַז ס׳זאָל אים נישט גוט ווערן, — האָט מיך אַ שטורכע געטאָן דער אָפּעראַציע־אָפֿיציר יורעק נאַדלער, וואָס איז געזעסן לעבן מיר.

מיר האָבן דעם דימיטראָוו ניט גערן געהאַט, געהאַלטן אים פֿאַר אַ פּוסטן חברה׳מאַן, אַ בופֿאָן. אויף שפּאַניש הייסט קאָמאַנדאַנטע — מאַיאָר; דימיטראָוו איז קוים געווען אַ לייטענאַנט. איצט איז ער געשטאַנען אין שפּיץ פֿון שטאָב, ווייל דער קאָמאַנדירנדיקער אָפֿיציר איז גראָדע אָפּגערופֿן געוואָרן. אייגנטלעך, מיטן נאָמען דימיטראָוו איז אויך ניט אַלץ געווען אין אָרדענונג — געהייסן האָט ער גאָר דימיטריעוו, אָבער דער נאָמען דימיטראָוו האָט אים געלאָקט, געוואָלט הייסן ווי זיין באַרימטער לאַנדסמאַן פֿון רייכסטאַג־פּראָצעס, געאָרגי דימיטראָוו. טאָ זאָל אים ווויל באַקומען!

דימיטראָוו איז געקומען צו אונדז מיט אַ גרופּע בולגאַרן פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד. דאָס האָט אים געגעבן אַ באַזונדער געפֿיל פֿון זעלבסטזיכערקייט. געכשרט און געפּרעגלט אין דער פּאָליטישער תּורה, האָט ווי ער, קיינער נישט געקאָנט געבן לעקציעס וועגן בורזשאַזיע, פֿאַשיזם, רעוואָלוציאָנערן קאַמף, און דער עיקר — וועגן פּאָליטישער וואַכזאַמקייט! רוסיש האָט ער גוט באַהערשט. זיין אַקצענט איז געווען אַ ביסל אַ האַרטער, אָבער די ווערטער זיינען ביי אים געפֿלאָסן. די ״ס״ און ״שטש״ האָבן, וואָס אַן אמת, געסווישטשעט ביי אים ווי אַ בייטש אין דער לופֿט. אָבער גערעדט האָט ער אָן פֿאַרהיקען זיך, גערעדט און גערעדט און גאַרניט געזאָגט. וואָס האָט ער שוין געקאָנט זאָגן, אַז קיין מיליטערישע קענטעניש האָט ער נישט געהאַט, קיין אָריגינעלן פּאָליטישן געדאַנק נישט פֿאַרמאָגט.

״אין דער הויפּט־באַזע, אין אַלבאַסעטע, זיינען אין אַ געוויסער צייט געזעסן אַ פּאָר בולגאַרן אויף הויכע פּאָסטנס; דאָס האָבן זיי אים אַוודאי דאָ אַריינגעשיקט״ אַזאַ מיינונג האָט געהערשט אין דער איינהייט.

אַ קליינער, אַ קנאַכיקער, דעם אָפֿיציר־מונדיר זאָרגפֿעליק פֿאַרצויגן, די הויכע געלע פֿאַרשנורעוועטע שיך גוט פֿאַרגלאַנצט און דעם רעוואָלווער אויף דער לינקער זייט, איז דימיטראָוו כמעט אונטערשפּרינגענדיק, ווי צו אַ טאָפּ מיט אַ געשמאַקן ביסן, אַרויף אויף דער סצענע. צוזאַמען מיט אים איז אַרויס־געקומען ליאָווע באַגוסלאַווסקי, אַ יידישער חברה׳מאַן פֿון בעסאַראַביע, צום איבערזעצן.

— טאָוואַרישטשי! האָט דימיטראָוו אויסגעשאָסן. דער זאַל איז אויפגעטרייסלט געוואָרן, פאַרשפּיצט די אויערן. דימיטראָוו האָט גערעדט, זשעסטיקולירנדיק מיט דער פויסט, ווי קנעלנדיק אַ שווערע פרשה. ער האָט איבערגעריסן פון צייט צו צייט — ליאָוואַ האָט איבערזעצט.

— ער זעצט ניט איבער ווערטלעך, — האָט אַ פרוי, וואָס איז געזעסן הינטער מיר אַ זאָג געטאָן צו איר מאַן.

— פון וואַנען ווייסטו?

— ער האָט געזאָגט עפּעס וועגן פעניאַראַיאַ — האָט די פרוי אָפּגעענטפערט, — און דער איבערזעצער האָט גאָרניט דערמאָנט וועגן דעם.

די פרוי איז געווען גערעכט. דימיטראָוו האָט גערעדט נאַרישקייטן, געפּלאַפּלט, אַז באַלד וועלן מיר די פאַשיסטן געבן אַ לעקציע דאָרט אין פעניאַראַיאַ, ווו זיי פילן זיך אַזוי זיכער. מיר האָבן דעמאָלט באמת געגרייט אַן אָנגריף אויף פעניאַראַיאַ.

ליאָוואַ האָט איבערגעזעצט געטריי בלויז ביים אָנהייב, דערנאָך האָט ער גענומען אימפּראָוויזירן...

— צי פאַרשטייט נישט דער ליאָוואַ קיין רוסיש? — האָט אַ פרעג געטאָן אַשטשעפּקאַ, אַן אוקראַינער, וועלכער איז געקומען פון דרום־אַמעריקע און האָט געקענט ביידע שפּראַכן.

מאַך זיך נישט נאַריש — האָט ער גלייך באַקומען אַן ענטפער פון יורעקן, — ער קען בעסער רוסיש פון דימיטראָוון. ווילסט, אַז ער זאָל איבערזעצן אַלע זיינע נאַרישקייטן?

דימיטראָווס ווערטער זיינען באמת געווען נישט צום איבערזעצן, און ליאָוואַ האָט לסוף דערלאַנגט אַן אייגענע דרשה — און רעדן צו פאַרזאַמלטע האָט ליאָווא געקענט בעסער.

ווען דימיטראָוו האָט פאַרענדיקט, בעסער געזאָגט — ווען ליאָוואַ האָט פאַרענדיקט, האָט דער עולם שטורמיש אַפּלאָדירט. דימיטראָוו איז געווען זייער שטאָלץ. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף ליאָוואָס אַקסל און ביידע צוזאַמען האָבן פאַרלאָזט די בינע.

מיר האָבן אויך אַפּלאָדירט, געוואָלט שרייען "בראַוואָ, ליאָוואַ!", אָבער גלייך זיינען אויף דער בינע אַרויפגעשוווּמען מיידלעך, אָנגעטאָן אין בונטע, שוועבנדיקע קליידער און מיט שנעלע ריטמישע טריט האָבן זיי גראַציעז געשוועבט, געשאַפן אַ ראָד, צעגאַנגען זיך, ווידער צונויפגעגאַנגען, צעגאַנגען זיך אין צוויי זייטן, אין פיר זייטן, און ווידער געשוועבט אין קאַראַהאָד — יונגע, שיינע, חנעוודיקע מיידלעך — אַ פאַרגעניגן געווען צו קוקן. זיי האָבן ביי יעדן אַרויסגערופן אַ שמייכל. אַ ביסל געשטערט אין דער ספּעקטאַקל האָט סאַביקאָוו, אַ בולגאַר, דער שעף פון דער שטאַבס־וואַך. דאָס האָט ער, פון דער היים אַ לערער פון טאַנצן, אוודאי צוגעגרייט מיט די מיידלעך דעם דאַזיקן נומער פון פּראָגראַם. ער איז געשטאַנען אויף דער בינע מיט אַ ווייס טיכל אין דער האַנט און מיט פינגער־

קנאַקן געגעבן דעם טאַקט, אונטערשטרייכנדיק די פֿאַרשידענע פּאָזן אינעם טאַנץ. אויפֿן פּאָן פֿון די שוועבנדיקע מיידלעך האָט ער אויסגעזען מגושמדיק, ווי אַ דיקער צירק־דירעקטאָר, וואָס אַנשטאָט אַ בייטש, האַלט ער אַ טיכל אין האַנט און קנאַקט מיט די פֿינגער...

עס האָט געשטערט צו דער עסטעטישער גאַנצקייט, אָבער בלויז אַ ווײַלע. די מיידלעך האָבן דאָך געצויגן די גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט. זיי האָבן געשוועבט פֿאָרויס, צוריק, ראָד אַריין, ראָד אַרויס, ריטמיש, גלאַטיק. בלויז צום סוף, גאָר צום סוף, האָט איין מיידל פֿאַרפֿעלט דעם טאַקט און אַוועק אין אַ קעגנדיקער ריכטונג, געבליבן שטיין פֿאַרלוירן, פֿאַררויטלט. אָבער עס איז שוין באמת געווען ביים סוף. דער פֿאַרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן. ווען ער האָט זיך ווידער אויפֿגעהויבן, איז דאָס מיידל שוין געווען צוריק אויף איר פּלאַץ. דער זאַל האָט שטורמיש אַפּלאָדירט.

כ׳האָב געקוקט אויפֿן מיידל. זי איז געשטאַנען מיט אירע חברטעס פֿאַר־רויטלט, פֿאַרלוירן...

עס איז געגאַנגען נומער נאָך נומער. די רומענער האָבן געזונגען אַ דוינאַ, די אוקראַינער האָבן געזונגען וועגן ווינט וואָס וואַיעט איבער די בערג, וועגן דניעפּר און טאַקע פֿאַרענדיקט מיט אַ קאַזאַטשאָק.

באמת אַ היפּשער פּראָגראַם! אויפֿן וועג צוריק אין דער איינהייט זײַנען מיר פֿאַר די אויגן פֿאַרביי די פֿאַרשידענע נומערן — עס האָט אַלץ געקלאַפּט, בלויז סעקונדנווייז האָט מיר געשוועבט פֿאַר די אויגן דאָס פֿאַררויטלטע מיידל, וואָס האָט זיך פֿאַרלוירן אין טאַנץ...

* * *

— דער דאָקטער איז אַרעסטירט!

די נייעס האָט זיך פֿאַרשפּרייט בליץ־שנעל. אישטוואַן ראָט, דער דאָקטער פֿון אונדזער איינהייט איז אַרעסטירט. פֿאַרוואָס? ווי? אָט, מען האָט אים אַרעסטירט, ווען ער איז געריטן אויף אַ פֿערד פֿון פֿעלד־לאַזאַרעט צום שטאַב. ער האָט געריטן צווישן די פֿראָנט־ליניעס. ווי אַזוי איז ער דאָרט צוגעקומען? האָט ער געוואָלט אַריבער צו די פֿאַשיסטן? דערווײַל איז ער געזעסן אין שטאַב — אַזאַ מין הויז־אַרעסט. מ׳האָט אים פֿאַרבאָטן צו פֿאַרלאָזן די געביידע. ער איז געזעסן אין שטאַב, אָן אַ ספּעציעלער דאגה, און געוואָרט דער ענין זאָל אויפֿגעקלערט ווערן.

ווען כ׳בין אין צוויי טעג אַרום אין אָוונט צוריקגעקומען פֿון אָבסערוואַציע־פּונקט, האָב איך גלײַך, אַ טויט־מידער, זיך געלייגט שלאָפֿן. אַ ברעזענט, אָנגע־צויגן אויף צוויי אין דער לענג אויפֿגעשטעלטע טירן, צוגעפֿעסטיקטע מיט צאַפּנס, האָט מיך געשיצט פֿון רעגן און ווינט. אויפֿן שטרוי־זאַק, אַריבערגעצויגן דעם קאַץ איבערן קאָפּ האָב איך געגומען דרעמלען. כ׳ווייס נישט ווי לאַנג כ׳בין געשלאָפֿן, ווען יורעק האָט מיך אויפֿגעוועקט. ער איז געווען בלאַס, אויפֿגערעגט.

— וואָס איז געשען?

— דימיטראָוו האָט טעלעפֿאָנירט.

— וואָס האָט ער געוואָלט?

— אַ מנובל, וועסט נישט גלויבן. ער האָט געקלונגען פון היניאַכאַסאַ דעל דוקע. נעם דעם דאָקטער, האָט ער געזאָגט, און דערליידיק.

— וואָס הייסט?... — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— דו פאַרשטייסט נישט? האָט זיין קול ווייטער געדרונגען.

— וואָס זאָל איך דערליידיקן? — האָב איך זיך אַלץ געמאַכט נישט פאַר־שטייענדיק. אַזאַ עקלהאַפטער פאַרשוין! דו שטעלסט זיך פאַר? דער גרויסער קאָמאַנדיר קלינגט טעלעפאָניש: "גיי דערליידיק!", עס זאָל ווער אָפּטאָן די שמוציקע אַרבעט, ער וועט אַהיימקומען שפּעט, ריין, גלאַטיק, און זיך לייגן שלאָפן — כ׳האָב נישט נאָכגעלאָזט און געפרעגט: — כ׳פאַרשטיי נישט, חבר קאָמאַנדיר, וואָס זאָל איך דערליידיקן?

— אין אָרדענונג, — האָב איך דערהערט זיין שטים דורכן טעלעפאָן, — כ׳וועל באַלד זיין אין שטאַב.

מיר האָבן זיך אָנגעקוקט. כ׳האָב געהויבן די אַקסלען: וואָס מיינט ער זיך? פון וואָס פאַר אַ וועלט זענען די זיטן?

— כ׳וויס ניט, דער ענין ווערט ערנסט, — האָט אין פאַרלעגנהייט געזאָגט יורעק. וואָס וועט ער טאָן, ווען ער וועט צוריקקומען?

* * *

ווען מיר האָבן צומאַרגנס געטראָפן דימיטראָוון, האָט ער גאָרניט געזאָגט, נישט געפּרוווט גאָרניט אויפקלערן, נישט דערמאָנט זיין נעכטיקן געשפּרעך. דעם דאָקטער האָבן מיר אין שטאַב נישט געזען. צי האָט אים דימיטראָוו איבער־געגעבן דער מיליטעריש־געריכטלעכער מאַכט? שטאַרק ערנסט איז געוואָרן דער ענין, ווען אָוונט־צו האָט דימיטראָוו אַ זאָג געטאָן צו יורעקן און צו מיר:

— מיר וועלן פאָרן אַהיים צום דאָקטער אַדורכצופירן אַ רעוויזיע.

מיר זיינען אַריין אין אויטאָ. געפירט דעם אויטאָ האָט דימיטראָווס שאָפער, דער בולגאַר קאַליעוו. דימיטראָוו האָט אויך מיטגענומען דעם שעף פון דער שטאַבס־וואַך סאַניקאָוו. עס האָט אויסגעזען זייער מאַרסיאַל, ווען מיר זיינען אַריין אין דאָקטערס וווינונג. סאַניקאָוו האָט באַרויקט דעם דאָקטערס פרוי, אַז מיר ווילן בלויז צוליב אויפקלערונג דורכפירן אַ רעוויזיע, כדי מען זאָל דעם ענין מיט איר מאַן ווי שנעלער אויפקלערן און פאַרענדיקן.

— יעדעס פאַרשריבן שטיקל פּאַפּיר אָפּלייגן, כדי עס מיטנעמען, — האָט אַ זאָג געטאָן דימיטראָוו.

מיר האָבן צוזאַמענגענומען בריוו, העפטן, ביכער. יעדעס שטיקל פּאַפּיר, ווו עס איז נאָר געווען פאַרשריבן אַ שורה. נאָך אַ דריי שעה זענען מיר אַוועק צוריק אין שטאַב. די נאָטיצן זענען אַלע געווען אין דער דייטשישער שפּראַך. דימיטראָוו האָט זיי איבערגעגעבן יורעקן און מיר, מיר זאָלן אים ראַפּאָרטירן, אויב מיר וועלן נאָר געפינען עפּעס פאַרדעכטיקס.

כ׳האָב געלייענט און געלייענט. צווישן די דאָקומענטן האָט זיך געפונען דער

טאָגבוך פון דאָקטערס פרוי — אינטימע נאָטיצן גלייך פון האַרצן, פון אַ פרעמדער פרוי. צו וועלכע רוחות האָב איך זיך דאָרט געפּאָרעט? כ׳האָב געלייענט זשעניִרט, יעדער שורה האָט צו מיר געשריען:

— ווער האָט דיר דערלויבט?

אין מוח האָבן זיך מיר איינגעקריצט עטלעכע באַזונדערע שורות:

...״צווישן מיין בעט און אישטוואַנס איז פאַראַן אַ פריי אָרט. דאָרט וועלן מיר אַריינשטעלן דאָס וויגל פון אונדזער קינד...״

כ׳ווייס נישט, צי אַ מאַן איז בכלל פעיִק צו פילן די ליבע און וואַרעמקייט, וואָס איז אויסגעגאָסן אין די דאָזיקע פּאָר ווערטער.

* * *

אין דער פרי האָט מיך דימיטראָוו געפרעגט:

— האָסט עפּעס געפונען אין די פאַרשריבענע זייטלעך?

— גאָרניט.

— אָט, אַ הינטישער זון! האָט דימיטראָוו קורץ געפּסקנט.

— כ׳בין אָוועק אין יורעקס צעלט. מיר האָבן לאַנג געשמועסט, געזוכט, וואָס איז דאָ נישט כשר ביים דאָקטער. מיר האָבן גאָרנישט ניט געקענט געפינען.

דער שטאַבס־שליח איז געקומען אין איינלעניִש: — צען אַזייגער קומט פאָר אַ פאַרזאַמלונג פון שטאַב, — האָט ער אונדז געמאָלדן און איז ווייטער אָוועק.

ווען מיר זענען צוגעקומען צום שטאַב־בנין, אַ פּשוטע פויערישע כאַטע, זענען שוין אַלע שטאַבס־אַרבעטער: אָפיצירן, טעלעפאָניסטן, סעקרעטאַרן, וואַך־לייט געווען פאַרזאַמלט. דער גרעסטער טייל איז געזעסן אויפן גראָז אין אַ האַלב־קרייז, אייניקע האָבן האַלב געקניט, אַנדערע — געשטאַנען אויסערן קרייז. מיר זענען געבליבן שטיין לעבן זיי.

פון דער ווייטנס האָט זיך געצייכנט דער באַרג טראַפּעראַ — אַ ריזן־באַרג אין דער קלאַסישער געאָמעטרישער פאָרם פון אַ טראַפּעז.

פון שטאַב איז אַרויסגעקומען דימיטראָוו, — צוגעגלעט, צוגעקנעפּלט ביזן לעצטן קנעפּל. דאָס אָפיציר־היטל מיט דער גרויסער רונדע און דאַשעק האָט נאָך מער בולט געמאַכט זיין קליין, קנאָכיק פּנים און זיינע טיף־באַגראָבענע קליינע אייגעלעך, וואָס זענען געלאָפן אַהין און צוריק. נאָך אים זענען געגאַנגען קאַליעוו, זיין שאָפער און דער שעף פון דער שטאַבס־וואַך סאַניקאָוו, באַוואָפנט מיט אַ קורצער קאַראַבינער־ביקס, אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל.

דימיטראָוו האָט גלייך אָנגעהויבן די ״דיעלאָ״. ער האָט דערציילט, אַז דער דאָקטער איז אַרעסטירט געוואָרן, אַז ער האָט אים גענומען נעכטן אויפן אָרט, זוו דאָס איז געשען, געוואָלט קלאָר מאַכן די אומשטענדן, ווי אַזוי עס איז פאָר־געקומען. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער דאָקטער גענומען לויפן אין דער ריכטונג צו די פאַשיסטן — אין דעם מאָמענט, — האָט דימיטראָוו געזאָגט — האָב איך אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און אים דערשאָסן.

אַ שווערע שטילקייט האָט אַראָפּגענידערט אויף די פאַרזאַמלטע. קיינער האָט

גאָרנישט ניט געפרעגט, כאָטש יעדער איינער האָט געקענט שטעלן אומצאָליקע פראַגן וועגן יעדער פּאָזע פון געשעענעס: ווו אַרעסטירט? ווער? ווער האָט געפּאַרשט? מיט וועלכע רעכט? ווו איז פאַרגעקומען די קאָנפראָנטירונג? פאַרוואָס געשאָסן און נישט געפרווּוט פאַרהאַלטן?

אין אַ ווײַלע שפּעטער זענען שוין געווען מענטשן, וועלכע האָבן געמאַכט דעם אויספיר: — אָט אַ פאַשיסט!

אַנדערע האָבן געשוויגן און אפילו זיך באַמיט צו באַהאַלטן יעדן אויסדרוק פון אומצוטרוי. אין דער אייניקייט האָט מען צום ערשטן מאָל געלייזט אַ פּראָבלעם מיטן כוח פון רעוואָלווער. אין אַזאַ מאָמענט דאַרף מען זײַן פאַרזיכטיק מיטן אייגענעם געפיל פון יושר — עס איז נישט געווּנג.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרענדיקט אָן אַ קעגנוואָרט. מיר זענען אַוועק צו אונדזערע פּאַלאַטקעס. כ׳בין געגאַנגען אַ שטיקל וועג צווישן חברה פון שטאַב.

— פאַרן אַוועקפאָרן, — האָט ווער באַמערקט, — האָבן זיי אַרײַנגעלייגט אין אויטאָ אַ גראָב־אײַזן און אַ לאָפּאַטע.

יורעק איז אַוועק צו זיך. כ׳האָב באַמערקט אַז מיר האָבן גלײַכצײַטיק פאַריכט אונדזערע רעוואָלווערן אויפן רימען.

* * *

מען האָט געמאָלדן דעם דאָקטערס פרוי וועגן דעם געשעענעס. זי איז געווען אַ הויכע, שיינע פרוי, אַ בלאָנדע מיט העל־בלאָע אויגן, אַ געזונטע, אַ פשוטע. פון פאַך איז זי געווען אַ קראַנקנשוועסטער. דאָס האָט אוודאי, איר פאַך, זי דערנענטערט צום דאָקטער. די ידיעה האָט אויף איר געווירקט ווי אַ רעוואָלווער־שאָס. זי איז צוריקגעפאַלן אויפן בענקל און געמורמלט:

— אַ פאַשיסט? איז ער געווען אַ פאַשיסט?! און דאָס קינד וואָס איך טראָג אין מיר איז פון אַ פאַשיסט?

די פרוי האָט שווער געקעמפט מיט זיך, אָבער נישט לאַנג. אין אָוונט האָט זי אַ סוף געמאַכט צו איר לעבן אויף אַ לייוונט־שנור, געמאַכט פון אַ האַנטעך. דאָס קינד איז נישט דערטראָגן געוואָרן צום וויגל.

* * *

די נײַעס וועגן געשעענעס איז דערגאַנגען צו וועמען אַנדערש אויך. דורך וואָס פאַר אַ וועג?

אין שטאָב איז אין אַ שיינעם מאָרגן צוגעשיקט געוואָרן אַ שפּאַניער אַלאַנסאָ. דאָס איז געווען אַ באַשיידענער, שטילער בחור, אַ שפּאַניער, וואָס האָט נישט אויסגעזען ווי אַ שפּאַניער. פון זײַן קינדהייט אָן האָט ער געלעבט אין פראַנקרײַך. אויסער דער שפּראַך, וועלכע ער האָט אַרויסגעטראָגן פון דער היים, האָט ער אין זיך גאָרנישט געהאַט קיין שפּאַנישעס. ער האָט נישט געהאַט דעם רעוואָ־לוציאָנערן ברען פון רוב שפּאַניער, וועלכע מיר האָבן געקענט. ער איז געווען אַ סאָציאַליסט. מען האָט אוודאי נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט אים נאָך זײַן אָנקומען אין שפּאַניע, און ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן אויפן דרום־פראָנט. היות

ווי אין אונדזער אײנהײט איז געווען אַ שטאַרקע אָפּטײלונג פון שפּאַנישע שאָפערן, האָט מען אים אַריבערגעשיקט צו אונדז, ער זאָל זײַן זײער פּאָלי־טישער פּאַראַנטוואָרטלעכער.

קײן גרויסן אָנזען האָט דער אַלאַנסאָ בײַ אונדזערע שאָפערן נישט דער־וואָרבן. עפּעס געווען אַן אײגענער, און דאָך נישט קײן אײגענער.

יורעק פלעגט מיט מיר רײדן מערסטנטײל פראַנצויזיש. דאָס האָט אַלאַנסאָ גלײַך באַמערקט. נישט האָבנדיק קײן אָנשפּאַר נישט בײַ די שפּאַניער, נישט בײַ די אינטערנאַציאָנאַלע, האָט ער שנעל בײַ אונדז דערפילט אַ נאָענטקײט, שוין צוליב דער שפּראַך. אין זײַן פרײַער צײַט איז ער שנעל געקומען צו אונדז כאַפּן אַ שמועס. אין די פראַגן פון אונדזער אײנהײט איז ער געווען גוט באַהאַוונט.

אין אַ שײנעם פרימאָרגן, ווען איך בין געווען אויפן אָבסערוואַציע־פּאָסטן, איז אומגעריכטערהײט אויפגעשוווּמען אַלאַנסאָ, און מיט אים צוויי שפּאַנישע הויכע אָפיצירן. זײ זענען געקומען גלײַך צו מיר.

— דערצײל אַלץ וואָס דו ווײסט, — האָט אַ זאָג געטאָן אַלאַנסאָ.

אײנער פון די אָפיצירן האָט געהאַלטן אַ שטײפן טאָוול, צו וועלכן עס זענען געווען צוגעפּעסטיקט רײנע זײַטלעך פּאַפּיר.

— כ׳קען אײַך בלויז דערצײלן וועגן דעם, וואָס כ׳ווײס נישט. איז דאָס וויכטיק ?

— יאָ, דערצײל — האָט אַן וואַקל אַ זאָג געטאָן דער אָפיציר מיטן בלײַ־שטיפט אין דער האַנט.

אויפן פּאַפּיר האָבן זיך אַרויפגעקײַקלט קנאַפּע פּרטים וועגן דאָקטערס פאַרגאַנגענהײט. בולטערע פּרטים וועגן זײַן טעטיקײט אין דער אײנהײט. וועגן דער באַציִונג צווישן דאָקטער און דימיטראָוו האָב איך נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. דער ענין פון דאָקטערס אַרעסט און דערשיסן איז געבליבן אונטער אַ שווערן פראַגעצײכן.

די צוויי אָפיצירן האָבן געדינט אין דער יורידישער אָפּטײלונג פון דער דרום־אַרמײ. זײ האָבן זיך באַמיט קלאָר צו מאַכן דעם ענין אין אַלע זײַנע פּרטים. קײן סך העלפן האָב איך נישט געקענט. אין אַ געוויסן מאָמענט זענען מיר שטײן געבליבן. נישט געווען וואָס צו פרעגן — נישט געווען וואָס צו ענטפערן. אויסער אַ וואַרעמען האַנט־דרוק און אַ ווונטש פאַר דערפאָלג אין זײער אויפגאַבע איז גאָרנישט געבליבן. דער שליסל צו לײזן די פראַגע איז געווען אין די הענט פון דימיטראָוו, סאַניקאָוו און קאַליעוו. קײן אַנדערע עדות זײַנען מער ניט געווען.

ווען כ׳בין צומאָרגנס צוריקגעקומען אין שטאַב האָט מען מיר געמאָלדן, אַז דימיטראָוו איז אַרעסטירט. לאַנג, לאַנג האָב איך נישט געהערט פון דימיטראָוון. ווען ער איז געווען אין דער אײנהײט זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן אים אַרומגערינגלט, אונטערגעשפּרונגען, געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָב אים גע־האַסט. ווען מען האָט אים צוגענומען, איז ער ווי מיט אײן מאָל אויסגעמעקט

געוואָרן, ווי ער וואָלט קיין מאָל נישט געווען. ער האָט אויך קיינעם נישט געפעלט. נו — געווען און ניטאָ, אַראָפּ פון מאַרק!

מיר זענען שוין לאַנג געווען אַוועק פון פראָנט. געוואַרט ערגעץ אין אַ פאַרשטאָט פון וואַלענציע עוואַקואירט צו ווערן פון שפּאַניע, ווען כ'האָב פּלוצעם דערהערט אַ באַקאַנטע שטימע אין רוסיש. אַן אָפיציר מיט אַ שטעקן אין האַנט האָט אויף אַ וואַנט־מאַפּע פון שפּאַניע געוויזן אויף די אַנטוויקלונגען אויפן דרום־פראָנט. די שפּאַנישע דרום־אַרמיי האָט, שוין אַן די אינטערבריגאַדעס, דורכגעפירט אַ געוואַגטן אַנגריף אויף פּעניאַראַיאַ און פאַרנומען פּוענטע אָוועכוניאַ. דער אָפיציר האָט גערעדט מיט פלאַם, אויפגעקלערט די סטראַטעגישע באַדייטונג פון יעדער פּאָזיציע. כ'בין צוגעגאַנגען נענטער — עס איז געווען דימיטראָוו. כ'בין געשטאַנען און געקוקט ווי אַ פרעמדער. דימיטראָוו האָט מיך באַמערקט, באַגריסט — כ'האָב ניט געענטפערט. ער האָט ווייטער גערעדט, אויפגעקלערט אויף דער מאַפּע פאַר איין אָדער צוויי פערזאָן — ווי קיין מאָל גאַרניט.

ווען מיר זענען אַריבער די שפּאַנישע גרענעץ איז ער מיר אין גאַנצן פאַרשוווּנדן פון די אויגן — ער איז אַוועק אַהין, פון וואַנען ער איז געקומען — קיין ראַטנפאַרבאַנד.

* * *

מענטשן זענען ווי קינדער. דאָס לעבן איז פאַר זיי אַ מעשהלע — זיי ווילן שטענדיק וויסן: נו, און וואָס איז געוואָרן?

כ'האָב געזוכט דימיטראָווס שפּורן, געוואָלט וויסן וואָס איז מיט אים געשען. כ'האָב געשמועסט מיט בולגאַרישע חברים, וועלכע כ'האָב געטראָפן אין פאַר־שידענע לענדער שוין לאַנג נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיך נאָכגעפרעגט אויב זיי וויסן עפּעס — קיינער האָט גאַרניט געוווּסט וועגן אים. ווען כ'בין געווען אין סאָפיאַ האָט איך זיך ניט געפוילט און אויף זייער קאָמפּעטענטע ערטער געזוכט זיינע שפּורן — קיין זכר איז פון אים נישט געבליבן.

ברייט און ווייט האָבן זיך געצויגן די שנייִקע סטעפּעס אין סטאַלינישן פאָטערלאַנד, און די מילן פון דער ק.ג.ב. האָבן געמאָלן זייער דין...

* * *

דימיטראָוו שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן, ווי ער שטייט פאַר דער גרויסער וואַנט־מאַפּע, ווי ער שפּרינגט אַרום אין דער איינהייט, בעת זיין רעדע אין היינאַכאַסאַ דעל דוקע אין יענעם אָוונט — יענער אָוונט מיט זיין גאַנצן פּראָגראַם: די לידער, דער טאַנץ און דאָס מיידל פאַרלוירן, פאַררויטלט... יאָ, דאָס מיידל, וואָס איז אין יענעם אָוונט בעתן טאַנץ שטיין געבליבן פאַרלוירן און פאַררויטלט האָט געהאַט אַ סיבה דערצו: זי איז געווען אין אָנהייב שוואַנ־גערשאַפט — פון דימיטראָוון. דימיטראָוו האָט פאַרלאַנגט, אַז דער דאָקטער זאָל דורכפירן דעם אַבאָרט. דער דאָקטער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

דאָס איבעריקע האָב איך אייך שוין דערציילט.



לעוו (לב) טירקין — די אומשטערבלעכע נשמה.

(פון אַלבאָם "די וויזיע בעתן שלאַכט")

ד״ר יוסף קערמיש

# מקורות וועגן די חינוך פּראָבלעמען אין געטאָ

נישט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען די געטאָ־איינוווינער, האָבן פיל פון זיי געהאַט די גייסטיקע שטאַרקייט צו באַשרייבן די געשעענישן פון אָט דער שרעקלעכער תקופה, כדי די קומענדיקע דורות זאָלן וויסן וואָס די נאַציס האָבן אָפּגעטאָן אונדזער פאָלק. באַזונדערס צום באַוואונדערן זענען די קאַפּיטלען וועגן דער קולטור־אַרבעט און אַנדערע דערשיי־נונגען פון ווידערשטאַנד אינעם דאָזיקן עמק הבכא. אַלע פאָרמען פונעם קולטור־לעבן זענען געקומען צום אויסדרוק אין די שאַפונגען, וועלכע זענען אַנטשטאַנען אין די סאַמע שואה־טעג. דער ווילן, עס זאָל בלייבן אַן אייביקער אָנדענק פון דעם אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט מיט יידן אין יענער צייט, איז געווען זייער שטאַרק, ווי דאָס באַטאָנט איינער פון די בולטסטע כראָניקער אין יענע טעג:

״געשריבן האָבן אַלע: זשורנאַליסטן, שרייבער, לערער, געזעלשאַפטלעכע טוער, יוגנטלעכע, אפילו קינדער. דער רוב האָט געשריבן טאָג־ביכער וווּ די טאָג־טעגלעכע געשעענישן זענען באַלויכטן געוואָרן דורך דער פּריזמע פון פּערזענלעכע איבערלעבונגען״ (רינגעלבלום).

דער דראַנג פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אָפּצוגעבן עדות־דער־קלערונגען פאַר די קומענדיקע דורות האָט גורם געווען, אַז עס זענען אונדז פאַרבליבן אוצרות מיט מאַנוסקריפּטן, וואָס זיי אַליין זענען שוין אַ געניוגנדיקער אויסדרוק פון געראַנגל און ווידערשטאַנד קעגן רעזשים, וועלכער האָט נישט דערלויבט יידן צו שרייבן אָדער איבערלאָזן נאָך זיך דאָקומענטן, וואָס זענען עלול צו דינען אַלס באַוויז־מאַטעריאַל פון דעם אַלעם, וואָס עס האָט פּאַסירט.

אין אַ וויכטיקן דאָקומענטאַרן עזבון, וואָס איז אונדז געבליבן פון אָט דער צייט, געפינען זיך הונדערטער שאַפונגען פון קינדער און יוגנטלעכע, באַזונדערס פון וואַרשעווער געטאָ, דעם גרעסטן געטאָ אין אָקופּירטן אייראָפּע, וואָס איז אויך אין די מוראדיקסטע באַדינגונגען געווען דורכגעדרונגען מיט יידיש־שאַפערישן גייסט.

צום באַדויערן געפינט זיך דער גרעסטער טייל געטאָ־אַרכיוון אין כתב־יד, און נישט געקוקט אויף זייער אָריגינעלן באַדייט און היסטאָרישער און עמאָציאָ־נעלער היבזיכט, זענען זיי עד־היום נישט צוטריטלעך פאַרן לייענער. ווען נישט דאָס, וואָס אייניקע מחברים, וועלכע זענען לעבנגעבליבן האָבן אַליין פאַרעפנט־

לעכט זייערע כתבים (זייער אָפט אויף ס׳ניי באַאַרבעט), און אויך דאָס וואָס עס זענען צו אונדז דערגאַנגען אַ קענטיקע צאָל לידער, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט אין זכרון פון די ניצול־געוואָרענע פון געטאָ, וואָלט די אָריגינעלע און אויטענטישע געטאָ־ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען ביז איצט אין דרוק, געווען נאָך פיל אָרעמער.

אין דעם דאָקומענטאַרן עזבון וואָס איז אונדז געבליבן פון אָט דער צייט זענען פאַראַן דאָקומענטן פון ערשטראַנגיקער חשיבות וועגן די פּראָבלעמען פון קינדער און יוגנט־דערציונג אין געטאָ. די דערציער האָבן זיך באַמיט צו באַזירן זייער אַרבעט אויף דעם עטישן וועלט־באַנעם פון די נביאים און טיפער שטרעבונג צו דערציען צו ״אַלגעמיינער מענטשלעכקייט אין אונדזער נאַציאָנאַלער שפּראַך״ און אין צובונד צו נאַציאָנאַלן קיום. נישט געקוקט אויף דער ״פּיינטלעכער באַלאַגערונג״ דאַרף די דערציונג זיין דורכגעדרינגען מיט די העכסטע הומאַנישע אידעאַלן און צילן צו ״אַ קלאָרער און בעסערע צוקונפט״. אַ צענטראַל אָרט אין דער דערציונג האָט דעריבער פאַרנומען יידישע געשיכטע.

״אין די געטאָ־באַדינגונגען איז די באַטירלעכסטע לערן־שפּראַך יידיש, אָבער עס איז נויטיק אָפּצוגעבן אַ וויכטיקן פּלאַץ פאַר העברעיש אַלס קעגנשטאַנד — און דאָס צוליב עטלעכע טעמים: צוליב די קולטור־אוצרות, וואָס העברעיש היט אויף פאַר אונדז און הערט נישט אויף צו שאַפן; צוליב טעמים פון היסטאָרישער קאָנטינויטעט און מחמת דעם וויכטיקסטן מאָטיוו: העברעיש איז דער שטאַרקסטער און זיכערסטער קשר, וואָס פאַרייניקט די צעשפּרייטקייטן פון אונדזער פאָלק. דער תנ״ך איז דאָס וויכטיקסטע מיטל צו דערגרייכן די דאָזיקע צילן״ (״ידיעות פון געטאָ ווילנע״, נומער 30).

די דערציערס האָבן געדאַרפן דורכדרינגען אונדזערע קינדער מיטן באַוווסטזיין, אַז ״דער כלל שטייט איבערן יחיד, און איז קודמער ווי דער יחיד״, ווייל ״בלויז אין אים וועלן אונדזערע יוגנטלעכע קענען געפינען לעבנס־כוח, גייסטיקן גלייכגעוויכט און מעגלעכקייטן פאַר מאַטעריעלן און פיזישן קיום. דעם דאָזיקן קשר צום שטאַם און נאַציאָנאַלער קולטור איז דער ערשטער באַדינג פאַר אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער צוקונפטיקער פעלקער־משפחה״.

כדאי צו דערמאָנען די אינסטרוקציע איינצופירן אין געטאָ דעם פּרינציפּ פון אַרבעט, ״עס איז נייטיק צוצוגעוויינען די קינדער באַלד פון אָנהייב צו זעלבשטענדיקייט, און חוץ דעם דאָזיקן אַלגעמיינעם פּרינציפּ מוזן אַלע קינדער פון 14 יאָר און ווייטער לערנען אַ פאַך און באַקומען ערשטע אינסטרוקציעס אין דער אַרבעט אין גאָרטן און לאַנדווירטשאַפט. זיי דאַרפן קענען זיך אומגיין מיט אַ האַמער, זעג אָדער סערפּ און בכלל איז נויטיק צו לייגן דעם טראָפּ אויף פאַכבילדונג. נישט ווייניקער וויכטיק פון דעם איז די שטאַרקונג פון יידישן לעבנס־אינסטינקט און דאָס אחריות־געפיל פאַרן יידישן כלל״.

אין הסכם מיטן גייסט פון דער צייט איז די אינסטרוקציע פאַר די לערערס געווען: ״מסביר־זיין יעדעס קינד, אַז יעדער וואָרט, וואָס ער לאָזט אַרויס פון

מויל, און יעדער שריט, וואָס ער מאַכט, קאָן משפיע־זיין צום גוטן, אָדער צום שלעכטן אויפֿן כּלל, — און אַז אויך יעדער שילער טראָגט די אחריות פֿאַר אונדזער קיום".

צווישן די אויפֿגעהיטענע כּתבֿ־ידן דאַרף דערמאָנט ווערן דאָס טאָג־בוך פֿון באַקאַנטן טרייען און איבערגעגעבענעם פּעדאַגאָג ד"ר יאַנוש קאָרטשאַק (ד"ר גאָלדשמיד), אין וועלכן דער מחבר האָט אויפֿגעשטעלט אַ דענקמאָל דער טראַגעדיע פֿון יידישן קינד. עטלעכע פּיעסן, וואָס ער האָט געשריבן אין געטאָ פֿאַר קינדער זענען פֿאַרלוירן געגאַנגען.

אויך זענען געבליבן כּתבֿים פֿון באַקאַנטן העברעישן פּעדאַגאָג אהרן קאַפּלאַן. באַזונדערס האָט אין געטאָ אַ סך געשאַפֿן פֿאַר קינדער און יוגנטלעכע דער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט דראַמאַטישע קרייזן, איינגעאָרדנט תנ"ך־אָוונטן און אויך אויפֿגעפֿירט צוויי פֿאָרשטעלונגען וועגן לעבן אין געטאָ און אין ארץ־ישראל.

פֿון באַזונדערע חשיבֿות איז דער אינערלעכער ביולעטין פֿון דער "דרור"־באַוועגונג אין פּוילן "אינערלעכע קאָרעספּאָנדענץ" נומ׳ 4, ווו עס איז פֿאַר־עפֿנטלעכט אַ באַריכט פֿון דער "דרור"־טעטיקייט פֿון סוף 1939 ביזן מיטן יאָר 1942. דער באַריכט שליסט אויך איין אַ נאָטיץ וועגן דער געהיימער העברעיש־יידישער גימנאַזיע פֿון "דרור" אין געטאָ וואַרשע. לויט דעם דערוויסן מיר זיך, אַז די תּלמידים זענען געווען אָרגאַניזירט אין לערן־גרופּעס "במעלה" (וואָס איז געווען אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער "דרור"־באַוועגונג), וואָס האָבן צוגעצויגן אין זייערע רייען אויך יוגנט פֿון לערן־גרופּעס מחוץ דער גימנאַזיע.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז נישט געקוקט אויף דעם אומדערטרעגלעכן מצבֿ אין געטאָ, ווען הונגער, קעלט און מגיפֿות זענען געווען אַ מאַסן־דערשיינונג, איז דער דראַנג צו לערנען געווען שטאַרק און אַלגעמיין ביי דער יוגנט און קינדער. עס האָט זיך נישט געפֿילט קיין שום צוריקגעשטאַנענקייט אין דער פֿעי־קייט פֿון לערנען און באַנעמען. אַ פֿאַרצווייגטע דערציערישע טעטיקייט האָט זיך געפֿירט אַפֿילו אין די געטאָס, אין וועלכע עס זענען פֿון צייט צו צייט פֿאָרגע־קומען אויסראָטונג־"אַקציעס" און די קינדער האָבן גוט געוווּסט זייער מצבֿ און וואָס עס דערוואַרט זיי.

"דערציִונג אין געטאָ זענען אויפֿן ערשטן בליק תּרתּי דסתּרי" — שרייבט "ידיעות פֿון געטאָ ווילנע" — "דער יידישער לעבנסווילן און דער יידישער בטחון לייזן אָבער סתּירות און שאַפֿן אויף אַ ווּנדערלעכן אופֿן מעגלעכקייטן פֿאַר דערציִונגס־אַרבעט ביי אומשטענדן פֿון פֿאַרמאַנענטער געפֿאַר".

דאָ דאַרף, אגבֿ, באַמערקט ווערן, אַז אַקטיווע שולן זענען אין ווילנע געווען נאָך אין סעפּטעמבער 1941, אויף דער איניציאַטיוו פֿון אַ ריי לערערס. דער לימוד איז פֿאָרגעקומען אין געהיים, אונטער דער מאַסקע פֿון קינדער־פֿלעגע. די פֿינף טויזנט קינדער, וואָס האָבן זיך געלערנט אין די שולן, האָבן זיך פֿאַרקלענערט מיט יעדער "אַקציע". אין יאַנואַר 1942 זענען שוין געווען נישט מער ווי 1,097

קינדער. 900 פון זיי האָבן געלערנט אין געהיימע פאָלקסשולן. נישט געקוקט אויף די שווערע לערן־באַדינגונגען, האָבן די קינדער דורכגעמאַכט אַ נאָרמאַלן לערן־פּראָגראַם, ווי פאַר דער מלחמה.

״עס איז נישט געווען קיין סוד פאַרן גאַנצן געטאָ״ — שרייבט דער כראָניקער פון געטאָ־ווילנע, ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי, אַרויסהייבנדיק די גייסטיקע רייפקייט, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין דערציִונגסוועזן — ״וואָס עס דערוואַרט דעם געטאָ בכלל און די קינדער בפרט. דעריבער האָט ביי די קינדער געריפט אַ פּסיכישע דערוואַקסנקייט. צען־יאָריקע קינדער, און אפילו נאָך יינגערע פון זיי, האָבן געטראַכט ווי דערוואַקסענע. קינדער זענען זיי געווען, בלויז לויט זייער עלטער... די באַדינגונגען פון לעבן האָבן זיי געצוווּנגען אַריבערצושפּרינגען איבער דער תקופה פון קינדהייט״. ביי די געטאָ־קינדער האָט זיך אַנטוויקלט דער טיפער באַוווּסטזיין פון געמיינזאַמען גורל מיט אַלע משפחה־מיטגלידער. זיי האָבן אַרויס־געוויזן אַ שטאַרקן ווילן צו העלפן זיי אינעם ביטערן גראַנגל פאַרן לעבן, בעיקר דורך שמוגלען שפּייז אין געטאָ.

פון דער צווייטער זייט האָט זיך ביים קינד אומבאַוווּסט דערוועקט אַ ווילן צו שאַפן אַרום זיך אַ פאַרכישופטן קרייז, אין וועלכן עס זאָל מעגלעך זיין צו פירן אַן אַנדער לעבן, ווייט פון געטאָ. דאָס איז געווען די שולע אין געטאָ. דאָרט האָט דאָס יידישע קינד אויסגעטראַכט פאַר זיך דאָס אַנדערע אויספאַנטאַ־זירטע לעבן און האָט זיך געמאַכט פאַרגעסן די גרויליקע רעאַליטעט. צו דעם האָבן די לערערס מיטגעהאָלפן מיט זייערע דערציילונגען און לידער און מיט אַלץ וואָס זיי האָבן געלערנט די קינדער. ״אין מיין לעבן האָב איך נישט געזען״ — שרייבט ד״ר דוואָרזשעצקי — ״אַזאַ פאַרערונג און אַזאַ ליבשאַפט מצד די קינדער צו זייערע לערערס — ווי אין געטאָ ווילנע״.

עס האָט זיך אויך געשטאַרקט ביי דער יוגנט דער אַלגעמיינער דראַנג צו לימודים. עס זענען געווען קורסן פאַר פרעמד־שפּראַכן און הויכער מאַטעמאַטיק; עס איז געווען אַ טעכניקום, עס זענען געגרינדעט געוואָרן ישיבות, אַ ״חדר״, עס האָבן זיך אָרגאַניזירט וויסנשאַפטלעכע קורסן.

ענלעכע דערשיינונגען טרעפן מיר אין אַנדערע געטאָס. תלמידי־חכמים און לערערס האָבן פאַרשפּרייט תורה און וויסן צווישן קינדער און יוגנטלעכע, וואָס האָבן אויף פאַרשידענע אומלעגאַלע וועגן פאַרגעזעצט זייערע לימודים.

אין געטאָ וואַרשע האָבן געווירקט צענטליקער חינוך־אַנשטאַלטן, פאַרמאָס־קירטע אָדער האַלב־פאַרמאַסקירטע, גרונטשולן, מיטלשולן און אפילו הויכשולן. די אַקטיוויטעט אין די לערן־אַנשטאַלטן איז געווען פאַרשידנפאַרביק, און אויף אַ הויכן ניווא. הגם אָפיציעל האָט דער לערן־פּראָגראַם אַרומגענומען בלויז די קעגנשטאַנדן: עברית, יידיש, פּויליש, חשבון, יידישע וויסנשאַפטן, צייכענען, מלאכה און גימנאַסטיק, זענען אָבער אין ראַם פון דער שפּראַך אויך געלערנט געוואָרן אומלעגאַל געשיכטע און געאָגראַפיע.

אינעם אונטערערדישן אַרכיוו פון געטאָ וואַרשע ״עונג שבת״ (רינגענבלום־

אַרכיוו) האָט זיך אָפּגעהיטן אַ חיבור וועגן די לערן־אַנשטאַלטן אין יידישן קוואַרטאַל, וואָס שילדערט דעם דראַנג פֿון דער יוגנט אין געטאָ צו שטודירן. דער מחבר אונטערשטרייכט, אַז נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן — מאַנגל אין לערן־ביכער, עקאָנאָמישע נויט, אומזיכערקייט לגבי דער צוקונפֿט — האָט אין געטאָ, אין פֿולער סתירה צו דער לאָגיק, געהערשט די שטרעבונג צו שטודיום און וויסן, אַ שטרעבונג וואָס האָט אַרומגענומען מאַסן יוגנטלעכע.

"די יוגנט ציט צו שטודיום — טרייבט דער מחבר — צו לערנען פֿון איר אייגענעם ווילן, און טראַכט נישט וועגן אַ פּראַקטישן נוצן פֿון דעם לערנען. די יוגנט שפּאָרט איין, איז מוותר אויף אַ סך נויטווענדיקע באַדערפֿענישן, אַבי נישט צו זיין היגטערשטעליק לגבי אַנדערע. די אַ דערשיינונג איז אַזוי רירנדיק, אַזוי טרייסטפֿול, באַזונדער אויף דער קאַנווע פֿון דער אַלגעמיינער וועגעטאַציע, מאָראַלישער צעפֿאַלונג און אַלגעמיינעם מאַטעריאַליזם. די אַ דערשיינונג דערמעגלעכט אויסצוהאַלטן, נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן; דערמעגלעכט גובר־זיין אַלע יסודותדיקע שטערונגען, ווי מאַנגל אין געלט, די געפֿאַר, אַז די "קאָמפּלעטן" (לערן־גרופּעס) זאָלן אַנטדעקט ווערן, מאַנגל פֿון פּראַקטישן צוועק... וויפֿל טראַגעדיעס מאַכן דורך די משפּחות, וואָס קענען נישט געבן אפֿילו די קלענסטע סומע אויף צו לערנען די קינדער, און דאָס יונגע מיידל אָדער ייִנגל קוקט מיט קנאה אויף די חברים וואָס לערנען. ווען די יוגנט קאָן נישט אַרויסגעהאָלפֿן ווערן דורך די עלטערן, באַמיט זי זיך מיט אייגענע כוחות צו דערגרייכן אַ ביסל געלט, וואָס זאָל דערמעגלעכן די לימודים. אַ סך פֿון די דערוואַקסענע יוגנטלעכע אַרבעטן פֿיזיש 8—10 שעה און באַלד נאָך דער אַרבעט זעצט מען זיך צו די ביכער און מען לערנט ביז שפּעט ביי נאַכט".

די זעלבע קוועלע גיט אַ קאָמפּעטענטע שילדערונג פֿון די "קאָמפּלעטן" אין געטאָ, וועמענס צאָל האָט דעמאָלט געהאַלטן אין איין וואַקסן און האָט אין 1941 דערגרייכט עטלעכע הונדערט.

"צו דער קאָמפּלעטן־נעץ, — שרייבט ער — דאַרף מען אויך צורעכענען די לערן־גרופּעס פֿון די פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס. זיי עקזיסטירן — נישט אין די פּריוואַטע דירות פֿון די לערערס, נאָר אין דירות, וואָס זענען ספּעציעל פֿאַר דעם באַשטימט (1—2 צימערלעך); אין אַ פּריוואַטן קאָמפּלעט באַטייליקן זיך 3—6 קינדער, בעת דאָ באַטייליקן זיך 10—20 קינדער. אַזעלכע שולן זענען אַנטשטאַנען אויף דער איניציאַטיוו פֿון "השומר הצעיר", "אָרט", "צישאָ", "אגודת ישראל", "מזרחי", אא"וו. דער שכר־לימוד איז אַ קלענער — 10 זלאָטעס אַ חודש, אַנשטאָט 30—50 זלאָטעס אין די פּריוואַטע קאָמפּלעטן. דער אויסוואַל פֿון מאַטעריאַל איז אַ פּעדאַגאָגישער. די אונטעריכט־שפּראַך איז — אָפּהענגיק פֿון דער אָרגאַניזאַציע — עברית אָדער יידיש. אין די פּריוואַטע קאָמפּלעטן איז די אונטעריכט־שפּראַך — פּויליש. די לאַסט פֿון שכר־לימוד ליגט דאָ אָבער אין גאַנצן אויף די עלטערן און תּלמידים, נישט געקוקט דערויף, וואָס דער לוין פֿון די לערערס איז אַ קלענער. צוליב פֿאַרשידענע סיבות זענען די

עלטערן פאַראינטערעסירט אין קליינע קאָמפּלעטן (נישט מער ווי זעקס תלמידים אין אַ ״קאָמפּלעט״). דער קאָמפּלעט איז אומלעגאַל; די גרופּע תלמידים וואַנדערט פון דירה צו דירה, כּדי צו פאַרווישן די שפּורן. מען לערנט ביי דער גרעסטער ענגשאַפט, על־פּי רוב אינעם פּריוואַטן צימער פונעם לערער. דער מאַנגל אין לערן־ביכער איז אַ האַרבער. איבער צען תלמידים לערנען פון איין בוך. זייער אָפט מוז דער לערער דיקטירן דעם מאַטעריאַל, און די קינדער פאַרשרייבן אַלץ.

כּדאַי צו פאַרצייכענען, אַז צווישן יידישע קינדער און יוגנטלעכע זענען בעת דער שואה אַנטפּלעקט געוואָרן אויסנאַמלעך פעיקע קינדער, ווי דאָס ווייזן די טאָגביכער פון: אַנאַ פראַנק, אַנינאַ העשעלעס, דוד רובינאָוויטש, דוד שיראַקאָוויאַק, משה פלינקער, עוואַ היימאַן א.אַ. אין זייערע העפטן שרייבן זיי וועגן זייערע לימודים, וועגן דעם, וואָס עס טוען זייערע משפּחות און וועגן טאָגטעגלעכן לעבן בכלל. זיי אַלע האָבן באַוויזן צו שילדערן די אכזריותדיקע געשעענישן אין אַ שפּראַך, וואָס איז נאָענט פאַרן יוגנטלעכן.

די ווייניקע חיבורים וואָס זענען ביז איצט דערשינען אין דרוק וועגן אָט די יוגנטלעכע, זענען בלויז אַ קליינער טייל פון דער שפע טאָגביכער און זכרונות, ווי אויך פון די אַקטועלע לידער וועגן פאַרשיקונג אין געטאָ, וועגן דעם פאַרשווונדן פון די עלטערן, וועגן די ״אַקציעס״, אאַ״וו. אין דער גרעסטער מער־הייט זענען די שריפטן פאַרלוירן געגאַנגען בעתן ליקווידירן די געטאָס; בלויז קליינע רעשטלעך פון זיי זענען געבליבן אין די שואה־אַרכיוון, אָבער אויך זיי זענען נאָך נישט אַרויס אין דרוק.

דאָקעגן איז געבליבן און דערגאַנגען צו אונדז אַ שפע אומלעגאַלע פּרעסע פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן פאַרגעזעצט זייער אָרגאַניזאַציאָנעלע און קולטורעלע טעטיקייט צווישן די געטאָ־מויערן, נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט לעבנסגעפאַר.

די פאַרבליבענע נומערן פון אָט די צייטונגען דינען אַלס וויכטיקער דאָקו־מענטאַרער מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון געטאָ און צו דערקענען די טעטי־קייט פון דער אָרגאַניזירטער יוגנט מיט אַלע אירע פּראָבלעמען אין דער טראַ־גישער תּקופה פון די נאַצישע אָקופּאַציע־יאָרן. אין די פאַרצייכענונגען, אַרטיקלען, כראָניקס און רעפּאָרטאַזשן, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער אומ־לעגאַלער פּרעסע פון דער יוגנט קומען צום אויסדרוק אירע געדאַנקען, געפילן און שטימונגען פון אָט דער צייט. אַ געוואַלדיקע דערציערישע אויפגאַבע האָט דערפילט די דאָזיקע פּרעסע, וואָס האָט געפלעגט דעם ווידערשטאַנד־געדאַנק, געוועקט די איידלסטע געפילן ביי אירע לייענער און געווען פאַר זיי אַן אײ־דעישער מדריך. היות ווי די פּרעסע האָט פאַר איר הויפּט־אויפגאַבע געהאַלטן דעם קאַמף קעגן דעפּרעסיע און פאַרצווייפלונג, האָט זי דערמוטיקט די ליידנדיקע יוגנטלעכע צו דערוועקן פאַר זיך בילדונג און געלייגט אַ סך אַכט אויף דעם וועקן אינטערעס אין געטאָ, באַזונדערס ביי דער יוגנט, צום בוך און קודם כּל צום ערנסטן בוך.

"עס איז אפשר כדאי נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון מתתיהו פון מודיעין — שרייבט די אומלעגאַלע צייטשריפט "דרור" (נומ' 3, תמוז ת"ש) אין געטאָ וואַרשע — די קינדער האָבן דאָן געלערנט אויסצובאַהאַלטן זיך אין היילן. יאָ, היילן דאַרפן מיר האָבן. מיר וועלן נעמען זוכן היילן..."

כדאי צו באַטאָנען, אַז מיט דער קולטור־דערציִערישער טעטיקייט צווישן דער יוגנט האָבן זיך דעמאָלט אין גאַנצן אָפּגעגעבן די חודש־בלעטער און זאַמ־לונגען, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך "דרור", "השומר הצעיר", "גור־דוניה", "הנוער הציוני" א.א. די דאָזיקע צייטונגען, וואָס האָבן אַנטהאַלטן אַ סך ידיעות און אַ רייכן פּובליציסטישן מאַטעריאַל, בעיקר וועגן פּראָבלעמען אין דער יידישער וועלט און אין ארץ־ישראל, האָבן אין אַ גרויסער מאָס אויך געדינט אַלס לערן־מאַטעריאַל און הילפס־ליטעראַטור פאַר די פּרעלעגענטן אין די יוגנט־קרייזן.

פון דערציִערישן באַדייט איז געווען דער אומאויפהערלעכער קאַמף, וואָס די אומלעגאַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן געפירט פאַר דער שטאַרקונג פון ווידער־שטאַנד־כוח און אויסדויער פון די יידישע מאַסן אין אַנבליק פון די מוראדיקע רדיפות, ווי אויך די קולטיווירונג פון געדאַנק וועגן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד.

"עס איז נויטיק עס זאָל וואַקסן אונדזער ווילן אָפּצוגעבן אונדזער לעבן פאַר אַ העכערן צוועק, ווי אונדזער טאָגטעגלעך גרוי לעבן..." — שרייבט, למשל, די "יוגנט־שטימע" אין געטאָ־וואַרשע — די יוגנטלעכע דאַרפן גיין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, נישט געקוקט אויף די שווערע שטורעמס, וואָס ווילן אונדז פאַרניכטן... מיר טאָרן נישט פאַרצווייפלען. מיר דאַרפן שטאַרקן דעם כוח און זיין גרייט צום מאָמענט, ווען מיר וועלן מיט אונדזערע מוטיקע און פעסטע הענט צעשטערן די מויערן פון געטאָ"...

די אומלעגאַלע ציוניסטישע און ציוניסטישע־סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט געשפּילט אַ גרויסע דערציִערישע ראָל דורך אויפקלערן די ארץ־ישראלדיקע פּראָבלעמאַטיק ברענגענדיק אַ שפע ידיעות און אַרטיקלען וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין ארץ־ישראל, האָט די פּרעסע מיטגעווירקט צו באַנייען דעם קאָנ־טאַקט אפילו אין דער תקופה פון באַלאַגערונג, ווען די גרענעצן זענען געווען הערמעטיש פאַרמאַכט. די ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען דורך אומדירעקטע וועגן, האָבן געוואַרעמט דאָס האַרץ פון ייִד, געבראַכט טרייסט, האָפענונג און דערמו־טיקונג אין אָפּגעריסענעם פון דער וועלט געטאָ. ארץ־ישראל האָט געשטאַרקט דעם גלויבן אין יידישן קיום און המשך. דאָ איז כדאי צו דערמאָנען דעם קאַמפּיין לטובת דעם קרן קימת, חמישה־עשר בשבט תש"ב, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך דער חלוצישער באַוועגונג אין געטאָ וואַרשע, כדי עס זאָל נישט צעשטערט ווערן דער בונד, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דעם פאָלק און זיין לאַנד".

קיין וווּנדער נישט, וואָס אין די טעג פון אַל־עלמיין, ווען די נאַצישע האָר־דעם האָבן זיך דערנענטערט צו די טויערן פון מצרים, האָט די יוגנט־פּרעסע מיט ציטער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער דירעקטער סכנה וואָס באַדראָט דעם ישוב

אין ארץ־ישראל. ״דער נצחון פון דייטשלאַנד אינעם נאָענטן מזרח — האָט מרדכי אַנילעוויטש געשריבן אין ״עתון התנועה״, ניסן תש״ב — באַדייט נישט בלויז פאַרניכטונג פון יידן אין אייראָפּע. דאָס וועט אין אַ גרויסער מאָס אויך דעצידירן וועגן טויט־אורטייל אויפן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל״.

״דאָס דערנענטערן זיך פון די נאַציסטישע האָרדעס צו ארץ־ישראל האָט אויפּגעטרייסלט יידן און באַזונדערס אונדזער יוגנט״ — שרייבט דער ביולעטין פון ״השומר הצעיר״ ״יוטשניאַ״ (קאַיאַר). די וואָכנצייטונג פון ״השומר הצעיר״ ״זאַזשעוויע״ (גליענדיקע האַלעוועשקעס) שרייבט דעם 15טן יולי 1942 אין אַן אַרטיקל ״היטלער פאַר די טויערן״ צוו. אַנד.: ״די אויגן פון די יידישע מאַסן אין דער גאַרער וועלט פאַלגן נאָך מיט גרויס שפּאַנונג און ציטערניש דעם גאַנג פונעם קאַמף, פון וועלכן עס הענגט אָפּ דער גורל פון ארץ־ישראל — דעם איינציקן אָנשפּאַר און די איינציקע האָפענונג, דאָס צוקונפטלאַנד פון שווער־געפּרוווטן־געפּייניקטן פאָלק... די זעלבע רוצחישע האַנט, וואָס האָט די קעגנוואָרט דערטרונקען אין טייכן בלוט, וויל אויסשפּרייטן איר נעץ אויך אויף דעם לאַנד פון דער יידישער צוקונפט. דער ישוב האָט געענטפערט מיט אַן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע פון מענער פון 17 ביז 45 יאָר... די יידישע מאַסן, וואָס זענען פאַרשפּאַרט אין די געטאָ־מויערן, באַגריסן דעם דאָזיקן באַשלוס פון טיפן האַרץ און נשמה. מיר זענען זיכער, אַז דער ישוב וועט דערפילן די אויפגאַבע אין דעם קאַמף מיט מוט און הצלחה געבוי, ווי ער האָט דאָס געטאָן ביז איצט אויפן געביט פון דעראָבערונגען און דערגרייכונגען און אויפן געביט פון אויפבוי־ווערק... אונדזער ענטפער אויף דעם אָנגריף אויף ארץ־ישראל וועט נישט זיין אַנדערש, ווי דער ענטפער פון ישוב. אונדזערע ברידער וועלן זיך געפינען אין בלוטיקע קאַמפן מיט דער גרויסער מיליטערישער מאַכט, וועלן אויך מיר פאַר־שטאַרקן אונדזער געראַנגל אין הינטערלאַנד הונדערטפאַכיק. היינט מער ווי פריער איז אונדזער פּלאַץ אין די רייען פון אַקטיוון געראַנגל קעגן אָקופּאַנט; היינט מער ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט דאַרף די לאָזונג פון די גערודפטע יידן זיין: פאַרשטאַרקן הונדערט־פאַכיק דעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף, פאַנאַנדערפלאַקערן דאָס פייער פון דער הייליקער פאָלקס־מלחמה אינערהאַלב די פאַרשקלאַפטע מדינות, — מיט בלוט פאַר בלוט און לעבן פאַר לעבן וועלן מיר ענטפערן אויף די חייהשע מאָרד־מעשים פון היטלעריזם״.

די ארץ־ישראל פראַגע פאַרנעמט בכלל אַ בולטן פּלאַץ אין די טיפע דעבאַטעס וואָס האָבן זיך געפירט אויף די שפּאַלטן פון דער אומלעגאַלער פרעסע בנוגע די אַקטועלע, ווייט־קלעכע פּראָבלעמען און פראַגן וועגן קיום פון פאָלק. די ציוניסטישע פרעסע האָט אין געטאָ געהאַלטן, אַז דער מאַנגל אין אַן אייגן לאַנד איז דאָס גרעסטע אומגליק פונעם יידישן פאָלק. דער יסוד פון נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן רענעסאַנס קאָן דעריבער זיין נאָר ארץ־ישראל. אין פּערספּעקטיוו האָט די פרעסע טאַקע געזען ארץ־ישראל נאָך דער מלחמה אַלס יידיש לאַנד, וואָס וועט געהערן דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

# שרײַבער און ווערק

**דב סדן**

# ספר הברית

יצחק באַשעוויסן — בן שבעים לשיבה,
לקיים: משלך יתנו לך

א

הכל תלוי במזל אפילו ספר תורה שבהיכל — איז אַן אַלטער זאָג, כאָטש נישט אַזוי אַלט, ווי מען איז דאָרט גוטה אַנצונעמען, דען עס קלינגט טאָקע ווי אַ גמרא־וואָרט, איז אָבער אַ סך שפּעטער און יינגער, דען עס געפינט זיך צום ערשטן אין ספר הזהר (פּרשת נשא); און איז אפשר אַן אויסברייט פונעם לאַטייניש זאָג: האַבעאַנט סוּא פאַטאַ ליבעללי, טייטש: ביכלעך האָבן זיך זייערע מזלות (= גורלות), און ווער עס האָט אַ שטיקל אינטערעס אין די גלגולים פונעם זאָג ביי אונדז, קען דערלאַנגען אַ קוק אין מיין בוך "יריד השעשועים" (1964, ז"ז 151—154). אָבער איצט זענען מיר זיך מתכוון אַנצוווייזן אויף אַ בולטער דוגמה, צו וועלכער עס פּאַסט זיך ביז גאָר דער פּאַרקירצטער און מסתמא גרונטיקערער זאָג: הכל תלוי במזל אפילו ספר...

און דאָס ספר איז דער פּאָפּולאַרער "ספר הברית", ווי ער איז עס **געווען,** און וואָס ער איז **געוואָרן**. כדי דעם גרויסן חילוק אויסצובולטן, וועלן מיר בקיצור דערמאָנען עפּעס וועגן מחבר און עפּעס וועגן חיבור. דער מחבר, ר' פּנחס אליהו האָרוויץ, איז נאָך אין דער מאַמעס בויך, געוואָרן אַ נע ונד — טאַטע־מאַמע האָבן זיך געלאָזט פון זייער שטאָט, ווילנע, קיין בוטשאַטש, און אויפן וועג, אין לעמבעריק, איז דאָס קינד געבוירן געוואָרן. אויסגעוואַקסן מיט אַלע מעלות פון אַ בן־תורה ודעת, האָט ער געזומען שרייבן דעם דאָזיקן "ספר הברית", איז אָבער אין מיטן דער אַרבעט — און מחמת איר — בלינד געוואָרן און האָט אַ נדר געטאָן, אַז אויב ער וועט צוריק זעעוודיק ווערן, וועט ער דאָס ספר אַרויסגעבן אַנאָנים, און ער האָט אויך דעם נדר מקיים געווען, אַזוי אַז די ערשטע אויסגאַב איז אַרויס אָן דעם בפירושן נאָמען פון מחבר, וואָס ווערט ערשט פאַרצייכנט אין די קומענדיקע אויסגאַבן. און זיי זענען נישט ווייניק — ח. ד. **פרידבערג** אין זיין "בית עקד" רעכנט אויס אַ טוץ, און די לעצטע אין פּיעטריקאָוו, **תרע"ג (1913).** ג. **קרעסל** ווייטער, אין זיין לעקסיקאָן, רעכנט אויס כמעט צוויי מנינים, און דאָס

די, וואָס ער האָט געזען אין דער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק אין ירושלים, און די לעצטע אין בני־ברק תש״ך (1960).

בדרך־כלל, אַז מען רעדט וועגן ״ספר הברית״, מיינט מען בעיקר זיין ערשטן טייל, וואָס איז כביכול, אַ משכילישער האַנטבוך פון כלערליי וויסנשאַפטן, און וואָס איז אָבער פאַרן מחבר געווען דער פרוזדור, אַ פּירהויז, און מען רעדט נישט, אָדער מען רעדט ווייניקער, וועגן צווייטן טייל, וואָס איז אַ קבלהישער, און וואָס איז פאַרן מחבר געווען דער טרקלין, די סאַליע. אַזוי ווייט, אַז דורות לייענערס האָבן געשמאַק געלייענט בלויז דעם ערשטן טייל, און ער איז פאַר זיי געווען אַ מין אַריינפיר אין דער השכלה, ווי מיר לייענען עס אין כמה וכמה ביאָגראַפיעס. נאָך מער, פאַרלעגערס האָבן זיך געכאַפּט דערויף און דער כוונה נאָכגעגעבן. על כל פּנים פאַרדינט דער ענין פון די כל־ערליי עדיציעס סיי אין מקור סיי אין איבערזעץ — אַמערשט לאַדינאָ, שפּעטער אויך יידיש — אַ באַזונדערן פאַרשערישן באַהאַנדל, נאָך דעם ווי עס וועט געטאָן ווערן, וואָס עס האָט שוין לאַנג באַדאַרפט געטאָן ווערן — אַ סטריקטער אַנאַליז פונעם ספר גופא און זיינע מקורות, כדי פּרטימדיק מפרש זיין דעם מחברס רמז, אַז ״איינער אַ מאָן וואָס קען זיך אויס אין יעדן ספר און לשון, האָט מיר פאַרגעלייענט די זאַכן וואָס אין בוך פון די פעלקער, אין זייער געשריפטס און שפּראַך, און וואָס ער האָט מיר פאַרגעלייענט, האָב איך איבערגעשריבן אויפן פּאַפּיר אין לשון פון מיין פאָלק און פון דאָרט אין ספר אַריין אין לשון קודש״. ג. קרעסל נעמט, לויט אייזיק הירש ווייס זכרונות, אָן, אַז די כוונה איז צו ר׳ בער אָפּענהיים אין פּרעשבורג, ביי וועמען ר׳ פּנחס אליהו האָט געוווינט. הייסט עס, אַז ער האָט דעם ספר, לפּחות דעם ערשטן טייל זיינעם, געשריבן יידיש, און האָט עס אויך געוואָלט אַרויסגעבן יידיש, ווי ער זאָגט: ״דאָס איז אַן איבערזעץ פונעם לשון פון מיינע הארץ־געפילן, הלוואי וואָלטן מיינע ווערטער געשריבן געוואָרן אין לשון פון מיין פאָלק, וואָלט עס אָן ספק, געווען אין גאַנצן אַ גלאַט ווייך און גוט לשון״. אויב אַזוי בעט זיך נאָך אַ פאַרשערישע אַרבעט — צי און אויף — וויפל און ווי — אַזוי האָט זיך זיין יידיש דערהאַלטן אין זיין לשון־קודש.

## ב

ווי מיר זעען, וואַרטן נאָך די עיקר־אַרבעטן וועגן ״ספר הברית״ אויף קומענדיקע פאַרשער, אָבער דאָס הייסט נישט, אַז אונדזערע פאַרשערס האָבן עס נישט באַהאַנדלט. אדרבא, עס פאַרנעמען זיך מיט אים, ווער בקיצור, ווער באַריכות, סיי אונדזערע היסטאָריקערס, סיי אונדזערע ליטעראַטור־היסטאָריקערס, ווער פון זיי שטעלט דעם טראָפּ אויפן חילוק, וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן, צווישן דעם וואָס דער מחבר האָט זיך מתכוון געווען, און צווישן דעם וואָס דער חיבור איז געוואָרן; ווער פון זיי שטעלט דעם טראָפּ אויפן חילוק צווישן דער שפּראַך וועלכע דער מחבר האָט תחילת באַנוצט און צווישן דער שפּראַך אין וועלכער ער האָט עס אַרויסגעגעבן; ווער פון זיי שטעלט דעם טראָפּ אויף דעם, וואָס ער

איז זיך סומך אויף קאַנטן, כדי מבטל צו זיין די פילאָזאָפישע יסודות פון די ערשטע משכּילים, וואָס האָבן זיך געשטיצט אויף לייבניץ און וואָלף, ווי עס גייט אָפּיר פון זיינעם אַ ציטאַט, וואָס ווערט גאָר אָפּט דערמאָנט: „עס איז באַקאַנט אין דער גאַנצער וועלט, אַז אין יאָר תקמ"א (1781) איז צווישן די פילאָזאָפן פון די אומות אויפגעשטאַנען זייער אַ קלוגער מאַן, אַ מענטש וואָס שפּרייסט גרויס פאַרשטאַנד, אין דער שטאָט קעניגסבערג אין דער פּרייסישער מדינה, אַ חרוץ און אַ שניידיקער חריף, זיין נאָמען איז קאַנט, און האָט מחבר געווען אַ ספר, גאָר געוואַלטיק אין חכמה, און גאָר טיף, און דאָס ספר איז זייער באַרימט און האָט אַ שם אין אַלע לענדער, און אין אָנהויב ספר האָט ער געשריבן, אַז ער רופט צונויף אַלע דורות, אַריסטאָטעלעס און אַלע פילאָזאָפן פאַר אים, און אויך די שפּעטערדיקע און די פילאָזאָפן פון איצטיקן דור, אַלע רופט ער אָן ביי די נעמען, זיי זאָלן קומען און אים זאָגן, וואָס האָבן זיי מחדש געווען אין זייערע חקירות, אין זייערע ספּעקולאַטיווע ראיות, אין מעטאַפיזיק, אין אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַלטן לויט זייערע ראיות ווי אַן אמת אָן ספק, וועט ער זיי סותר זיין — און ער זאָגט וועגן די ספרים פון גרויסן פילאָזאָף וואָלף און באַרימטן פילאָזאָף לייבניץ — אַז זיי האָבן אויפגעשטעלט געביידן ווי שפּילערייען, ווי קליינע קינדער שטעלן אויף, אויפן טיש, פון פּאַפּיר אָדער קאַרטן וואָס אַ בלאָז פון אַ מענטשנס־מויל צעבלאָזט זיי — —".

ג

אַזוי ווי דער „ספר הברית" איז ביסודו נישט קיין משכּילישער ספר, איז אָבער געוואָרן אַ משכּילישער ספר, און דאָס ביז אין די לעצטע דורות, איז פאַרשטענדלעך דער קווענקל, וואָס עס האָבן לגבי אים, די ליטעראַטור־היסטאָ־ריקער, בעיקר בנוגע דעם אָרגאַנישן פאַרבונד זיינעם מיט דער השכּלה. פישל לאַכאָווער, אַ שטייגער, אין זיין געשיכטע פון דער נייער העברעישער ליטעראַטור, האָט פאַר אים קוים פינף שורות, און יוסף קלויזנער, אין זיין געשיכטע פון דער דאָזיקער ליטעראַטור, ברענגט עס אפילו נישט אַזוי־ווייט און האָט וועגן אים קוים אַנדערטהאַלבן שורות, אַנדערש ישראל צינבערג וואָס, לויטן כאַראַקטער פון זיין בוך, שטעלט ער זיך אונדזער מחבר און זיין חיבור גאָר ברייט אָפּ. באמת איז דאָס אַ פּראָבלעמאַטישער ענין — ר' פּינחס אליהו גופא דערציילט דאָך בפירוש, ווי ר' חיים וויטאַל'ס סברה, אַז כּלל־וויסנשאַפטן זענען אויך אַ בויטיקע הקדמה צום עיקר, צו דער תורת אמת, דער קבלה, האָט אים באַוויזן צו שרייבן אַמערשט וועגן דעם זייטיקן, די שבע חכמות, כדי עס אפירצושיקן צו דעם תוכיקן, דער קבלה, און עס איז נישט פאַראַן קיין שום סיבה אָנצונעמען, וואָס שפּעטערע לייענערס, וואָס זענען פון בית־המדרש אַוועק צו דער שפּעט־השכּלה אָדער פרי־אַפּיקורסות, האָבן געקאָנט אָננעמען, אַז דער מחבר גופא האָט געהאַלטן דעם טפל פאַרן עיקר, און פאַרקערט.

על כל פנים איז כּדאי צו דערמאָנען, ווי־אַרום האָבן דעם „ספר הברית" די

ערשטע משכילים אויפגענומען. אַזוי, בעיקר, דער פּראַגער פּרץ (פּעטער) בער וואָס איז געווען צענזאָר פון די העברעישע דרוקן אין עסטרייך, און דאָס בוך, וואָס איז אַרויס אין ברין (1797) רעצענזירט, און האָט די רעצענזיע נאָך יאָרן אָפּגעדרוקט („שולמית", דעסאַו 1809, באַנד 4, ז"ז 51—52), אַזוי צו זאָגן: „דער אַנאָנימער מחבר, וואָס איז אַליין מודה אין דער הקדמה, אַז ער רעדט נישט קיין אַנדערע שפּראַך, חוץ זיין מאַמע־לשון, און דאָס איז דאָס אַזוי־גערופענע יידיש־דייטשיש, אין פּוילישן דיאַלעקט, לייענט און פאַרשטייט רבניש, און אַלץ, וואָס ער ברענגט אין דעם בוך, חוץ תלמוד און קבלה, האָט ער זיך געלאָזט פירלייענען פון אַ מאַן, וואָס איז בקי אין דער דייטשישער שפּראַך, און האָט עס דערוויל אויפגעצייכנט אין דער פּויליש־יידיש־דייטשישער מוטער־שפּראַך, און דערנאָך איבערגעטראָגן אין רבנישן.

דער הויך־געלערנטער מאַן פאַרטיידיקט דאָס פּלאַנעטן־סיסטעם פון טיכאָ בראַכע קעגן קאָפּערניק, און איז סותר נישט בלויז דעם גרויסן קאַנט, ביירערט ער זאָגט פיר דער גאַנצער פילאָזאָפיע, מעג זי איבעריקנס זיין אַריסטאָטעליש, לייבניציש, וואָלפיש, קאַנטיש, אָדער ווי זי הייסט, דעם אונטערגאַנג. ווי פעסט עס זעבען די ראוית פון דעם דאָזיקן פּאָליהסיטאָר, און אויף וואָס פאַר אַ יסודות ער שטיצט זיך, איז לייכט צו פאַרשטיין". און אין אַ הערה דערמאָנט ער, אַז דער „ספר הברית" איז נאָך אַ מאָל אַרויס אין ברין (1801) און ער רעזערווירט זיך דאָס רעכט צו אַן אַרומנעמענדיקער קריטיק — „כדי די אדונים אַנטיקאַנטיאַ־נער זאָלן זיך דערוויסן, אַז אפילו אַ מאַן, וואָס האָט קיין מאָל נישט געלייענט קאַנטס כתבים און וואָס איז צומאָל נישט מסוגל, זיי צו לייענען, לאַ־כל־שכן צו פאַרשטיין, שטעלט זיך אין זייער שפּיץ, כדי, אַזוי־ווי דוד, עליו השלום, דעם אומגעהיירן גלית, נישט מיט שטיינער, נאָר מיטן כוח פון אַן אַלץ־צערשטויבנטיקן רעזאָנמאַן, פּוסטע זאַגעכצער און מיסטישע ברעקלעך, דעם טיף־דענקנדיקן און שאַרף־זיניקן קאָפּ פונעם קעניגסבערגער פילאָזאָף צו צעשמעטערן".

## ד

ווי מיר זעען, איז עס אַ נעגאַטיווער, ביטולדיקער אָפּשאַץ, וואָס לייענט זיך מיט אַ קאָפּ איראָניע. היינט, ווען מיר ווייסן, וויפל דאָס ספר, וואָס האָט געהאַט אַ פרייען צוטריט צום בית־מדרש, צו דער שטוב, האָט פאַרהאַלפן בעיקר דער שפּעטערער השכלה, מיט נישט ווייניקער איראָניע לייענט זיך היינט, וואָס און ווי־אַזוי ער ברענגט קאַנטן — משמע, ער שטרייכט נישט אונטער, וואָס עס טוען איצט די פאַרשערס, אַז ר' פּינחס אליהו האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז קאַנט, אָפּוואַרפנדיק זיינע פירגייערס, לייבניץ און וואָלף, און זייער פילאָזאָפישן פונדאַ־מענט, און האָט דאָס די ערשטע משכילים אונדזערע דערלאַנגט אַ געגנוג האַרטע נוס צו צעקנאַקן. כדי דאָס צו פאַרשטיין, וועלן מיר פּאַרווייזן אויף אַ דוגמה, טאַקע אין דער זעלבער צייטשריפט („שולמית" יאָר 8, באַנד 1, ז"ז 16—17) — וווּ ד"ר משה פריישטאַדט שרייבט: „ווער עס איז אַ קאָפּ בקי אין דער געשיכטע

פון דער פילאָזאָפיע, קען די תקופה פון לייבניץ און וואָלף, וואָס האָט געהערשט פאַר קאַנט, די תקופה פון בולטסטער דאָגמאַטישקייט, וואָס לויט איר האָט מען לייכט פאַרן קיום פון גאָט און פאַר השארת־הנפש געקאָנט ברענגען מער ווי איין אַפּאָדיקטישע ראיה. ווייל מענדעלזאָן עליו השלום איז געווען אייגער פון די איבערגעגעבנסטע חסידים פונעם וואָלפישן סיסטעם און אַ גרויסער פאַרערער פון מעטאַפיזישן באַוויַיז, האָט ער פאַרמאָגט אַ שטאַרקע זיכערקייט, אַז די עיקר־אמתן פון דער נאַטירלעכער רעליגיע זענען הכרחדיקע זיכערקייטן, ממש ווי מיר האָבן עס אין דער תורה פון די כמותן (זע "פעדאָן" און "מאָרגנשטונדען" וועגן דער עווידענציע), איז פאַר אים געווען נאַטירלעך איבערצופירן דעם דאָזיקן באַוויַיז־אופן אין יהדות אַריין, — אָבער זייט דער אַלץ צעשמעטערנדיקער קאַנט האָט די כביכולדיקע ידיעה פון די דאָגמאַטיקערס באַגרענעצט, ווייסט מען היפּש און געגנוג, אַז דאָס איבער־זינלעכע איז גישט קיין ענין פון אונדזער ידיעה, נאָר אַן ענין פון אונדזער אמונה. די קריטיק פון דער ריינער פאַרנונפט איז אַ וואָ־רעניש אויף אייביק פאַר יעדער ספּעקולאַטיווער טעאָלאָגיע. דערמיט פּייערט די באַשיידענע רעליגיע פונעם גלויבן און פון דער האָפענונג איר גרעסטן נצחון; דערמיט איז געקומען אַ סוף סיי צו ספקנות סיי צו גלאַצעריי, און דאָס אויף אייביק".

דער טאָפּעלער אונטערשטרייך: אויף אייביק, באַווייזט, אַז דער שרייבער, וואָס איז געזעסן אין קעניגסבערג, ווו עס איז אויך געזעסן איציק אייכל, קאַנטס אַ תלמיד און פריינט, פירט נאָך אַ שטילן ויכוח מיט אַ פאַרקאַנטיאַנישער ירושה, וואָס מענדעלזאָנס כתבים האָבן ממילא פאַרטראָגן אין די אַלץ זיך פאַרמערנדיקע השכלה־נעסטן, אין ווו די פילאָזאָפישע יסודות האָבן נאָך אַלץ געפּרוווט שפּילן דעם פּוסק אחרון. איז קלאָר צו פאַרשטיין די קאָנסטערנאַציע, ווען אַ מקובל האָט, אַ צען יאָר נאָך מענדעלזאָנס פּטירה, אַרויסגערופן בשעת ער האָט זיך געשטיצט אויף קאַנטן, פּונקט ווי עס איז לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס פּרץ בער האָט זיין עמפּאַטישן זאָג וועגן קאַנטן געלאָזט פאַרטריקען אין דעם מחבר'ס קעגנערשאַפט צו אַ יעדער עלטערער און נייערער פילאָזאָפיע בכלל. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אומזיסט באַטאָנט ער אויך, וואָס דער מחבר איז אַ טיכאָ־בראַכעאַנער און אַן אַנטי־קאָפּערניקאַנער און פאַרגעסט, אַז אַזוי איז אויך געווען ר' ישראל זאַמאָשטש, פון וועלכן מענדעלזאָן האָט געלערנט מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע.

ה

אָבער די קריטיק פון "ספר הברית", סיי מצד פּרץ בער וכדומה סיי מצד ר' משה קערנער ("אור נוגה", ברעסלע, תקע"ו) האָבן אים נישט געשטערט צו ווערן וואָס ער איז, שלא בכוונת המחבר, געוואָרן, אַ משכיליש ספר, כאָטש אויך רבנים האָבן זיך אויף אים פאַררופן, און אויך דעם ענין וואָלטן אויך פאַרשערס באַדאַרפט נאָכגיין, און איך וועל מיך באַנוגענען מיט צוויי קליינע דוגמות, אַן עלטערע דוגמה — ר' ישראל שלמה זלמן אהרן הכהן, שו"ב אין שערשעוו, ציטירט אין

זיין ספר "אגרת החיים" (געשריבן תקפ"ט, אָבער אַרויס וואַרשע תרע"א) פון דעם "ספר הברית" (ז. 13) און איז זיך סומך אויף אים וועגן היתר צו לערנען קבלה (ז. 31). אַ ייִנגערע דוגמה — ר' אהרן אשר וואַלינעץ, אין זיין ספר "אמרי אהרן על התפילה" (ניו־יאָרק תשי"ג) פאַררופט זיך אויפן "ספר הברית" וועגן דער פאָרם פון דער ערד (ז. 59) און וועגן ברכת הלבנה (ז. 85) נאָך מער, ווען מען האָט שוין היפש געוווּסט, וואָס פאַר אַ ראָל דער "ספר הברית" שפּילט אין די קרייזן פון זיך משכיליזירנדיקע בית־מדרש־בחורלעך, האָט ר' יוסף מאיר יעבּין, וואָס האָט שוין געהאַט פאַרייִדישט משניות, עין יעקב, מדרש רבה וכדומה, אויך פאַרייִדישט אַ "קיצור פון ספר הברית" (וואַרשע 1898 און 1899) און דער ספר האָט זיך איינגעקויפט מפטיר ביי י. ל. פּרץ, וואָס האָט אים אין אַ זעקס־זייטיקער חוזק־קריטיק (אין א. רייזנס "דאָס צוואַנציגסטע יאָרהונדערט" 1900, ז"ז 89—95) אַרונטערגעריסן, פאַר אים, וואָס האָט, זייט די "יום־טוב־בלעטלעך", אַליין געשריבן פּאָפּולאַר־וויסנשאַפט, איז דאָס פאַרעלטערטע מאַטעריאַל געוועזן צו עבר־ובטל, און ער האָט אויסגעקליבן די קאָמישסטע און אומגעלומפּערטסטע דוגמות, דאָס צו אילוסטרירן. כאָטש מסתמא האָט ער געוווּסט, אַז נישט איין לייענער זיינער האָט צו פאַרדאַנקען דער לעקטור פון "ספר הברית" און פאַרוואָס די גרעסטע צאָל פון זיינע אויפלאַגן זענען טאַקע געווען אין וואַרשע.

ו

וואָס שייך דעם אויסשפּרייט פון "ספר הברית", וועלן מיר זיך באַגנוגענען מיט אַ ציטאַט פון א. מ. דיק, וואָס, באַשרייבנדיק די בתי־מדרשים פון די מתנגדים און די קלויזן פון חסידים, ווי מיני קלובן, כדי זיי צו פאַרגלייכן מיט דער גרויסער וועלט, שרייבט: "אונ וואָס איז דיא גרוישע לאטעריא געגין דיא **פלעטונג פון אספר הברית** פון אַגוטין נהורא סידור אונ אָפּטער גאָר פון אַקעז" ("מאַטקע אום הערשקע", ווילנע 1873, ז. 27). אָבער דוכט זיך, אַז קיינער האָט נישט אויפגעשטעלט קיין לעבעדיקערע מצבה דעם "ספר הברית" ווי עס האָט געטאָן **יצחק באַשעוויס**, אין זיינע דערציילונגען, ווו מיר באַגעגענען עס אין כלערליי סיטואַציעס, אַזוי, אַז עס קומט צומאָל פיר, אַז דאָס ספר גופא איז אַן אַקטיווער גורם, אַ האַנדלנדיקער פאַרשוין.

דאָס ווערט קלאָר, אפילו ווען מיר זענען נישט מטריח אַלע דוגמות דערצו, און באַגנוגענען זיך בלויז מיט עטלעכע, כאַראַקטעריסטישע. אַזוי אין אַ דערציי־לונג, מיט אַ בולטען אויטאָביאָגראַפישן סוּוטראַט: "אַזוי ווי קיין שום גוֹיִישע שפּראַך האָב איך נישט געקאָנט, האָב איך געפּרוּווט זוכן וויסן אויף ייִדיש, אויף לשון קודש. אָבער ייִדישע און העברעישע ביכער זענען געווען ביי אונדז טרייף. **כ'האָב געלערנט וויסנשאַפט פון שבילי־עולם פון ספר הברית**. כ'האָב מיך צוגעכאַפּט צום מורה נבוכים און צו דעם כוזרי, כאָטש ס'איז מיר שווער געווען צו פאַרשטיין, וואָס דאָרט איז געשריבן" ("פון דער אַלטער און נייער היים", פאָרווערטס, 1 נאָוועמבער 1963) ; אָדער: "אָט גלויבן דאָך מיליאָנען קריסטן, אַז

יעזוס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים און מיליאָנען מאַכמעדאַנער אַז דער מלאך גבריאל האָט געלערנט מיט מאַכמעד'ן. די כינעזער ווידער גלויבן, אַז קאָנפוצי"ס איז געווען אַ נביא (כ'האָב דאָס געהאַט געלייענט אין **שביעי עולם אַדער ספר הברית**). אויב יענע קענען אויסטראַכטן, אפשר טראַכטן אונדזערע אויך אויס..." (דאָרט, 15 נאָוועמבער 1963); פון אַריינקוקן **אין ספר הברית** און פון נישטערן צווישן דעם פּאַקפּאַפּיר אין זעלדעלעס שפּייז־געוועלב, בין איך געהאַט געקומען צום אויספיר, אַז די גויים, וואָס מיין טאַטע האָט זיי אַזוי צו נישט געמאַכט, האָבן אַ סך וויסנשאַפט און זענען גרויסע חכמים" (דאָרט).

דער דערציילער זאָגט וועגן זיין מאַמען, דער רביצן: "זי איז געווען אַ למדנטע, האָט נייערט אַריינגעקוקט אין אַזוינע ספרים ווי דער חובת הלבבות, דער שבט מוסר, דער לב טוב, און פאַר אַ צולאָג **אין אַזוינע האַלב־משכילישע ספרים** ווי דער **ספר הברית**, דער **שבילי עולם**. זי האָט זיך אפילו צוגעכאַפּט — ווי ווייל זי האָט עס געהאַלטן פאַר אַן עבירה — צום מורה נבוכי הזמן, די שירים פון י. ל. גאָרדאָן, ביאַליק, טשערניכאָווסקי און אפילו ראָמאַנען פון טאָלסטוי, דאָסטאָיעווסקי, קנוט האַמסון ———" ("דער פּאַרטריבענער זון", דאָרט, 21 מאַי 1971). מען זעט באַשיינפּערליך, ווי־אַרום דעם "ספר הברית" איז אַ בריק צווישן גאָר אַלטן און גאָר נייעם, צווישן גאָר היימישן און גאָר פרעמדן.

ז

און אין אַ ראָמאַן, געשריבן בצורת זכרונות פון אַן אַלטן פראַנקיסט און משומד, אַ מין פּערווערסע, וואַקכאַנאַלישע, שאַרלאַטאַנישע, אויטאָביאָגראַפּיע, לייענען מיר: ר' בעריש שטיין, האָט געהאַט אַ ספרים־שטוב און כ'האָב דאָרט געפונען דעם **ספר הברית**, דעם לשון לימודים פון ר' משה חיים לוצאַטו און אַ בוך מיט מאַפּעס און באַשרייבונגען פון לענדער און יאַרידים — אַלץ אין דייטש" ("דער מאַן פון חלומות", פאָרווערטס, 19 סעפּטעמבער 1970) ענלעך: "כ'האָב געלייענט אין **ספר הברית**, אַז אפילו אַזוינע פילאָזאָפן ווי דעקאַרט, לייבניץ, קאַנט האָבן געגלויבט אין גאָט" (דאָרט, 3 אָקטאָבער 1970), אַדער: "נעבן מיר איז געשטאַנען מיין קייבערל מיט זאַכן: עטלעכע העמדער, אַ לייבל, אַ פּאָר גאַטקעס **און דער ספר הברית; מיט דעם דאָזיקן בוך האָב איך מיך נישט געקאָנט שיידן. כמעט מיין גאַנץ וויסן האָב איך געשעפּט דערפון"** (דאָרט, 8 אָקטאָבער 1970). דער דאָזיקער בעל־זכרונות דערציילט וועגן דער פרוי פונעם מיסיאָנער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן זיין שווער: "כ'האָב געעפנט פאַר דער פרוי מיין רענצל. זי האָט געכאַפּט אַ בליק אויף מיינע חפצים און זיך פאַרקרימט. זי האָט אַרויס־גענומען **דאָס ספר הברית** און דאָס ביכל זיך צו לערנען פויליש, און ביידע גע־בלעטערט אַ ווײַלע. **זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ ווי אויף אַן אַלטן אמת**. זי האָט אַ זאָג געטאָן: רעוווערענד, דאָס אייז רירט זיך". (דאָרט, 9 אָקטאָבער 1970); און ווען דאָס אייז האָט זיך ביי אים טאַקע גערירט, אין זינען פונעם מיסיאָנער און זיין ווייב; הייסט עס: "דאָס אַלץ איז געווען פאַר מיר אַזוי ניי, אַ שטייגער

ווי איך וואָלט — ערשט נאָך אָראָפּגעפּאַלן פון **דער לבנה, וואָס וועגן איר ווערט דערמאָנט אין ספר הברית,** אַז ס'זענען אפשר דאָרט פאַראַן מענטשן" (דאָרט, 16 אָקטאָבער 1970).

ווייטער אין אַ ראָמאַן וועגן רעוואָלוציאָנערן אין צאַרישן פּוילן, האָבן מיר פּאַר זיך אַ רב וואָס ראַנגלט זיך מיטן יצר, און דאָס טעכטערל זיינס פרעגט אים כלערליי קשיות: "ר' יעקב מרדכי האָט שוין לאַנג געהאַט ביי זיך אָפּגעמאַכט **נישט אַריינצוקוקן אין ספר הברית,** ווייל ס'ווערן דאָרט דערמאָנט די טענות פון אַלערליי פילאָזאָפן און אפיקורסים, אָבער צוליב בת־שבעס פרעגענישן **פלעגט ער אָפּט מוזן זוכן ענטפערס אין דעם דאָזיקן ספר"** ("בונטאַרן", דאָרט, 13 אַפּריל 1973). ענלעך: "ר' יעקב מרדכי **האָט זיך געהאַט צוגעזאָגט מער נישט אַריינ־צוקוקן אין חקירה־ספרים** און אוודאי נישט אין דער צייט ווען ער האָט אַ שיעור גמרא מיט תוספות און מפורשים, איז ער איצט צוגעגאַנגען צו דער ספרים־שראַנק **און אַרויסגענומען דעם ספר הברית.** ער האָט אויפגעמישט אין מיטן. פריער האָט ער געלייענט אַ זייטל וועגן דעם לופט־באַלאָן, דערנאָך וועגן די ביבערס וואָס בויען דאַמבעס און טייכן, נאָך שפּעטער וועגן דעם פילאָזאָף פון קעניגסבערג, עמנואל קאַנט, וואָס האָט אויפגעוויזן, אַז מיר זען אַלץ דורך די ברילן פון שכל און אַז די זאַך אַזוי־ווי־זי־איז קאָן מען קיין מאָל נישט באַנעמען. אפילו צייט און שטח זענען נישט מער ווי שיידלעך, וואָס דורך זיין זעט דער מוח אַלע ענינים" (דאָרט, 4 מאַי 1973), און שפּעטער, ווען דער דאָזיקער רב פאַרלאָזט דאָס רבנות אין פּיליץ און ווערט אַ מלמד אין וואַרשע: "ער האָט געהאַט געלייענט אַלע טענות פון די אַפּיקורסים אין מורה נבוכים, אין כוזרי, האמונות והדעות, **און שפּעטער אין ספר הברית"** (דאָרט, 2 אויגוסט 1973).

ח

ווי מיר זען, שפּילט דאָ דער ספר אונדזערער אַ שטאַרקע ראָל אין לעבן, אין וועג פון כלערליי טיפּן — צי איז עס אַ יינגל, וואָס כאַפּט זיך אַוועק אין דרויסן אַרויס; צי די מאַמע זיינע, די רביצין, וואָס דער דאָזיקער ספר איז איר אַ מין בריק צווישן מוסר־ספרים און מאָדערנע ביכער; צי אַן אויסגעלענקטער, וואָס איז לחלוטין אַרויס פון דער שיטה און פאַרענדיקט מיט שמד, אויך ער האָט אָנגעהויבן מיט דעם דאָזיקן ספר ווי דעם ערשטן מורה דרך; צי אַ רב, וואָס איז אַן אמתער גיבור במלחמתה של תורה, וואָס מיט איר כוח באַוועלטיקט ער דעם יצר זיינעם, רייצט און מיטיגירט זיינע ספקות אין דעם דאָזיקן בוך, וואָס איז שוין אַלט און פאַרערלטערט, אָבער נאָך אַלץ יונג אויפן שטח פון עטלעכע דורות, וואָס האָבן זיך געראַנגלט צווישן אונטערגייענדיקער אמונה און אויפ־גייענדיקער כפירה.

אַוודאי נישט דאָס האָט ר' פּינחס אליהו געוואָלט און געמיינט, אָבער, עס לאָזט זיך זאָגן: הכל תלוי במזל, אפילו ספר הברית.

ירושלים, אלול תשל"ד

**ד. ספאַרד**

.1

# וועגן "ערב" פון עלי שעכטמאַן

שעפערישקייט מיינט אומאויפהערלעכע באַנייונג, אָבער באַנייונג מיינט נישט אָנהייבן פון דאָס ניי. עס מיינט בלויז אַנטוויקלונג דורך אָנוווקס פון נייע שיכטן אויף אַלטע, ווי ביי שטאַמען פון ביימער, וועלכע ציען זיך אַזוי אַרום אין דער הויך, צעוואַקסנדיק זיך גלייכצייטיק אין דער ברייט מיט נייע יונגע צווייגן.

דער גרונט־כאַראַקטער פון אַ קינסטלער און פון זיין אייגנאַרטיקן נוסח אַנט־פּלעקט זיך שוין אין זיינע ערשטע שאַפונגען. ווייטערדיקע אַנטוויקלונג אין פאַרנעם און אין קוואַליטעט איז אָפּהענגיק פון דער קראַפט פון טאַלאַנט און פון דער גרייס פון דער שעפערישער פערזענלעכקייט.

עלי שעכטמאַנס ערשט ביכל "אָפּן שיידוועג", וואָס אַנטהאַלט 7 נאָוועלן, איז אָנגעשריבן אין יאָר 1928 און אַרויסגעגעבן אין יאָר 1930 אין אוקראַיִנישן מלוכה־פאַרלאַג אין כאַרקאָוו. דאָס זענען געווען יענע יאָרן, ווען דער אכזריות־דיקער טיראַן און מאַסן־מערדער סטאַלין איז שוין געהאַט געזעסן פעסט אין זאָטל און עס זענען פאַרגעקומען איבערן גאַנצן לאַנד מאַסן־אַרעסטן און מאַסן־רציחות אָן איבערקלייב. די קינסטלער פון פאַרשידענע זשאַנערן האָבן זיך דעמלט, וואָס אַן אמת, נאָך געהאַט דערלויבט אויף באַשטימטע פרייקייטן פון אויסדרוק, אָבער די שוואַרצע פליגל פון פחד האָבן שוין געפאָכעט איבער דער גאַנצער וויסנשאַפט און קונסט פון דער סאָוועטישער אימפּעריע מיט שווערער דראָונג.

דעריבער, מיין איך, זענען די קינסטלערישע און כאַראַקטער־שטריכן, וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט אין שעכטמאַנס ערשטיקער ליטעראַרישער טעטיקייט אין יענע יאָרן, וועזנטלעך פאַר זיין שרייבערישן טאַלאַנט און פערזענלעכקייט און געהערן צום יסוד פון זיין שעפערישן מהות.

דאָס איז קודם־כל — דער אמת און די דרייסטקייט, מיט וועלכע עלי שעכטמאַן שילדערט זיינע העלדן, זייערע מחשבות און מעשים. די יידן פון "אָפּן שיידוועג" טרעטן אַרויס אָפּן אין פאַרטיידיקונג פון זייער יידישער און מענטשלעכער ווירדע, פון זייער לעבנסשטייגער און גלויבן. די רעוואָלוציע פאַרט נישט אַריין אין שעכטמאַנס שטעטל, ווי אַ קאַטש אויף אַן אַספאַלט־שאָסיי, נאָר שלעפּט זיך שווער איבער אַ פעלדזיק־האַרטן צעקאָפּעטן באַרג און טרעפט דאָרט אָן אויף

יידן, ביי וועלכע "די ברעמען הענגען ווי כמאַרעס". די אַזוי גערופענע "פּראָדוק־טיוויזאַציע פון די יידישע מאַסן" איז ביי עלי שעכטמאַן נישט צוגעפּוצט מיט שיינע רעוואָלוציאָנערע פראַזן, נאָר באַוויזן אין איר גאַנצן דראַמאַטישן און אפילו טראַגישן תוך. דער צער פון אונטערגייענדיקן און אויסגייענדיקן יידישן שטעטל, אין פיזישער און גייסטיקער הינזיכט, ווערט געשילדערט מיט דער איבערצייגנדי־קער קראַפט פון אַ טיפער קינסטלערישער איבערלעבונג, פאַרקערפּערט אין לעבע־דיקע קרעפטיקע געשטאַלטן.

אַט ווי עס זעט אויס דאָס שטעטל פון יענע צייטן ביי עלי שעכטמאַן:

"אַ זוניקער טאָג, שטעטלשע פענצטער זענען אָפן: יעדע שטוב שלינגט איין אַ חלק שיין, אויף יעדן פאַרזשאַווערטן פּלויט שטעקט אַ שטיקל זון. איז אין שטעטל שטיל, יידן זיצן אויף די גאַנעקעס, קרעכצן אויפן טאָג;

— געוועזן אַ צייט, האַ?" ("אָפן שיידוועג" ז' 8).

אָדער:

"זיצן יידן אויפן גאַנעק און זשמורען די אויגן צו דער זון, ווי זיי וואָלטן ביי דער זון געפרעגט:

— האָסטו זיך אויף אַזעלכעס געריכט?" (ד. ז. 14).

אַ טאַטע אַ פון קאָמיוגיסט, אַ געוועזענער באַלעבאַטישער ייד, רופט אויס בפרהסיה:

— "ברענען זאָל די סאָוועצקע וולאַסט... נו, זאָל ער (דער זון, הייסט עס ד. ס.) מיך גיין מסרן!"...

אָבער דער זון אַליין איז פול מיט אינערלעכע ספקות און בונט, ער חלומט אפילו צו באַגיין זעלבסטמאָרד, נאָר ער שטרענגט זיך אָן דורכצודויערן "די שלעכטע צייט". נאָר ס'איז נישט בלויז אַ פראַגע פון אַ שלעכטער צייט, די מאָראַלישע פאַרקריפּלונג און ביוראָקראַטישע דעגענערירונג רירן אָן יסודותדיקע ענינים. ער טראַכט:

"אַ כמורע פנים ביי זיין טאַטן, אונטער די אויגן שוואַרצע וויי־רינגען, זיין אַמאָל באַריידעוודיקער טאַטע שווייגט, נאָר דאָס פנים זיינס מיניעט זיך. אָפט שאָקלט ער מיטן גרויען קאָפּ, בייסט דעם שפּיץ פון דער ווייסער לבנה־באָרד, די אויגן האַלט ער צוגעזשמורעט און אַ טרער קאָן מען ביים אים כסדר טרעפן הענגען אויף דער וויע. ציטערט זי די וויע, ווי זי וואָלט זאָגן: אַט דאָס איז אים פון אַלצדינג פאַרבליבן...".

"איציקן קלעמט מיט ווייט, מיט שווערן וויי קלעמט אים פאַר זיין אַלטן טאַטן ——— אָפט נעמען אים אַרום אַזוינע געפילן, פאַרנעפּלטע, שוואַרצע, וואָס מען זעט נישט קיין אויסוועג, מען זעט נאָר איין אויסוועג, וואָס פירט צו אַ שוואַרצן טאָל" ——— "און וואָס איז שולדיק די שוועסטער, אַז אַמאָל, שוין אַזוי ווייט, האָט פאַרפירט דער וועג פון דאָרטן, ווו זיין טאַטע איז אַ שטיקל בגיד געוועזן... טראָגט זי נאָך ביז היינט אַ שווערן חטא פאַר איר טאַטנס זינד ——— זי האָט פאַר זיך איין סטעזשקעלע, וואָס פירט זי מיטן טאַטן צו איין טאָל" (ד. ז. 150).

און נישט בלויז די שטעטלדיקע יידן זענען דורכגענומען פון יאוש, נאָר די גאַנצע נאַטור אַרום:

"די נאַכט דרייט זיך אַרום איבערן שטעטל, כאַטש קלאַפּ זיך מיטן קאָפּ אין וואַנט, וואָס־זשע דען זאָל זי טאָן, די נאַכט, פון אומעט? ——— דער צעקאָ־ליעטשעטער באַרג שטייט מיט זיינע וווּנדן שטיל: פאַר וועמען זאָל ער זיך קלאָגן?" (ד. ז. 15).

בכלל באַציט זיך שעכטמאַן צו דער נאַטור ווי צו אַ לעבעדיק און פילנדיק וועזן. זיינע נאַטור־שילדערונגען זענען שטענדיק אַנימיזירטע, צאַרטע און דורכ־גענומען פון אַן עכטער פּאָעטישער שטימונג:

"די זון גייט אויף אַ פאַרבלוטיקטע, גרויס און רויט, ווי עמעצער האָט זי אָפּגעגאָסן מיט קאַרשן־סאָק" (ד. ז. 16).

— "דער זומערדיקער פאַרנאַכט בלאָנדזשעט איבערן שטעטל אין אַ סיווער שאָל, דרייט זיך אַרום אונטער דעם קלוב־פענצטער" (ד. ז. 77).

"דורך דעם וואַלד־שליאַך קומט אָן די נאַכט, אַ שוואַרצע, אַ מילדע, ווי אַ ציגיינערין — ערגעץ פון דער ווייטנס שלעפּט זי זיך, קומט זי, די נאַכט, און רוט דאָ אין סאָסנע־וואַלד" (ד. ז. 84).

"די פערד מאַלן מיט פערדישע ציינער דעם געשמאַקן זאַפטיקן גראָז, ביי יעדן ביס טוט די ערד אַ קרעכץ" (ד. ז. 86).

אָט די אַלע אייגנשאַפטן: די דרייסטקייט פון שילדערן אין יענע צייטן די העלדן, ווי זיי האָבן געפילט, געטראַכט און געלעבט אין דער אמתן, און נישט ווי דאָס האָט באַדאַרפט אויסזען לויטן דעמלטיקן רעצעפּט;

די נאַטירלעכע, פאַלקסטימלעכע און פּאָעטישע בילדלעכקייט אין פאַרשטעלן די פאַרשידענע סיטואַציעס; די זאַפטיקע שפּראַך; די נאַענטקייט און טיפע פאַר־שטענדעניש פאַר דער נאַטור — זיי אַלע זענען בולט אויפגעטרעטן שוין אין די ערשטע שאַפונגען פון עלי שעכטמאַן.

דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער ווירדע און ווידערשטאַנד קעגן יעדער מענטש־לעכער עוולה איז שוין אין זיינע ערשטע שאַפונגען נישט עפּעס קיין אַבסטראַקטע אידעישע איינשטעלונג, צוגעטשעפּעט פון דרויסן. עס קומט פון דעם לעבעדיקן נאַטירלעכן און בויטוועדיקן גאַנג פון די געשעענישן און פון דער לעבעדיקער, נאַטירלעכער האַנדלונג פון די געשטאַלטן.

פון זיי שטראָמט אין די שפּעטערדיקע שאַפונגען פון עלי שעכטמאַן, באַ־זונדערס אין "ערב", די יידישע גייסטיקייט, נאַציאָנאַלע קשי־עורפדיקייט און אוי־טענטישע יידישקייט, ווי פון אַ קוואַל, וועלכן מען האָט געפּרווט מיט אַלע מיטלען און מעטאָדן צו פאַרשיטן, כדי אויף אים צו פאַרפלאַנצן פרעמדע פאַר זיין נאַטור געוויקסן, און ער רייסט דורך אָן אויפהער אַלע אָנשיטן מיט זיינע לויטערע מים־חיים. עס איז ביי שעכטמאַנס העלדן אַ נאַטירלעכער זיווג צווישן זייער פאַרוואָרצלטקייט מכמה דורות אין דער פּאָלעסיער ערד, פון איין זייט, און דער אַלטער טראַדיציאָנאַלער יידישקייט, פון דער צווייטער, און זיי ברענגען צום

אויסדרוק די דאָזיקע צוגעבונדנקייט צו ביידע טראַדיציעס אין געוואָגטע עקשנות־דיקער ווערטער און האַנדלונגען, וועלכע זענען דורכגעדרונגען מיט יידישער און מענטשלעכער ווירדע, שטאַרקן ווילן און אומדערשראָקנקייט. דאָס איז בשותפות־דיק כמעט פאַר אַלע העלדן פון עלי שעכטמאַן, ביי דער גאַנצער דיפערענצירטקייט און אפילו קעגנזעצלעכקייט פון זייערע כאַראַקטערן, פאַראינטערעסירונגען, אופנים פון רעאַגירן אד"ג.

אָבער באַזונדער כאַראַקטעריסטיש איז דאָס פאַר די באַיאַרס, דעם צעוואַק־סענעם יידישן שבט פון די פּאָלעסיער וועלדער. וועגן דעם דריקט זיך אויס איינער פון די באַיאַרס, עקיבא, אויף אַזאַ אופן:

— "מיר דוכט, רב יצחק, אַז די תורה ביים באַרג סיני האָבן געגומען די באַיאַרס... דאָס האָבן זיי זיך נישט דערשראָקן פאַר די דונערן און בליצן, פאַר דעם שוואַרצן וואָלקן, וואָס איז געשטאַנען איבערן באַרג סיני, זיי האָבן זיך נישט דערשראָקן פאַר דעם שטאַרקן קול פון שופר... איר ווייסט דאָך, רב יצחק, ווען גאָט ברוך־הוא האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון הימל אין דעם פלאָם־פייער און דער גאַנצער באַרג האָט געגומען ציטערן, זענען זיך אַלע צעלאָפן... נאָר די באַיאַרס, זענען געבליבן שטיין. און דאָ האָט זיך צווישן זיי געפונען איינער, וואָס איז דערנאָך באַרימט געוואָרן אויף גאָר דער וועלט, דאָס איז דער גרויסער באַיאַר משה רבנו, דאָס האָט ער זיך אויפגעהויבן צו גאָט אויפן באַרג סיני...".

און ווירקלעך, אַלע באַיאַרס — גבריאל, דער גביר און גבר פון דער משפחה מיטן גרויסן צעוואָקסענעם הויזגעזינד;

זיין ברודער יצחק, דער פרומער דענקענדיקער ייד, וואָס "דער רוקן איז ביי אים איינגעבויגן, ווייל ער ריכט זיך תמיד אויף אַן אומגעריכטן קלאַפּ און ער האַלט דעם קאָפּ פאַרבייגט צום אונטערגעהויבענעם אַקסל, דעם האַריקן אויער אָנגעשטעלט, די אויגן פאַרמאַכט, ווייל ער הערט זיך תמיד צו, צי דאָס אומגליק גייט נאָך נישט;

די גוטע און קלוגע מומע ליבע, וועלכע איז פול מיט ליבשאַפט, מיט גוטס־קייט, חסד און האָט פאַר יעדער געלעגנהייט אַ פּאַסיק פאָלקס־ווערטל, אָדער טרייסט־וואָרט;

דאָס גלייכן דער יונגער דור פון די באַיאַרס — דניאל, איווע, שפרה און אַנדערע — זיי אַלע פאַרמאָגן אין זיך די דאָזיקע שטאָלצע עקשנות, וועלכע קומט צום אויסדרוק אין אַ ספּעציפישער מינע אויפן פּנים, ווי ביי יצחק באַיאַר, וואָס זאָגט: "אומזיסט די טרחה, מיך ברעכט מען נישט!".

נישט אַלע באַיאַרס זענען געשילדערט דורך דעם מחבר אַזוי מייסטעריש פּרעציז און פאַרענדיקט אויסערלעך און אינערלעך מיט זייער לשון און תנועה, מיט זייער אופן פון טראַכטן און האַנדלען, ווי גבריאל, יצחק, ליבע, איווע, דניאל, יעקב. אייניקע זענען געצייכנט בצמצומדיק מיט געציילטע כאַראַקטעריסטישע שטריכן, וועלכע שאַפן זייער אייגנאַרטיק קלסתר־פּנים. אָבער אַלע באַיאַרס

צוזאַמען שטעלן פֿאַר מיט זיך דעם קערן פֿון ווערק, די אַקס, אַרום וועלכער עס דרייען זיך אַלע פּאַסירונגען און אַנדערע געשטאַלטן. אויך די לאַנדעס — איוועס מאַן, דער דיין נתן לאַנדע, זיין זון דער עילוי, וועלכער באַגייט זעלבסטמאָרד — דאָס גלייכן דער ד״ר רמז, דער פּראָפעסאָר אפרת, ליבעס טאָכטער שפרה, גבריאלס שוואָגער אַבּושל און אַ גאַנצע ריי אַנדערע — אויך זיי זענען אויס־געצייכנט אינדיווידואַליזירט, פֿאַרשטעלנדיק גלייכצייטיק באַשטימטע סביבות פֿון טראַדיציאָנעלע יידן, פֿון יידישער אינטעליגענץ, אָדער רעוואָלוציאָנערער יוגנט אין יענער צייט. אָבער דער שבט פֿון די באַיאַרס איז דער טרעגער פֿון דער מהותדיקער אידייע פֿון דעם ווערק, וועלכע, ווי שוין געזאָגט, קומט נישט מל־כתחילה צו קערעווען מיט די העלדן און זייערע מעשים, נאָר פֿאַרקערט, איז אַ פּועל־יוצא פֿון זייערע מעשים, פֿון זייער דרייסטער און ווירדיקער באַציונג צו אַלץ, וואָס איז יידיש און וואָס איז מענטשלעך, פֿון זייער עקשנותדיקן געראַנגל פֿאַר זייער גייסטיקער און נאַציאָנאַלער אידענטיטעט, פֿאַר זייער אויסדויער און דורכדויער, נישט געקוקט אויף אַלע באַליידיקונגען, בלבולים, רדיפֿות און רציחות. די דאָזיקע אידייע וואַקסט אָן און אַנטוויקלט זיך בהדרגהדיק, אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג און פֿאַרטיפֿונג פֿון די געשטאַלטן אין פּראָצעס פֿון זייערע פּער־זענלעכע טראַגישע דערפֿאַרונגען, געשילדערטע ס׳רוב מיט מייסטערישער פּשטות און עכטקייט, ווי אויך, אַ דאַנק דעם בולט געצייכנטן געשיכטלעכן פֿאָן, אויף וועלכן דער יידישער גורל ווערט געטראָגן ווי אַ שיפֿל אָן אַ רודער, לויט דער זעונג פֿון דניאלן.

שוין ביים סאַמע אָנהייב, שלעפּנדיק זיך אויף זיינע קוליעס אַהיים נאָך דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה, טרעפֿט זיך אָן אַברהם באַיאַר אויף זיין געהרגעטער שוועסטער רחל, בעת אַ פּאָגראָם אין איר שטעטל. דאָס איז די ערשטע ״באַלוינונג״ דעם פֿאַרוווּנדעטן יידישן זעלנער פֿון זיין פֿאָטערלאַנד פֿאַר זיין פֿאַרגאָסן בלוט. שפּעטער קומען נאָך אַזוינע ״באַלוינונגען״ אין דער פֿאָרם פֿון בלבולים, אַרויס־שיקונגען, רציחות. אַזאַ סצענע, ווי די רעוויזיע ביי יצחק באַיאַר אין טאָג פֿון שבת איז נישט בלויז מיט איר קינסטלערישער שילדערונג אויפֿטרייסלנדיק, נאָר אויך מיט איר טיפֿן סימבאָלישן זין וועגן דעם טראַגישן גורל פֿון יידישן פֿאָלק, וואָס איז זיך אייביק מקריב פֿאַר אַנדערע און באַקומט גלייך זיין ״שכר״ אין דערנידעריקונגען און קלעפּ. מיט אָן ענלעכער קינסטלערישער קראַפֿט גיט שעכט־מאַן דאָס בילד פֿון פּאָגראָם בעת דער פֿייערונג ביי דעם פּראָפעסאָר אפרת און פֿיל, פֿיל אַנדערע.

פּאַמעלעך און איבערצייגנדיק וואַקסט אָן אין די געשטאַלטן די נאַציאָנאַלע זעלבסט־דערקענטעניש, דער געשיכטלעכער באַוווּסטזיין פֿון זייער יידישן גורל און אויך דאָס געפֿיל פֿון ווידערשטאַנד און פּראָטעסט. יצחק באַיאַר, רמז, דניאל, עקיבא איוועס א. אַ. זענען קאָנקרעטע און לעבעדיקע פֿאַרקערפּערונגען פֿון ערשטן. גבריאל באַיאַר, כיירוס, עקיבא — פֿון צווייטן.ביידע מאָמענטן שאַפֿן אין דעם ווערק אָן אַטמאָספֿער פֿון נאָבעלן הומאַניזם און ראָמאַנטישער דערהויבונג, וועלכע

קומען אויף נאָך בולטער אַדאַנק די פּיל פּאָעטישע בילדער, פאַרגלייכן און מע־טאַפאָרן, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט עכטקייט און פאָלקסטימלעכקייט.

עלי שעכטמאַן איז אין "ערב" נישט בלויז קיין אָביעקטיווער שילדערער. ער שטייט טאַקע מן הצד, איבערלאָזנדיק זיינע העלדן די פרייהייט צו האַנדלען אַבסאָלוט אין הסכם מיט זייער ווילן און כאַראַקטער, אָבער ער פּיבערט מיט מיט זייער יעדער איבערלעבונג און באַטייליקט זיך געדאַנקלעך און עמאָציאָנעל אין אַלע אויפגעהויבענע דורך זיי פּראָבלעמען — צי דאָס זענען וועגן קיום־האומה פון יצחק באַיאַר, צי רעליגיעזע פון נתן לאַנדע, צי אַלגעמיין־מענטשלעכע פון זיין זון אבנר לאַנדע, צי סאָציאַלע פון כיירוסן און עקיבאַ׳ן, צי קינסטלערישע פון דניאלן.

די דאָזיקע אַלע פּראָבלעמען קומען אויף אין דעם ווערק נישט אין דער פאָרם פון אַבסטראַקטע חקירות, נאָר וואַקסן אַרויס פון טיפע פערזענלעכע איבער־לעבונגען פון די העלדן און זענען מיט זיי באַהאַפטן ווי די כוואַליע מיט איר באַוועגונג, ווי די שיין מיט איר גליאיקן חומר, און דעריבער זענען זיי אָנגע־לאָדן מיט אַ הייסן אָטעם, און דעריבער אויך שפּאַנען זיי אַריבער דעם שטח פון בלויזן רשות־היחיד און פאַרוואַנדלען זיך אין פּראָבלעמען פון זייער צייט און נישט נאָר פון זייער צייט. דער אינערלעכער ויכוח צווישן יצחק באַיאַר און זיין טאָכטער כיירוס, וועגן די יידישע אַלטע מעטאָדן צו ראַטעווען די מענטשן און די נייע, רעוואָלוציאָנערע, ווי אויך וועגן דעם, צי מען דאַרף נישט צומאָל פריער פאַר אַלעמען זאָרגן וועגן דעם אייגענעם פאָלק, איידער מען גייט באַזאָרגן די וועלט; דאָס פּראָבלעם פון אבנר לאַנדע, וואָס "אין דער היים איז קיין וועלט נישטאָ און אויף דער וועלט איז קיין היים נישטאָ", צוליב וועלכן ער באַגייט זעלבסטמאָרד; דער פאַנאַטיזם פון אַבושלען, געשילדערט מיט אַזאַ קראַפט, אַז ער וואַקסט אויס צו אַ מאָראַלישן קאָנפליקט; די רציחה פון היימישע פּויערים איבער גבריאלס זון און קרוב; דניאלס מאָלערישע שוועריקייטן צו געבן דורך אַ יחיד דעם גורל פון אַ דור — זיי אַלע האָבן נישט אויפגעהערט צו זיין אַקטועל, און די ליטעראַטור, וואָס ברענגט זיי אַרויס פאַרקערפּערטע אין לעבע־דיקע מענטשן איז אין שטאַנד אונדז צו באַווירקן אויפצונעמען זיי אַלע מאָל פון ס׳ניי און איבערלעבן אַלע מאָל פון ס׳ניי.

און אַזאַ ליטעראַטור איז "ערב" פון עלי שעכטמאַן. עס גייט אויף פון דעם ווערק יענער אמת, וועלכער רודערט אויף דאָס געמיט, צווינגט זיך צו פאַרטראַכטן, זאָגט עדות וועגן דער קינסטלערישער, מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער אחריות פון מחבר פאַר דעם לייענער, פאַר זיך אַליין און אפילו פאַר דער אַרומיקער נאַטור, וועלכע ער שילדערט נישט נאָר מיט ליבשאַפט און טיפער פאַרשטענדעניש, נאָר אויך מיט אַ מין דרך־ארץ און אָפּשיי, ווי עפּעס גראַנדיעזס, געהיימניספולס, וואָס געפינט זיך אין צושטאַנד פון אייביקער באַוועגונג און באַנייונג.

אַ פּאָרביישפּילן, מיט וועלכע דאָס בוך הייבט זיך אָן:

״איבערן ערב־ווינטערדיקן וואַלד, פון ערגעץ דאָרטן, פון די הויך־ווייטע, קאַלט־פרעמדע, נאָר זייער רייך־אויסגעשטערנטע הימלען, שווימט מיט אַ מאָל אַרויס פון איינער פון יענע גרין־באַזילבערטע סאַזשעלקעס אַ גרויסע, כמעט אַ קיילעכדיקע לבנה ——— די פינקלדיק נאַסע לבנה ציטערט אויפן ווינט... פאַלן אויף דער ערד לענגלעכע רויטע טראָפּנס ——— דער ווינט טראָגט פון ערגעץ דורך פאַרביי אַ פאַרגעסן־פאַרוואַלגערטן ריח פון אַ זוניק־איבערגעבּרענטן בלאַט. פון דער ערד שמעקט שוין מיט שניי״ (ז. 7).

אָדער אַזעלכע נאַטור־שילדערונגען:

——— ״נאָכן זון־זעצן־זיך שעמערירן אויפן מערב ווייס־זילבערנע שיינען. דער וואַלד־מענטש ווייסט: ס׳איז אָן אַנזאָג אויף אַ פראָסט. די שטאַרקע ווינטן ביי נאַכט רייסן אַרויס שטערן פון הימל. אַזעלכע ווינטן קאָנען אָנטראָגן אַ שניי־געוויטער״ (ז. 15).

——— ״די שטערן לעשן זיך, פון דער לבנה גייט ניט קיין ליכט, נאָר אַ באַזילבערטע גרויקייט. ס׳טאָגט. דער קאַלטער ווינט שטאַרקט זיך, קריכט אין די ביינער אַריין — ניט ווייט צו זון־אויפגאַנג. די מיט שוים־באַדעקטע פערד שפּאַנען שווער״ (ז. 15).

וואָס פאַר אַ שפּאַרזאַמקייט פון וואָרט, וואָס פאַר אַ בולטקייט, ממש דורכ־זיכטיקייט פון בילד! און גלייכצייטיק אַזאַ פייערלעכע, פּאַטעטישע אַטמאָספער, אַזאַ לירישע פּערספּעקטיוו אין אונטערטעקסט.

שילדערונגען — געפּרעסטע, פּלאַסטישע און קלאָרע אין זייער פאָרם און פילבאַדייטנדיקע, פאַרטיפטע אין זייער אינהאַלט — קאָן מען ברענגען זייער פיל — סיי וועגן דער נאַטור, סיי וועגן פאַרשידנאַרטיקע געשעענישן און דערשיינונגען און סיי וועגן אַ גאַנצער ריי געשטאַלטן. נאָר מערקווירדיק איז דאָס, וואָס די אַלע שילדערונגען זענען באַהאָפטן צווישן זיך דורך אַ הייסן גייסט, וועלכער זוכט דעם אמת און דעם זין פון דורות, פון זייער מוט און פיין, און אויך דעם פאַדעם, וואָס פאַרבינדט זיי צוזאַמען.

עלי שעכטמאַן ווייזט אַרויס אַ ספּעציעלע פאַרליבטקייט אין די באַיאַרס און, אָנהייבנדיק פון זייערע אורזיידעס ביז די אוראייניקלעך, הייבט ער אַרויס זייער מענטשלעכע און יידישע ווירדיקייט. יעדער באַיאַר כמעט איז זיך אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן שטאַרק, ערלעך און שטאָלץ. נישט נאָר די גוטע און קלוגע מומע ליבע, נאָר כמעט אַלע באַיאַרן רעדן מיט אַ שפּראַך, וועלכע איז אָנגע־זעטיקט מיט פאָלקס־חכמה און פאָלקס־ווערטלעך, האַלטן טריי די טראַדיציע פון זייער שטאַם און ווייזן אַרויס אין יעדער עת־צרה אַ טיפע אחדות צווישן זיך.

אָפּגעריסן פון דעם גייסט פון ווערק אַלס גאַנצעס, וואָלט מען דאָס געקאָנט באַטראַכטן פאַר אַ געוויסע איינזייטיקייט, און במילא ווי אַ פּגם אין דער קינסט־לערישער אָביעקטיווקייט. אָבער אין פאַרבינדונג מיט די ברייטע עפּישע שיל־דערונגען און זייער נאַטירלעכע און פּשוטע בילדלעכקייט, ווי אויך מיט דער

פּרעציז־כאַראַקטעריסטישער געשטאַלטיקונג פון די העלדן, איז די ספּעציפישע פאַרהערלעכונג פון דעם באַיאַרן־שטאַם און אַרויסהייבן ביי אים די ספּעציפישע אויבנדערמאָנטע אייגנשאַפטן בלויז אָן אויסדרוק פון יענער ראָמאַנטישקייט, מיט וועלכער עס איז דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע ווערק און וועלכע קומט פון אַ טיפער בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער, מענטשלעכער און פּערזענלעכער פרייהייט, כדי צו קאָנען געבן דעם לעבן אַ פולן און אויטענטישן אויסדרוק.

נאָבלקייט און פּאָלקסטימלעכקייט זענען פון די וועזנטלעכסטע סימנים פון יעדער ראָמאַנטיק. אין די פיר ביז איצט אַרויסגעגעבענע טיילן פון "ערב" זענען די מוסטערהאַפטע שילדערונגען און געמעלן אויף אָן אייגנאַרטיקן אופן אָרגאַניש באַהאַפטן מיט אַזאַ נאָבעלער און פּאָלקסטימלעכער ראָמאַנטיק און עכטער פּאָע־טישער בילדלעכקייט, שאַפנדיק אָן איינציקאַרטיקע נאַציאָנאַלע ראָמאַנטישע עפּאָפּייע, וועלכע פאַרדינט שוין — אָן דעם ווייטערדיקן המשך, איבער וועלכן דער מחבר אַרבעט — צו פאַרנעמען איינס פון די חשובסטע ערטער אין אויבנאָן פון דער יידישער ליטעראַטור.

2.

# באַמערקונגען צום בוך ״וואָלינער יידן״ פון ל. אָליצקי

ל. אָליצקי איז איינער פון די ווייניקע שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס שאַפט כמעט אין אַלע זשאַנערן. ער שרייבט משלים און לידער, ראָמאַנען און נאָוועלן, און ער האָט אויך פיל איבערגעזעצט פּראָזע און פּאָעזיע פון דער העברעישער, רוסישער און פּוילישער ליטעראַטור. ער איז אויך איינער פון די ווייניקע אין דער יידישער ליטעראַטור, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט אַזאַ אַרבעטסזאַמקייט און פרוכטבאַרקייט. אין משך פון די בערך פינף צענדליק יאָר פון זיין שאַפן (ביז 120!) האָט ער שוין אָנגעזאַמלט אַ גרויס קינסטלעריש פאַרמעג. דאָס יידישע לעבן פאַר דער דאָזיקער טראַגיש־רייכער תקופה האָט אין אָליצקיס שאַפן געפונען אַ פּילזייטיקע אָפּשפּיגלונג, אַרומנעמענדיק פאַרשידענע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפט אַמאָל און הייַנט און פאַרשידענע פּאַסירונגען און איבערלעבונגען אינערהאַלב די דאָזיקע שיכטן.

די גרונטשטריכן פון ל. אָליצקיס פּראָזע האָבן זיך אָנגעצייכנט שוין אין זיין ערשטער גרעסטער דערציילונג ״אין אַ אָקופּירט שטעטל״, אַרויסגעגעבן אין יאָר 1924.

דאָס זענען קודם־כל: די ניכטערע אָבסערוואַציע־פעיקייט, די קאָנקרעטע שילדערונג פון די געשטאַלטן, דער סאַטיריש־איראָנישער סטיל און די בילדעריש־אָנגעזעטיקטע און גלייכצייטיק פאָלקסטימלעך רייכע שפּראַך. די דאָזיקע גרונטשטריכן האָבן זיך מיט דער צייט פאַרטיפט, אויפקומענדיק אין די שפּעטערדיקע ווערק, ווי אין ״שיין פון פלאַמען״, ״געראַנגל״, ״דורך טויט צום לעבן״, ״הונט־מאַן״, ״דאַדיע קאָוואַל״, ״אָפּקלייב״, ״מענטשן אין קלעם״ און פיל אַנדערע אין מער פּאָלקאָמע פאָרמען. ביז גאָר בולט קומען זיי צום אויסדרוק אין די ״וואָלינער יידן״, שאַפנדיק צוזאַמען פאַרענדיקטע געשטאַלטן און כאַראַקטעריסטישע סיטואַציעס און פּאַסירונגען.

דער סטימול צו שרייבן דאָס דאָזיקע בוך איז אָן שום ספק געווען אַ טיף־עמאָציענעלער — שטעלן אַ קינסטלערישע מצבה די אַזוי טראַגיש־פאַרשוווּנדענע וואָלינער יידן. אָבער דער פאַרווירקלעכער פון דעם סטימול איז נישט סתם קיין סענטימענטאַלער בעל־זכרונות, וואָס זיין שרייבן איז באַהערשט אויסשליסלעך

דורך געפיל, ווי שטאַרק און ווייטיקלעך עס זאָל ניט זיין. ביי דעם עכטן שרייבער איז דאָס געפיל אונטערגעאָרדנט דעם קינסטלערישן אמת, וועלכער שאַפט אַ דיסטאַנץ צווישן דעם מחבר און זיינע העלדן, וואָס קאָן אויך זיין אויס־געפילט מיט אַ קריטיש־סאַטירישער, אָדער איראָנישער אַטמאָספער, ניט געקוקט אויף דעם טראַגישן גורל פון די העלדן, צי אויף דער עמאָציאָנעלער באַציונג פון מחבר צו זיי. דער פּראָזאַיקער דאַרף קאָנען זיין אכזריותדיק צו זיינע גע־שטאַלטן, אויב ער וויל דערגרייכן דעם אָביעקטיוון קינסטלערישן אמת, פּונקט ווי אַ דיכטער דאַרף קאָנען זיין אכזריותדיק לגבי זיך, אויב ער וויל דערגרייכן דעם סוביעקטיוון קינסטלערישן אמת.

און ווירקלעך, ל. אַליצקי האָט אין דעם בוך "וואָלינער יידן", אין וועלכן ער ברענגט אַרויס צענדליקער גוט דיפערענצירטע, פאַרשידנאַרטיקע געשטאַלטן, באַוויזן גובר צו זיין די פּערזענלעכע עמאָציאָנעלע באַציונג צו זיי, וועלכע האָט אים סטימולירט צו שרייבן דאָס בוך, און ער האָט זיי געגעבן סיי אויסערלעך, סיי אינערלעך אַלזייטיק אָביעקטיוו, אין אַלע זייערע אויסמעסטונגען און מיט אַלע זייערע תנועות, מחשבות און מעשים, אַזוי, אַז יעדע געשטאַלט לעבט מיט איר באַזונדער זעלבשטענדיק לעבן.

ס'איז ניט שייך אָנצורופן ביים נאָמען די, אָדער יענע געשטאַלט. אַלע כמעט זענען אַזוי לעבעדיק און בולט געשילדערט, אַז זיי שטעלן זיך אַליין פאַר מיט זייערע מעלות און חסרונות. דאָס גלייכן זענען אַלע געשעענישן פון שטעטל און זיין לעבנשטייגער געגעבן רעאַל און פּשוט, מיט אַ נאַטירלעכער איבער־צייגנדיקער בילדלעכקייט, פריי פון יעדער זייטיקער טענדענץ און מליצה.

אָבער דער טיטול פון בוך פאַרפּליכטעט, דוכט זיך מיר, דעם מחבר צו אַ ברייטערן, מער אַרומפאַסנדיקן טעמאַטישן שטח. לייענענדיק דאָס בוך האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז די געשטאַלטן גופא פון די צוויי שוין דערשינענע טיילן זאָגן צו מיר: —

מיר האָבן ניט קיין טענות צום מחבר הלמאי ער האָט אונדז אַרויסגעבראַכט מיט אַלע אונדזערע שוואַכקייטן, קליינע אַמביציעלעך, פּוסטע גאווות און זיי אַזוי בולט אָפּגעמשלט, ווי אַרומגעשטעלט מיט שפּיגלען פון אַלע זייטן. דאָס איז זיין שרייבערישער חוב און זאָגט עדות וועגן זיין פּראָזאַישן טאַלאַנט. נאָר היות, ווי ער האָט אונדז געבראַכט נאָך אַ מאָל אויף דער בראָכשטול און אונדז באַפוילן פון דאָס ניי באַלעבן די חרוב־געוואָרענע יידישע שטעטלעך פון וואָלין, וואָלטן מיר געוואָלט, אַז זייער בילד זאָל זיין אַ גאַנץ און אַ פולס. צי זענען דען זייערע איינוווינער באַשטאַנען נאָר פון אַזעלכע, ווי מיר — מענטשן מיט קליינע השגות, קליינע אַמביציעס און אפילו מיט קליינע יצר־הרע'ס, מענטשן, וועלכע האָבן אין זינען געהאַט בלויז זיך, זייער עולם־הזה און זייער עולם־הבא, און דאָס אויך אויף דעם סאַמע פּרימיטיווסטן אופן? און ווו זענען די יידן פון די זעלבע וואָלינער שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט ראָמאַנטישע חלומות וועגן נייע שיינע וועלטן און וועגן נייע נאָבעלע מענטשן? ווו איז די

יוגנט, וועלכע האָט אין לבנה׳קע בעכט פאַנטאַזירט וועגן אַ ביי און ווירדיק לעבן — די יוגנט, פון וועלכער עס זענען אַרויסגעקומען מסירת־נפשדיקע קעמפער פאַר מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער פרייהייט און גערעכטיקייט, וועלכע איז פרייוויליק פאַר אירע אידעאַלן געווען גרייט צו גיין אין די תפיסות, אָדער אין די שווערסטע באַדינגונגען אויסטריקענען די מאַליאַרישע בלאָטעס פון חולה און באַגרינען די זאַמדן פון חולון?

אָן זיי זענען די וואָלינער יידישע שטעטלעך, ווי, איבעריקנס, אַלע יידישע שטעטלעך אומעטום, בלויז אַ פּלג־גוף, אַ האַלבער גוף.

אַזוי האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, רעדן צו מיר די וואָלינער יידן, וועלכע האָבן געהאַט דאָס מזל, אַז ל. אַליצקי זאָל זיי אַרויסברענגען און אַרומנעמען זיי, אַדאַנק זיין גרויסן תלמודישן וויסן און בקיאות, מיט אַן אַטמאָספער שכולו תורה. אָבער טאַקע דערפאַר, וואָס זיי זענען אַזוי געלונגען און פולבלוטיק, קאָנען זיי נאָך, חלילה, פאַרבלייבן אין אונדזער זכרון, ווי די איינציקע פאַרשטייער פון די וואָלינער יידן. דאָס וואָלט אפשר געקאָנט געשען, ווען די טעמע איז מלכתחילה באַגרענעצט צו אַזאַ טיפּאַזש. אָבער אין דעם פאַל איז עס פונקט פאַרקערט. די טעמע גופא פאָדערט איר אויסברייטערונג, און במילא איר המשך.

דעריבער, מיין איך, אַז די סיבה, וועלכע ל. אַליצקי גיט אָן אין זיין דער־קלערונג ביים סאַמע אָנהייב פון בוך, פאַר וואָס ער וועט נישט ממשיך זיין דאָס ווערק, איז, ביי איר גאַנצער וויכטיקייט, נישט באַרעכטיקט.

די יידן, וועלכע אַליצקי האָט באַשאַפן אין די ערשטע שוין דערשינענע צוויי טיילן פון ווערק, זענען דערצו נישט מסכים. זיי פאָדערן אויך די שבת־יום־טוב־דיקע יידן פון וואָלין און דערביי איז זייער אייגענע עקזיסטענץ דער בעסטער אַרגומענט, אַז אַליצקי איז אין שטאַנד דאָס צו טאָן.




**לעוו (לב) סירקין — התקוה**

(פון אַלבאָם "די וויזיע בעתן שלאַכט")

מאיר חרץ

# אַ דערפרישנדיק לידער־בוך

(יעקב צבי שאַרגעל „טויערן אויף די בערג", פאַרלאַג ישראל־בוך, תל־אביב, 1973)

1

י. צ. שאַרגעל געהער צו יענע געציילטע דיכטער, וואָס פאַרלויפן דעם וועג פונעם לשון, אויף וועלכן זיי שרייבן —

„רייד נאָך נישט געריעדטע, / איך זאַמל אייך איין איצט אין לאָגל."

---

אויב די עברית־דיכטער אין ישראל האָבן געהאַט פאַר אַן אָנהויב אין פעריאָד פון ערב־מדינה דאָס לשון פון פאַסטעכער און אַקערער פון תנ"ך, האָבן די יידיש־דיכטער געקומענע פון גלות געמוזט אָנוועקלייגן דעם גלות־קלומעק מיט די אוצרות פון אַ רייכער מאָדערנער ליטעראַטור און שטיין בלייבן ווי דער חלוץ אויף אַ וויסטן אָדער בלאָטיקן באָדן, וואָס מען דאַרף ערשט פרוכטבאַר מאַכן. פאַראַלעל מיט די חלוצים אויפן באָדן האָבן די יידיש־דיכטער באַוויזן וווּנדער —

„האָט דאָס געפּלויש פון דער מירט מיך באַשווירן, / מיך גערופן צו זיך און רייצנדיק געסודעט: / געדענקסט דאָס ליד, וואָס זינגען פלעגסט זינגען / אין דיין אָרעמער היים מיט געציטער —— / 'נישט זוך מיך דאָרט ווו מירטן גרינען'... / אָט האָסטו מיך מיט דיינע אייגענע הענט דאָ פאַרפלאַנצט / און קאָנסט מיך יעדע רגע דאָ געפינען."

כ'האָב אויבן געזאָגט: „געמוזט אָוועקלייגן דעם גלות־קלומעק" און דאָ נעמט י. צ. שאַרגעל אַרויס פון דאָזיקן קלומעק אַ שורה „גיט זוך מיך דאָרט, ווו מירטן גרינען" פאַר דער קאָנטראַסט־פּאַרב, פאַרן היגטערגרונט צו זיין ישראלדיקן גאָרטן. דאָרט אין גלות, איז געשען פאַרקערט. מיט חומש־אויגן האָט מענדעלע געשילדערט די גוישע לאַנדשאַפט, מיט ל"ג בעומר־אויגן פלעגן מיר, חדר־ייִנגלעך, גיין אין גוישן וואַלד אויף די אויסגעטראַכטע פלישתים, וואָס מיר האָבן זיי געזען באַשיימפערלעך. שאַרגעל שילדערט דאָ זיין קינדהייט פון דאָרט —

„ס׳איז פרייטיק אויפדערנאַכט. ——— / דער טאַטע האָט קידוש שוין געמאַכט. / דער קאַזמערער ביים „טיש״ האָט ווידער אויסגע־שטרעקט צו מיר / אַ האַנט, ———

און ווייטער:

„האָט מיין בליק געקלעטערט אַרויף צום הר הבית /און דערזען דאָס חדר מיט רבין, / און די צוקערקעס מיט די מאַנדלען, / וואָס מלאכים האָבן געשיט איבער מיינע גאַנצע דריי יאָר. ———

דער גלות־שאָטן גייט אונדז אַלעמען נאָך, ביז נאָר אונדז, ערשטגעקומענע, נאָר אויך די, וואָס זייערע לעבנס האָבן אין משך פון צענדליקער יאָרן זיך דאָ פאַרוואָרצלט און דער דיכטער שאַרגעל אין זיין פּערטן לידער־בוך, וועגן וועלכן מיר שרייבן דאָ, שילדערט דעם „דאָרטן״ אין זיין ליד „און ס׳איז געווען אַ נאַכט״ —

———————————————

נאָר מיר האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געדאַכט, / אַז אַלע שאָטנס האָבן גוויישדיק געלאַכט / און, מיט וויסטע קללות מיך געשאָלטן און געהוליעט.״

2

די ערשטע קריסטן, וועלכע זענען געווען, ווי מיר ווייסן, יידן, האָבן אַוועקגעטראָגן אונדזער תורה צו די פעלקער, וועלכע האָבן פאַרוואַנדלט אונדזער גאָט אין אַ פּאָלי־גלאָט, אין אַ וועלט־גאָט אויף אַלע שפּראַכן. נאָכן גרויסן „נחת״, וואָס מיר האָבן געהאַט דערפון, נאָך דער שיינער „דאַנקבאַרקייט״ פון די פעלקער, טענהט דער יידישער דיכטער יעקב גלאַטשטיין —

אתה בחרתנו, / דו האָסט אונדז אויסגעקליבן, / מ׳האָט אונדז ביידע פאַרשריגן פאַר גרויס, / כדי מע זאָל אונדז צעשטויבן און צע־שפּרייטן / און מאַכן אויס ———

און ווייטער:

פאַרוואָס האָסטו פאַרלאָזט דיין משכן, / דיין קליין געצעלט / און אַוועק צו ווערן דער גאָט פון אַ וועלט?

דאַקעגן ביי י. צ. שאַרגעלס באָבע אין זיין ליד „מיין באָבע האָט געהאַט דאָרט אַ מיל״ איז גאָט דער זעלבער, וואָס ער איז אין אַנהויב געווען, דער גאָט פון ישראל און וואָס ס׳איז שייך אירע טענות אויף די גלות־צרות, בעט זי איר מאַן אויף איר ווייבערישן יידיש —

הער זשע צו, יצחק משה, / הער אויס מיין געבעט / און פאַרטייטש עס כביכולן / אין דיין הייליקן לשון.

3

ווי שוין געזאָגט, דער קלומעק איז אַוועקגעלייגט געוואָרן, ער איז אָבער ניט אַרויס־געוואָרפן. אין זיין פּרעכטיק ליד "אַ נאַכט אין כנען", מיט וועלכן דער דיכטער ענדיקט דעם ערשטן ציקל פון בוך "פון חלום אויפגעריסן" שרייבט י. צ. שאַרגעל —

נאָר ווייל מיין היים די אַלטע, / ווו איך בין אין ווייען אויסגע־וואַקסן / אין אַ ראָם איינגעראַמט אַצינדערט / און אויפגעהאַנגען אויף מיין וואַנט"

און ווייטער:

אַ געבעט: / אָ, נאַכט פון כנען / בלויע, / פולשטערנדיקע, / צי קאָנסטו ניט אַריינגעמען מיין טייכל און דאָס געסל, / און דאָס הייזל דאָס נוטה־למותדיקע / און זיי פירן אויף די טרעפּ די דאַעדיקע, / וואָס גרייכן צו דיין פולער לבנה? ——/

— — — — — — — — — — — — — — — —

פאַרוואָס זשע בעמסטו ניט אין זיך זיי אַריין, / אָ, פולשטערנדיקע נאַכט פון כנען."

דער קלומעק איז נישט אַרויסגעוואָרפן און דאַך אַוועקגערוקט פון דער נאַכט אין כנען און פון אַלע זיינע ישראל־לידער פונעם ישראל־דיכטער אין יידיש י. צ. שאַרגעל.

4

די דערגרייכונגען פון י. צ. שאַרגעל שיינען אין זיין דיכטונג אַראָפּ ווי שטערן אויף זיין טאַליקער באַשיידנקייט —

איצט דאַנק איך דעם גורל און דער שעה, / וואָס היט פאַר מיר אַן אָרט אין אייביקן פאַרגיי / און מיט פאַרגעבונג איך נייג זיך צו דער וואָר / ווי דאָס אויסגייענדיקע יאָר."

און אין אַן אַנדער ליד אויף אַן אַנדער אופן —

—— אויב כ׳וועל זאָגן: / ניגון מיינער, העלף! —— / די שעה ווערט צוועלף / און קיינער קומט מיר ניט צו הילף, / וועט אַוודאי דער ניגון זיך צעשפּילן / און מיט טענער לעצטע / מיך פאַרדעקן, פאַרהילן.

און אין אַ דריט ליד —

אין שטערנוועג אַ שטערן / כ׳בין קיינמאָל ניט געוואָרן, / קוים איך הער דאָס ערדגערויש / אין שקיעה־שאָל / פון האָרן.

און אַזוי אין אַ פערט, נייַנט, און ניין און דרייסיקט ליד. דער דיכטער בלייבט זיך געטריי אַלע מאָל אויף אַן אַנדער אופן.

5

ביי אליעזר שטיינבאַרג אין זיין משל "צוויי רויזן" זאָגט די לעבעדיקע צו דער פּאַפּירענער —

אײדער אײביק טרוקן / און ניט וויסן קיין מאָל / ניט פון טוי און ניט פון הייסע בליקן / בעסער שטאַרבן און כאָטש איין מאָל / מיט אַ טראָפּן טוי זיך קוויקן."

און י. צ. שאַרגעל אין זיין שיינעם ליד "צו אַ פלאַטערל" ענדיקט —

שיק איך נאָך מיין הייסן בליק / און פרעג און פרעג אָן לשון: / ווער וועט מאַרגן אונדז ביידן אַרבן? ——— / איך כאַפּ זיך אָן אין אָפּקלאַנג פון דיין אַנטלויף / און גלעט דעם וווּנדער פון דיינע וווּנדער־פאַרבן.

אין צוויי לידער אויף דריי פולע זייטן ברענגט דער דיכטער צום אויסדרוק זיין פאַרערונג, זיין יראת הכבוד פאַר איציק מאַנגער, אָבער "דער וווּנדער פון וווּנדער־פאַרבן" האָבן ניט דעם חן פון מאַנגערס "כ'האָב ניט קיין היים, ווו אַהיימצוגיין". אָבער "דער אָפּקלאַנג פון דיין אַנטלויף" קויפט עס אויס און זינגט עס אַריבער.

אויך ווייס איך ניט, צי "אַ יונגע בעריאָזע, וואָס תפילהט אַרויף צו די הייכן" איז שענער, נאַטירלעכער, ווי, למשל: "אַ יונגע בעריאָזע, וואָס דאַוונט אַרויף צו די הייכן". דערפאַר, אפשר, וואָס ביי דוד איינהאָרן האָט די בעריאָזע, ריכטיקער, דאָס בעריאָזקעלע, שוין געדאַוונט? יידן דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג, מעגן די בעריאָזעס דאַווענען ביי צוויי יידישע דיכטער, נאָך מער דערפאַר, וואָס דאָס תפילהן שמעקט ניט מיטן שאָקלען זיך פון אַ בעריאָזע ווי דאָס פּראָסטע דאַווענען. נאָר אויף הונדערטער בפירוש געראָטענע נעאָלאָגיזמען, ריכטיקער, ישראַליזמען, מעגן זיין אַ פּאָר ניט געלונגענע אויך. בפרט נאָך, אַז דאָס ליד "פּאַרן בילד פון דער שענסטער", פון וואַנען כ'האָב די שורה גענומען, איז אַ פּרעכטיק ליד, און איז פון "דאָרט", פונעם קלומעק —

ווײַנט שולמית פון איר ליבע אַרויס / מיך / און מיין באַגער.

האָט דאָך שולמית פון דאָרטיקן ליד אים, שאַרגעלן געבראַכט אַהער.

6

ווען י. צ. שאַרגעל האָט זיין צווייטן ציקל באַטיטלט מיט "שווייגשאַפט" זענען שוין זיכער אַלע לידער פון דאָזיקן ציקל און בתוכם דאָס שיינע ליד "שווייגשאַפט" געווען אָנגעשריבן, אָבער מיר, וואָס שטויסן זיך פריער אָן אופן טיטל, וווּנדערן זיך אויפן דאָזיקן מאָדנע וואָרט. ערשט אַז מע לייענט איבער —

ניטע, שוויג ניט אויס דעם סוד / אויף מיין היימס הייסע וועגן / און מיט רייד פון נביא זאָג: / אין דיין שווייגשאַפט זאָלסטו לעבן.

וויל זיך זאָגן מיט דאַנקשאַפט דעם דיכטער. אַ דאַנק פאַר דיין שווייגשאַפט. שיין און שטאַרק זענען די לידער פון דאָזיקן ציקל: דער ים שלאָפט, תשרי, כסלו, ווינטער און אַלע פריערדיקע און ווייטערדיקע.

און דאָ גלייך קומט אָ נייער, דער דריטער ציקל פון בוך "ביים סוף פון מידן טאָג" ווו מיר טרעפן דאָס כישופדיקע ליד, "עפן זיך טויער", וואָס ענדיקט זיך מיט —

איצט רופט מיך, איך הער דאָס, דאָס פעלד, / דער ווײַנשטאָק, דער פוקס און דער משל. / עפן זיך, טויער, לאָז אַרײַן / מיך, / מײַן חלום / און מײַן לשון.

און "מיט שקיעה אויף די אַקסלען" זינגט אין אַ ווײַטערדיק ליד דער דיכטער צו אַ דיכטערין פון נעכטיקן גלות —

נאָר אויף אומעט אויף דײַנעם, דעם פון דאָרטן געבראַכטן, / עס שפּילן שוין רי ווינטן פון כנען.

אַ לויטער, קוועלנדיק, דערפרישנדיק לידער־בוך און דער דיכטער איז ביי די טויערן פון זײַן באַרג אַרויף.

* * *

זאָל מיר דער לייענער מוחל זײַן פּאָר צופּיל ציטירן. איך ווייס, אַז אַן אַפּשאַצונג קען דאָס ווערק גופא ניט פאַרבײַטן. מײַן אויפגאַבע איז געווען אייך צו ברענגען צום בוך, אַרײַנפירן אייך און לאָזן אייך אַליין לייענען.

**א. שעדלעצקי**

# משה גראָס־צימערמאַן ז״ל

## און זיין אַרבעט אין ירושלימער ראַדיאָ

גראָס־צימערמאַנען האָב איך "באַקענט" אַ סך פריער, איידער איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען פּנים אל פּנים, און געוואָרן זיינס אַ נאָענטער מיטאַרבעטער ביים רעדאַגירן די אוידיציעס אין יידיש פאַר חוץ־לארץ ("שידורים לגולה" און שפּעטער "קול ציון לגולה").

די דאָזיקע "קאַנטשאַפט" האָט זיך אָנגעהויבן, ווען איך בין געוואָרן אַ חסיד און פאַרערער פון זיינע אַרטיקלען, וואָס זענען דערשינען אויף די שפּאַלטן פון "היינט" אין וואַרשע, עטלעכע יאָר פאַרן מלחמה־אויסברוך, וואָס זענען אויך געווען די ערשטע יאָרן פון מיין יוגנטלעכן רייף־ווערן. דאָס איז שוין, פאַרשטייט זיך, געווען אַ היפּשע צייט נאָך דער שאַרפער פּאָלעמיק אַרום גראָס־צימערמאַנס רוף צו אַ פּרץ־רעוויזיע אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס האָט אַרויסגערופן אין זיינער צייט אַזאַ טומל אינעם יידיש־ליטעראַרישן וועלטל. יענע יאָרן, דאָס איז געווען קורץ נאָכן באַזעצן זיך אין תל־אביב, איז גראָס־צימערמאַן אַרומגעפאָרן איבער די פּוילישע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע און אויף די מזרח־קרעסן אין שליחות פון קרן היסוד, כדי צו נעמען חתימות ביי יידן אויף וועקסלעך לטובת בנין הארץ (דער דעמאָלדיקער אָנפירער פון קרן היסוד לייב יפה, אַליין אַ דיכטער, האָט געהאַט אַ "שוואַכקייט" צו מאָביליזירן פאַר אָט דער אַרבעט דווקא יידישע שרייבער און דיכטער...). אויף די שפּאַלטן פון דער גרויסער טאָג־צייטונג "היינט", צו וועמענס סטאַבילע מיטאַרבעטער גראָס־צימערמאַן האָט געהערט, האָט ער אין דער זעלבער צייט פאַרעפנטלעכט אַ סעריע בילדער פון דער פּראָווינץ. זיי זענען רעגולער דערשינען, אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, אין די זונטיק־נומערן, אין היפּשע "קעלערס". אין "היינט", אויף וועמענס שפּאַלטן מען האָט דעמאָלט רעגולער געקענט לייענען נחום סאָקאָלאָוו (פון זיינע פאַרבליבענע שריפטן נאָך זיין פּטירה) און יהושע טאָהן, די טאָגטעגלעכע אַרטיקלען פון ב. יאָושזאָהן, יהושע גאָטליב (פאַרן אַריבערגיין אין "מאָמענט"), די ראָמאַנען פון שלום אַש און די נאָוועלן פון אפרים קאַגאַנאָווסקי, האָבן אַ באַזונדערן אינטערעס, געדענק איך, אַרויסגערופן די אייגנאַרטיקע פּעליעטאָנען־עסייען־רעפּאָרטאַזשן פון גראָס־צימערמאַן, וואָס האָט זיך דעמאָלט געחתמעט "מ. ג. צימערמאַן".

נאָך דער מלחמה האָב איך דעם נאָמען אויף ס׳ניי באַגעגנט אויף די שפּאַלטן פונעם "דבר", באַזונדערס אין אַ סעריע שילדערונגען פון אַ רייזע ביי יידן אין די דרום־אַמעריקאַנישע לענדער. ווידער האָב איך געהאַט הנאה פון זיין ספּעציעלן סטיל און אופן פון שילדערן.

ווען איך האָב דעריבער אין האַרבסט 1949, נאָך אַ קנאַפּ יאָר פון מיין אָנקומען אין לאַנד אַריין, באַקומען אַ רעקאָמענדאַציע אָנגענומען צו ווערן אויף אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון גראָס־צימערמאַנען, וואָס האָט דעמאָלט עוסק געווען ביים צוגרייטן די יידיש־אוידיציעס פון ירושלים פאַר אויסלאַנד (אָנגעהויבן האָבן זיך די אוידיציעס דעם 10טן מערץ 1950), בין איך גלייך אַוועק

צו אים אינעם צייטווייליקן ביוראָ אינעם דעמאָלט נאָר וואָס אויפגעבויטן פרומין־בנין אין ירושלים, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דאָס זיץ־אָרט פון דער כנסת ביזן אַריבערגיין אין איר סטאַבילער אכסניה, ווי אַן אַלטער באַקאַנטער, ווי צו אַ היימישן מענטש...

כמעט פונעם ערשטן מאָמענט פון אונדזער צוזאַמענאַרבעט האָבן זיך צווישן אונדז אַנטוויקלט נאָענטע חברישע באַציונגען, וועלכע האָבן געדויערט אַ היפּשע צייט אויך נאָך דעם, ווי גראָס־צימערמאַן האָט שוין פון לאַנג פאַרלאָזט ירושלים צוזאַמען מיט דער טאָגטעגלעכער רעדאַקציע־אַרבעט פון די אוידיציעס.

צו אָט דער אַרבעט בין איך אָנגעקומען צוזאַמען מיט א. צפנת ז"ל, אַן אַלטער דערפאַרענער זשורנאַליסט פון וואַרשעווער "היינט"; באַלד דערנאָך איז אין אונדזער "סטעף" אויך אַריין לייב ראַכמאַן, וועמען גראָס־צימערמאַן האָט דערנאָך איבערגעגעבן די אָנפירערשאַפט מיט דער אוידיציע נאָך זיין אוועקגיין אויף פּענסיע. די פּאָר יאָר פון נאָענטער צוזאַמענאַרבעט מיט גראָס־צימערמאַנען "ביי איין טיש" האָט געהאַט נישט בלויז אַן אַנטשיידנדיקע השפּעה אויפן כאַראַקטער און אויספורעמונג פון די אוידיציעס, וואָס זענען בכלל געווען אַ נייע זאַך פאַר יידישע פען־מענטשן, וואָס האָבן בעיקר געשריבן פאַר אַ צייטונג, נאָר אויף מיין גאַנצער זשורנאַליסטישער אַרבעט. אין דער גאַלעריע "מיינע רעדאַקטאָרן" קען איך אָנווייזן אויף גראָס־צימערמאַן, ווי אויף מיין צענטראַלן באַאיינפלוסער און אויספורעמער.

איך וויל דאָ איצט צו דער ערשטער יאָרצייט נאָך זיין פּטירה, באַזונדערס אַרויסהייבן גראָס־צימערמאַנס חלק אין אָט די יידישע ראַדיאָ־אוידיציעס פאַר חוץ־לאַרץ, ווייל אין אונדזער שרייבער־וועלט איז ער באַקאַנט ווי אַ קריטיקער, עסייאיסט און פעליטאָניסט פאַר־עקסעלאַנס, אַלס שרייבער און רעדנער מיט אַן אייגענעם סטיל, "וואָס קיינער שרייבט אַזוי נישט ביי אונדז", ווי עס זאָגט וועגן אים מיט רעכט, י. גלאַטשטיין אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן גראָס־צימערמאַנס בוך עסייען "אינטימער ווידעראַנאַנד".

היינט דאַרף מען שוין דערציילן אויך וועגן דער השפּעה וואָס גראָס־צימערמאַנס שמועסן ביים מיקראָפאָן האָבן געהאַט אויף יידן אין דער פרעמד און פאַרפרעמדקייט אין משך פון צוויי צענדליק יאָר, שמועסן וואָס ער האָט טראַנסמיטירט וואָך איין וואָך אויס אויך נאָכן פאַרלאָזן די טאָג־טעגלעכע רעדאַקציע־אַרבעט. אין אָט די קורצע געשליפענע שמועסן האָט ער פאַרשפּרייט אויף די כוואַליעס פון עטער, ניצוצות פון יידישן באַוווסטזיין און נאַציאָנאַלן אויפברויז, פונקען וואָס זענען לסוף — ווי מיר ווייסן שוין היינט אַלע — אויפגעגאַנגען אין אַ פלאַמיקן גאולה־דראַנג און עליה־שטרעבונג ביי יידן אין ראַטנפאַרבאַנד און אין גאַנץ מזרח־אייראָפּע. נישט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען פון דאָרט־געקומענע יידן, וואָס שוין אין די ערשטע טעג פון זייער אָנקומען אין לאַנד אַריין האָבן זיי געפילט אַ באַדאַרף צו זען גראָס־צימערמאַנען נאָך דעם ווי זיי האָבן אים אַזוי פיל יאָרן געהערט. נאָך ווי געהערט און דערצו ביי וואָס פאַראַ באַדינגונגען! זיין דירה אויף פּראָפעסאָר שאַר־גאַס אין תל־אביב איז געווען אַן אַדרעס צו וועלכן עס זענען כסדר געקומען זיינע צוהערער־פאַרערער ווי צו אַ "גוטן ייד" מיט רירנדיקע אויסדרוקן פון דאַנק פאַר דעם גייסטיק־מאָראַלישן חיזוק, וואָס זיי האָבן באַקומען דורך די פרייטיק־צו־נאַכטס־שמועסן און יום־טובדיקע אוידיציעס פון גראָס־צימערמאַן, שמועסן דורכגעפלאָכטן מיט רמז און פשט, זאָגעכצער און אַריינזאָגענישן, און דער עיקר — מיט אָנצינדנדיקן פּאַטאָס...

גראָס־צימערמאַן האָט, כידוע, זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן דווקא

ווי אַ רעדאַקטאָר נאָכן אָנקומען קיין ווין, אַלס 17 יעריקער עקסטערן גלייך פון קלויז־באַנק אינעם גאַליציאַנישן דראָהאָביטש („אויף געבוירן ווערן דאַרף מען נישט קיין בעסער לאַנד ווי גאַלי־ציע" — שרייבט ערגעץ גראָס־צימערמאַן און גיט צו: „אויף מער ווי געבוירן ווערן, איז דאַכט זיך, גאָר קיין פּלאַץ נישטאָ אין יענע מקומות — ווו דחקות אַליין פאַרנעמט אַזאַ רחבות"). אין ווין, ווו ער האָט, אגב, צוזאַמען מיט מלך ראַוויטש נאָך באַוויזן צו העלפן פראַנץ יאָזעפן צו פאַרשפּילן די מלחמה, האָט ער רעדאַגירט אַ ריי צייטונגען, די „ווי־נער מאָרגנצייטונג" און שפּעטער די „יידישע מאָרגנפּאָסט" און געווען מיט־גרינדער פון זשורנאַל „קריטיק" און וואָכנבלאַט „די נייע צייט".

ווי מיין ראַדיאָ־רעדאַקטאָר האָט מיך באַזונדערס פאַרכאַפּט זיין באַציונג צום וואָרט, צום גערעדטן ווי צום געשריי־בענעם וואָרט, זיין הקפדה אויף צמצום און תוכן, זיין מעקן, אַרויסוואַרפן און רודפן יעדעס איבעריקע אות און זיין דערגרונטעוועט אַלע זאַפטן און שיינ־קייטן פון יידישן וואָרט, זיין מלחמה קעגן טאַנדעט. ער האָט דאָס איבעריקנס אַליין אויסגעדריקט אין זיין אני מאמין־עסיי „אימתא דדיבורא" אינעם דער־מאָנטן בוך ווו ער שרייבט:

... „קיינער רייסט נישט פון דער האַנט די „ווערק", דאַרף דער שרייבער אַוודאי אַרויסווייזן מער פּיעטעט און ליבשאַפט צו דער קוואַליטעט, צו דער קינסטלערישער פאָרם, זיך אויסהיטן פון שעטנז, פון פּסולע מטבעות, פון סטי־ליסטישער אַפּגעלאַזנקייט, וואָס איז אין תוך נישט עפּעס אַנדערש ווי עסטעטישע דעמאָראַליזאַציע — — — מסתמא איז גערעכט קאַרל קראַוס: יעדער שרייבער דאַרף שרייבן אַזוי, גלייך ער האַלט ביים סאַמע ערשטן און ביים סאַמע לעצטן מאָל. זאָג דעם תמצית, גלייך ס'איז דיין לעצטער אָפּשייד — און זאָג אים אַזוי, גלייך ס'איז דיין ערשטער אַרויספאָר — — — יעדעס שרייבערישע וואָרט איז אַ קרבן שמחה — אַז נישט, איז דאָס עבודה זרה"...

גראָס־צימערמאַן האָט דאָס פאַרלאַנגט אויף שריט און טריט אָבער קודם־כל איז ער דאָס מקיים געווען ביי זיך אַליין. אַ באַווייז פאַר דעם — זיין כתב־יד וואָס האָט געשמעקט מיט וואָרט־ציטערניש, טאַקע — „געשריבן, געמעקט, אַ מאָל מער געמעקט ווי געשריבן"...

גראָס־צימערמאַן, וואָס איז דערשינען אין אונדזער ליטעראַטור מיט העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט ווי אַ בונטאַר, צו מאָל ווי אַ ניהיליסט, סקעפּטיקער — האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו דער־קענען גאָר ווי אַ זעלטענעם מאמין און ענטוזיאַסט, ווי דאָס האָט זיך אויך געמערקט אין זיינע וואָך־אַרטיקלען אין „לעצטע נייעס". פון וואַנען די ווידער־אַנאַנדן? אויף דעם גיט, דאַכט זיך, דעם בעסטן ענטפער זיין נאָענטער חבר אפרים אויערבאַך ז"ל, וואָס האָט גע־שריבן: „תכלית און אומתכלית, האַר־מאָניע און ווידעראַנאַנדן — דערפאַר וואָס ער איז דורכגעדרינגען מיט טיפער אמונה, שפּילט ער זיך מיט כפירה. ער איז אַזוי אָנגעוואָרעמט מיט גלויבן, אַז ער קען זיך שווין פאַרגינען נישט צו גלויבן"...

צו זיין ווערן אַ בן־שמונים, איז דער־שינען די זאַמלונג פון זיינע עסייען און אַרטיקלען „דאָס וואָרט וואָס מיר שרייבן". דאָס זענען אַרבעטן וואָס מיר אַלע דאַרפן נישט בלויז לייענען נאָר אויך לערנען, ווי עס האָט געזאָגט וועגן זיין פריערדיקן בוך עסייען „אינטימער ווי־דעראַנאַנד" דער פאַרשטאָרבענער אליעזר שטיינמאַן:

„יאָ, ער (דער באַנד עסייען) דערשיינט נאָך איצט נאָך זיין פאַרעפנטלעכט ווערן — דערשיינט, שיינט און באַשיינט".

גראָס־צימערמאַן האָט געהאַט אַ סך חסי־דים פון זיין שרייבן און רעדן. אַלע וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן די פרוכט פון זיין געבענטשטער יחיד־במינודיקער פע־דער און פון זיין פערלדיק לשון בעל־פה.

## ל. אָליצקי

# אַ דערמאָנונג וועגן דוד איינהאָרן

דעם צווייטן מאַרץ פ. י. איז אין אַמע־ריקע אַוועק אין דער שטילער אייביקייט דוד איינהאָרן, דער בשעתו אויסגעקלונ־גענער דיכטער דורך ניגערן און בעל־מחשבות, זאַט אין שאַפעריקייט און גע־זעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אין דער עלטער פון 87 יאָר.

שוין צו דרייצן יאָר האָט ער אָנגע־הויבן שרייבן לידער אויף העברעיש און איז שפּעטער אַריבערגעגאַנגען צו יידיש שוין אויפן גאַנצן משך פון זיין לעבן.

די ידיעה וועגן זיין אַוועקגאַנג האָט אַרויסגערופן אין מיין זכרון אַ דער־מאָנונג פון מיט צענדליקער יאָרן צוריק, און איך האָב אַ שטאַרקן ווילן די דער־מאָנונג צו פאַרצייכענען.

דאָס איז געווען אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיין געבוירנ־שטעטל, טריסק, איז געזונקען אין אַרעמקייט, נויט און הונגער. איך האָב בסוד געשריבן לידער און דערציילונגען. שיקן זיי אין אַ רעדאַקציע קיין וואַרשע האָב איך נישט געקאָנט — די פּאָסט אין אונדזער שטעטל האָט צוליב דער מלחמה נישט פונקציאָנירט.

מיט דער צייט איז מיר געשען אַ נס: מיינער אַ חבר איז געפאָרן קיין לובלין זוכן דאָרט פרנסה און צוגע־נומען געוואָרן פאַר אַ לערער אין אַ גביריש הויז. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אַראָפּכאַפּן צו־גאַסט אַהיים צו מוטער און שוועסטער. האָב איך זיך פון אים דערוווסט, אַז אין לובלין דערשיינט אַ צייטונג — "לובלינער טאָגעבלאַט", וואָס איר רעדאַקטאָר איז ש. סטופּניצקי. איז ער, מיין חבר, געוואָרן מיין פּאָסט, און מיינע ערשטע דערציילונגען זענען דאָרט געדרוקט געוואָרן.

ס'האָט אַ סוף גענומען צו דער מלחמה. לעמבערג איז פאַרנומען געוואָרן פון די פּאָליאַקן, און ס'האָט דאָרט אויסגע־בראָכן אַ פּאָגראָם אויף יידן. איך האָב אויף דער דאָזיקער בלוטיקער טעמע אָנגעשריבן אַ בינטל לידער, און מיין "פּאָסט" האָט עס מיר באַזאָרגט קיין לובלין. נאָך איידער די לידער זענען געדרוקט געוואָרן האָט זיך אַ מיטאַר־בעטער פון דער צייטונג געפעדערט און אין זיינעם אַן אַרטיקל וועגן ל. מלאך מיטגעטיילט אין אַ מליצהדיקער שפּראַך, אַז אין דער רעדאַקציע איז דערהאַלטן געוואָרן אַ "קרענצל לידער", וואָס אַז סע וועט זיי לייענען אַ מבין אויף פּאָ־עזיע, וועט ער איינזען, אַז "אויפן הימל פון דער יידישער פּאָעזיע איז אויפגע־גאַנגען אַ נייער שטערן". ס'האָט מיך געפרייט און געערגערט: דער נאָמען פון מיין פּאָזיטיוון קריטיקער — צימערמאַן — זאָגט מיר גאָרנישט. איך האָב גע־גאַרט צו הערן דאָס מבינות פון אַן אָנגעזעענעם שרייבער אין וואַרשע. אָבער קיין פּאָסט אַהין איז נאָך אַלץ נישטאָ. וואַרשע איז ווי ערגעץ הינטער די הרי־חושך.

איז מיר ווידער געשען אַ נס: מיין חבר אין לובלין האָט מיך פאַרבעטן, באַשר זיין הערשאַפט פאָרט אַרויס ער־געץ אויף עטלעכע וואָכן, און ער בלייבט

אַליין דער באַלעבאָס אין דער רייכער שטוב, זאָל איך אויף דער צייט קומען צו אים. בין איך גלייך געקומען.

ש. סטופּניצקי האָט מיך פריינטלעך אויפגענומען. אָבער צימערמאַנען האָב איך שוין דאָרט נישט געטראָפן. ער איז שוין אין וואַרשע, ווו ער אַרבעט מיט אין די ״לעבנס־פראַגן״.

ווען ס׳איז געקומען די צייט אַהיים צו פאָרן, האָב איך מיט מיין חבר באַשלאָסן: אַז איך בין שוין דאָ, זאָל איך ציפאָרן קיין וואַרשע אויף עטלעכע טעג, זיינע עלטערן וווינען שוין דאָרט, וועל איך זיין ביי זיי. ביים געזעגענען זיך האָט סטופּניצקי מיר געראָטן זיך צו ווענדן אין ליטעראַטן־פאַראיין צו נאָמבערגן און, איבערגעבנדיק אַ גרוס פון אים, פון סטופּניצקין, אים בעטן אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן מיינע לידער. נו, און כ׳זאָל זיך אַרויפכאַפּן אין דער רעדאַקציע פון די ״לעבנס־פראַגן״ צו צימערמאַנען.

כ׳האָב אים, פאַרשטענדלעך, געפאָלגט. ווען נאָמבערג האָט אויסגעהערט מיין בקשה, האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן ווידערוויליק, ווי מע טרייבט אָפּ אַ זלידנע פליג:

— איך בין היינט אַ סיים־דעפּוטאַט און האָב נישט קיין צייט פאַר דעם.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און ווען כ׳האָב אים אויפגעהויבן, איז שוין נאָמבערג געווען אַוועקגעגאַנגען. כ׳האָב זיך דערפילט ווי אַן אַראָפּגעפאַלענער אין אַ פינצטערן אָפּגרונט און בין אַ דערשלאָגענער אַוועק אין דער רעדאַקציע פון די ״לעבנס־פראַגן״.

צימערמאַן, אַ העלאויגיקער און העלהויטיקער מאָגערער בחור, מיט אַ בלאָנדער טשופּרינע, האָט זיך מיט מיר דערפרייט און נאָכן אויסטוישן עטלעכע פראַגעס און ענטפערס אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט ווער ס׳האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט אייערע לידער? דוד איינהאָרן! ער איז איצטער דאָ אין רעדאַקציע. וואַרט צו אַ ווייל. כ׳קום באַלד צוריק.

אין אַ ווייל אַרום איז אַריינגעקומען אַ טונקעלער יונגערמאַן מיט אַ שוואַרצער שעוועליורע, אין וועלכן כ׳האָב לויט אַ פאָטאָגראַפיע גלייך דערקאַנט — דוד איינהאָרן. ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, אַ פאַרש געטאָן מיין פנים און פריינדלעך פאַרבעטן:

— קומט אַריין צו מיר.

אַריינגעקומען, האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ זייטיקער שטול לעם אַ שרייבטיש:

— איר האָט אַוודאי מיט זיך לידער?

כ׳האָב פון בוזעם־קעשענע אַרויסגענומען אַ העפטל און אים דערלאַנגט. ער האָט עס געעפנט פאַר זיך אויפן שרייבטיש, זיך צו דעם איינגעבויגן און גענומען לייענען. דער אופן פון זיין לייענען האָט מיך פאַרוווּנדערט. זיין פנים איז געווען ערנסט־אָנגעשטרענגט, און געלייענט האָט ער אויף אַ קול, הגם שטיל, אונטערברומענדיק מיט אַ ניגון, ווי סע לערנט פאַרטיפט אַ ישיבה־בחור. כ׳בין געזעסן לעבן אים, ווי אַ געמשפּטער אין געריכט, און געוואַרט אויף זיין פסק־דין.

דאָ האָט זיך געעפנט אַ זייטיקע טיר, און אין איר רעם איז שטיין געבליבן אַ מענטש מיט אַ צעכעסט פנים. זיין מויל האָט געלאָזט הערן טענות צו איינהאָרנען. ער האָט זיך שטאַרק געבייזערט אויף אים. עפּעס ווי אַ נאַטשאַלניק אויף זיין אונטערגעאָרדנטן. צוליב מיין צערודערטקייט האָב איך דעם זין פון זיינע רייד נישט באַנומען. האָב געקוקט דאָ אויף אים, דאָ אויף איינהאָרנען אַן איבערגעראַשטער: ווער קאָן דאָס זיין אַזעלכער, וואָס האָט די חוצפה זיך אַזוי בייזערן אויף אַזאַ באַרימטן דיכטער?! איינהאָרן האָט אים עפּעס מיט איינגעהאַלטענעם פאַריבל, אָבער מיט חשיבות און זעלבסטזיכערקייט, אָפּגעענטפערט, און יענער איז מיט זיין גאַנצער בייזקייט אַוועק.

איינהאָרן האָט ממשיך געווען דאָס לייענען, ווי פריער. אָפּגעלייענט אַ צאָל לידער, איז ער שטיל געבליבן, זיך אויסגעגלייכט און געזאָגט:

— געגנוג. דיכטונג איז ווי קאָנפיטור: מע דאַרף זי געניסן מיט אַ טיי־לעפע־לע... איר זענט אַ דיכטער... אָט די "עלעגיע": "אייגזאַם לעב איך אויף דער וועלט —/ קיינער ווייסט מיך נישט; / איינזאַם גיי איך אויף מיין וועג —/ קיינער היט מיך נישט;/ איינזאַם זינג איך אויס מיין ליד — / קיינער הערט זי נישט; / איינזאַם גיס איך אויס מיין טרער — / קיינער זעט זי׳ נישט; / איינזאַם בין איך, ווען איך וואַך —/ קיינער זוכט מיך נישט; / איינזאַם בין איך, ווען איך שלאָף — / קיינער היט מיך נישט; / איינזאַם ברענט זיך אויס מיין ליכט — / קיינער נוצט עס נישט; / איינזאַם וועט פאַרגיין מיין ליכט — / קיינעם אַרט עס נישט". / לייענט זיך ווי פסוקים פון תהילים. און אָט דאָס ליד: "דער מזבח", לאָז איך איבער ביי זיך, ס׳וועט געדרוקט ווערן אין אונדזער צייטונג.

אויפגעשטעלט זיך, האָט ער דערנאָך גערעדט מיט פּאַרדרוס אין טאָן און קריטיש וועגן די בייע דיכטער פון דער "כאַליאַסטרע", נישט אָנרופנדיק קיינעם ביים נאָמען. לסוף האָט ער מיר גע־ראָטן צו לייענען עטלעכע גישט־יידישע פּאָעטן. פּאַרבליבן איז מיר אין זכרון בלויז איין נאָמען — באָדלער.

ביים אָוועקגיין האָט ער מיר געשענקט זיינס אַ בענדל לידער און אַ זאָג געטאָן:

— קומט מאָרגן אָוונטצייט אין פּאַר־איין וועלן מיר נאָך שמועסן.

איך דערמאָן זיך נישט, איך זאָל האָבן אָוועקגעגאַנגען פון אים אַ באַגליקטער. אפשר צוליב מיין צווען די סצענע ווי מ׳האָט זיך אויף אים געבייזערט. אפשר צוליב נאָמבערגס באַנעמונג צו מיר אין פּאַראיין; און אפשר צוליב דעם וואָס פון זיינע רייד האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די דיכטער רייסן זיך אַרום און רייסן זיך קעגנזייטיק אַרונטער. און נאָך וועל־כע דיכטער — די סאַמע גרעסטע!

ווען כ׳בין אויף מאָרגן געקומען אין פּאַראיין, איז דער זאָל נאָך געווען כמעט ליידיק. איינהאָרן האָט מיך פאַרבעטן צו אַ טישל און באַשטעלט פאַר אונדז טיי מיט צובייסעכץ.

ער האָט אָנגעבונדן מיט מיר אַ שמועס וועגן מיין שרייבן. דאָ איז דערנעבן פאַרבייגעגאַנגען אַ הויכער, אויסגע־פּוצטער ברונעט מיט אַן אומעטיקלעך פּנים, וואָס האָט נישט האַרמאָניזירט מיט זיין פריילעכער אויסגעפּוצקייט, האָט ער אים אַ רוף געטאָן:

— סעגאַלאָוויטש!

ער האָט צוגעשפּאַנט, אומעטיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, מיט אַ פראַגע אויפן פּנים, און איינהאָרן האָט מיך פאָרגעשטעלט:

— אַ יונגער פּאָעט.

סעגאַלאָוויטשעס בליק פון זיינע ברוינע אומעטיקע אויגן האָט לייכט אַ פלאַטער געטאָן איבער מיין פּנים. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ טרוקענע, אומעטיקע האַנט. עפּעס אַ ברום געטאָן און, גלייך ווי שטאַרק פאַרטאָן, זיך דערווייטערט.

ווען איך האָב אין אונדזער ווייי־טערן שמועס איינהאָרנען דערציילט, אַז אָנגעהויבן שרייבן האָב איך אויף העב־רעיש, האָט ער מיר גענומען דערקלערן, אַז העברעיש האָט נישט קיין אויסזיכטן צו ווערן אַ לעבעדיקע שפּראַך, אויף וועלכער סע זאָל קאָנען געשאַפן ווערן אַ ליטעראַטור.

— לאָמיר זיך פאָרשטעלן, — האָט ער געטענהט, — אַז אין דייטשלאַנד איז געשען אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט פולשטענדיק אומגעבראַכט די גאַנצע דייטשישע ליטעראַטור, און פאַרבליבן זענען דורך אַ נס בלויז די ווערק פון געטהען, — צי וואָלט מעגלעך געווען, אַז אויפן גרונט פון די דאָזיקע ווערק, הגם גרויסע, זאָל אויפשטיין תחיית־המ־תים די דייטשישע שפּראַך און ליטעראַ־טור... פון דער העברעישער שפּראַך

איז דאָך פאַרבליבן בלויז דער תנ״ך...

איך האָב אים אויסגעהערט שווייגנדיק און נאָכדענקענדיק. ער האָט מיך פריינדלעך געזעגנט, און אויף מאָרגן האָב איך זיך אומגעקערט קיין טריסק אין אַ בית־עלמינדיקער שטימונג, אָבער מיט אַ שטאַרקן חשק צו שרייבן.

ענדלעך האָט די פּאָסט אָנגעהויבן טיילווייז צו פונקציאָנירן, און איך האָב געשיקט צו איינהאָרנען אַ נײַ ליד, שרייבנדיק אים דערבײַ בערך אַזוי: ״כ׳בין זיך מודה, אַז איך קאָן זיך אַליין נישט קלאָר מאַכן, וואָס איך וויל מיט ד׳עם ליד זאָגן. פרעג איך אײַך, ווי אַן עלטערן דיכטער: צי מעג מען אַזוי שרייבן לידער?״.

כ׳האָב פון אים קיין תשובה נישט באַקומען. אפשר איז ער שוין דעמאָלט געווען אַרויסגעפאָרן קיין אַמעריקע. נאָר אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מיר אַ באַקאַנטער פון דער קרייזשטאָט, קאָוולע, צוגעשיקט אַ זייט פון די ״לעבנס־פראַגן״, אויף וועלכער ס׳איז געדרוקט געווען אונטערן שטריך איינהאָרנס וועכנטלעכער פעליעטאָן, און דערלעבן — מיין ליד. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די דאָזיקע שכנהשאַפט איז געווען נישט קיין צופעליקע: נאָכן איבערלייענען דעם פעליטאָן האָב איך פאַרשטאַנען דעם זין פון מיין ליד.

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך צוגעשיקט אַ צאָל לידער צו סעגאַלאָוויטשן און געבעטן זיין מיינונג וועגן זיי. ער האָט מיר געענטפערט מיט פערלדיקע שורהלעך, אַז אין די לידער שלאָגט ״אַ רויט אָדערל״, אָבער אין היינטיקע צייטן פאָדערן זיך לידער, נישט וועגן ליבע און בלומען, נאָר וועגן שטאָל און מאַשינען. אַזאַ ענטפער פון אַזאַ ראָמאַנטישן דיכטער האָט מיך פאַרוווּנדערט. אפשר האָט אין דעם ענטפער געשטעקט אַ שפּאַט־שפּילקעלע קעגן די ״לינקע״ דיכטער, און דאָס איז געווען דער מיין פונעם ״רויטן אָדערל״; אפשר.

ווען איך בין דערנאָך געווען צו־גאַסט אין וואַרשע, אין ליטעראַטן־פאַראיין, געדענקט זיך מיר, האָט סעגאַלאָוויטש מיר מיט אַ טאָן פון מלא־פאַראיבל געברומט, אַז היינט שרייבן צענדליקער יונגעלייט לידער, אָבער אין גיכן ווערן זיי פאַרפאַלן און מע הערט נישט פון זיי. זענען אפשר אויך אָט די רייד, געווען אַן אָנצוהערעניש מיר פערזענלעך? גאָר שאַרף איז מיר פאַרבליבן איינגעקריצט אין זכרון אָט וואָס: כ׳בין געזעסן אין פאָדערשטן שמאָלן און לאַנגן צימער פונעם ליטעראַטן־פאַראיין, אין אַ ווינקל, אין דערוואַרטונג אויף אַ תשובה וועגן עפּעס אַן ענין — כ׳געדענק נישט אַ וואָסערן. ס׳זענען דאָ געווען איצט ווײַניק מענטשן. סעגאַלאָוויטש האָט, אַ פאַרמרה־שחורהטער, אַרומגעשפּאַצירט אַהין און צוריק, אַן אויסגעגלייכטער אויף זיינע לאַנגע פיס. ער האָט אין מיין פאַרשטעלונג אַרויסגערופן דאָס בילד פון אַ באַטשאַן אויף דער לאַנקע פון מיין געבוירנשטעטל... דאָס האָט אים מיר היימישער געמאַכט. האָב איך זיך געמאַכט האַרץ, זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו אים און אַ פרעג געטאָן וועגן מיין ענין.

— לאָזט מיך צו רו! — האָט ער, אוועקקוקנדיק, בייז אַ וואַרטשע געטאָן און... דער באַטשאַן האָט אַוועקגעשפּאַצירט ווייטער.

איך האָב דערפילט אַ שוואַכקייט אין האַרצן און אַז אַ באַק פלעמלט זיך, ווי נאָך אַ פּאַטש. האָב זיך אַרומגעקוקט, צי האָט קיינער נישט באַמערקט דעם בזיון פון דעם פראָווינצער בחור. און ס׳האָט מיר געוווּנדערט, וואָס דער זכות פון דוד איינהאָרנס פאַרשטעלן מיך פאַר אים אַלס אַ דיכטער איז מיר נישט בייגעשטאַנען.

די צייט מיט אירע פאַרלויפענישן האָבן געטאָן זייערס — איך אַליין האָב שוין זעלטן זיך דערמאָנט אין איינהאָרנען, ביז לסוף האָט דער געקרוינטער ווי אין גאַנצן פאַרגעסן זיין קרוינער. דערמאָנט האָב איך זיך אין אים

ערשט אין יאָרן אַרום, ווען ס׳זענען
מיר פאַר די אויגן געקומען זיינע לידער
וועגן דער שואה, אין וועלכע ער זינגט־
קלאָגט: ״דאָרט לאָז מיך ליגן אויפן
ברעג דעם וויסטן / צווישן פעלדזן נאַ־
קעטע און הערן / דעם אייביקן גע־
וויין פון גרויסן חורבן / אונטער אַ
הימל גרוי׳ און פוסט אָן שטערן״. /
און זיינע אַ ליד ״ירושלים של מעלה״.
זיין מיינונג וועגן העברעיש און העב־
רעישער ליטעראַטור האָט ער שוין זיכער
געהאַט געביטן. צי האָט ער זיך דער־
מאָנט אין זיינע רייד וועגן דעם און
דערבײַ אויך אין מיר אַליין?



און וואָס איז מיט דעם צימערמאַן,
וועלכער האָט מיך, דעם אָנפאַנגער, צו־
זאַמענגעפירט מיט דעם באַרימטן פּאָעט?
ער האָט פאַרלאָזט די בונדישע ״לעבנס־
פראַגן״, אריינגעטראָטן אין דער קאָמו־
ניסטישער פּאַרטיי און געענדערט זיין
נאָמען אויף מייסקי. מער האָב איך
וועגן אים אַ לאַנגע צייט נישט געהערט.
ערשט אין די פופציקער יאָרן איז צו
מיר אין וואַרשע דערגאַנגען, אַז מייסקי
געפינט זיך דאָ אין די שפּיצן פון דער
קאָמפּאַרטיי. מיט יידישער טעטיקייט
פאַרנעמט ער זיך נישט. מיט די יידן
אין פוילן און זייער לעבן האָט ער קיין
שום שייכות נישט. נאָר אָט איז ער איין
מאָל געקומען אויף אַ מסיבה אין לאָ־
קאַל פון דער יידישער קולטור־געזעל־
שאַפט ווי אַ פאַרשטייער פון דער
פּאַרטיי. אַ דיקלעך מענטשל מיט אָפּגע־
שאָרענע בלאָנדע האָר, וואָס לינען שוין
אויס, אַ נעבעכדיק רעשטל פון דער
אַמאָליקער טשופּרינע. כ׳האָב אין אים
קוים דערקאָנט דעם אַמאָליקן צימערמאַן
פון די ״לעבנס־פראַגן״. נישט געקאָנט
זיך אָפּהאַלטן, צוגעגאַנגען צו אים און
זיך פאַרגעשטעלט, פאַרשטענדלעך, אויף
מאַמע־לשון:

— איר זענט דאָך אין דעם ״לובלינער
טאָגעבלאַט״ געווען מיין ערשטער קריי־
טיקער און אין די ״לעבנס־פראַגן״ מיך
באַקענט מיט דוד איינהאָרן.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, ווי
ער וואָלט זיין מאַמעס לשון נישט דער־
קאָנט, אַ ברום געטאָן, ווי, להבדיל,
סעגאַלאָוויטש, ווען איינהאָרן האָט מיך
פאַר אים פאַרגעשטעלט, און שנעל,
שטום זיך אָוועקגעדרייט... איך האָב
אים נישט צוריק געהאַלטן. ווען כ׳וואָלט
געוועון קאָנען, וואָלט איך אים נאָך
אונטערגעשטופּט אַוועק צו גיין. אפילו
דער זכות פון דוד איינהאָרן קאָן אַזעלכע
נישט ביישטיין.



לעוו לב) סירקין — קאַפּיטאַן קאַגאַן (1943)

**זאַמי פעדער**

1.

# וועגן ירחמיאל בריקס ז״ל

דער 1טן טאָג חול־המועד אין ישראל, דער צווייטער טאָג סוכות אין די תפוצות, דעם 2טן אָקטאָבער 1974, איז אין ניו־יאָרק געשטאָרבן מיין קאַצעט־חבר ירחמיאל בריקס ז״ל. ביידע זענען מיר באַפרייט געוואָרן אינעם באַרימטן און שרעקלעכן לאַגער בערגען־בעלזען.

איך דערמאָן זיך, באַלד נאָך דער באַפרייאונג, ווען דער טיפוס האָט געבושעוועט אין לאַגער און ווען הונדערטער קאַצעטלער זענען געשטאָרבן יעדן טאָג, און מען האָט זיי מקבר געווען אין מאַסן־קברים צו טויזנט, צוויי טויזנט, פינף טויזנט און מער, האָבן מיר זיך געלאָזט, אַ גרופּע חברים, איבער די באַראַקן פון די דעמאָלט שווער טיפוס־קראַנקע קאַצעטלער צו זאַמלען יידישע און העברעישע לידער, פאָלקס־לידער, חסידישע לידער, אַרבעטער־לידער אאַ״וו. גלייכצייטיק, האָב איך געבעטן אַלע, וועמען כ׳האָב געטראָפן, קראַנקע און דאָס ביסל ״געזונטע״ :

חברה, באַשרייבט אייערע איבערלעבענישן, מען זאָל עס נישט פאַרגעסן, שרייבט, שרייבט אַזוי ווי איר קענט אין יעדער שפּראַך.

אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס דער גרעסטער טייל לאַגערניקעס האָבן זייערע איבערלעבענישן פאַרשריבן נישט אין פּראָזע נאָר אין פּערזן.

אַזוי גייענדיק איבער די באַראַקן צווישן די קראַנקע, קומט צו מיר צו אַ בחור, אַן אויסגעדאַרטער, אַ קליינער, כמעט אַ ״מוסולמאַן״ * און שטעלט זיך פאַר מיר פאַר: ״איך הייס ירחמיאל בריקס, איך בין פון סקאַרזשיסק״ — מיין שוועסטער פון איר מאַנס זייט, האָט אויך געהייסן בריקס און געוווינט אין סקאַרזשיסק — די היימשטאָט פון ירחמיאל בריקס, מיר האָבן זיך צעשמועסט און טאַקע אַזוי שמועסנדיק, ציט ער אַרויס פון זיין געשטרייפטער קאַצעט־פּיזשאַמע אַ העפט, וועלכער ליגט נאָך היינט ביי מיר, און זאָגט:

— זאַמי, דו זעסט, איך בין אַ טויט־קראַנקער, ווער ווייסט צי איך וועל בלייבן לעבן... איך בעט דיך, נעם צו דעם העפט מיט די לידער, איך האָב זיי אין געטאָ און אין לאַגער געשריבן און איינשטעלנדיק דאָס לעבן זיי אַדורכגעשמוגלט ביז בערגען־בעלזען. איך גיב דיר דעם העפט, זאָלסט אים היטן.

אַ קורצע צייט, שוין נאָך דער באַפרייונג, האָט מען ירחמיאל בריקס מיט אַנדערע קראַנקע אַוועקגעשיקט צו היילן קיין שוועדן.



ווען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון יידן אין דער בריטישער זאָנע פון בערגען־בעלזען, האָט אַרויסגעגעבן די ״קאַצעט

* מוסולמאַן — אַ קאַצעטלער, וואָס האָט שוין פון לעבן רעזיגנירט, ווערט יעדן טאָג דאַרער און דאַרער, אָדער ער ווערט געשוואָלן, אַפּגעשוואַכט, ביז ער גייט אויס.

און געטאָ־לידער" געזאַמלט פון מיר
אונטער דער רעדאַקציאָנעלער מיטהילף
פון פאַול טרעפּמאַן און דוד ראָזענטאַל,
האָב איך טאַקע איינס פון זיינע לידער
אַריינגענומען אין דער דאָזיקער זאַמלונג.
און דאָס איז די ליד:

## וווּהין?

נאַכט, יולי 1944. פּאָליציי. קאַניבאַלישע לאַפּעס לויערן,
אונדז פון די בעטן אַרויסצוגזלען.
מיר געפינען זיך אין שרעק.
ווידער אויסזידלען אונדז מען וועט?
ווו? וווּהין?

מיר, ווי מייז אין יאַטקעס פאַרשטעקט,
האָבן מורא אַרויסצווייזן די קעפּ.
ווי אין דרויסן עס וואַלט דער טויט געלויערט,
דער אָטעם שטייט אָפּ, ווען טריט נאָר מען הערט.

מיר קוקן אויף די שטוב־זאַכן,
באַלד וועט מען אונדז פון זיי אַוועקשיידן,
און ווער פאַר וועמען וועט שטאַרבן פון אונדזביידן?

אונדזערע הערצער וויינען און אַלץ מיט אונדז ווײנט מיט,
ס'געשיר, ס'מעבל, דער דיל, די ווענט, דער סופיט,
און אין דרויסן? אין דרויסן ווײנט דער הימל.
עס ווײנט דער ווינט.

ער כליפּעט ווי אַ קליין קינד,
די לבנה, אַ פאַרווײנטע, האָט זיך באַהאַלטן אין אַ זייט.
זי האָט זיך אָנגעטוען אין אַ טרויער־קלייד,
ווי אַלץ מיט אונדז ווײנט.

מיר קאָנען נישט איינשלאָפן פון שרעק,
אונדז עגבערט די פראַגע:
אויסזידלען אונדז מען וועט,
ווו, וווּהין?

(לאָדזשער געטאָ)

אַ צאָל לידער זיינע זענען פאַרבליבן
ביי מיר ביז פאַראַיאָרן, איך האָב זיי
אויסגעהיט קנאַפּע דרייסיק יאָר. בריקס
האָט זיי אַריינגעגעבן אין דעם חודש־

זשורנאַל "יידישע קולטור", נומער 32, 4־טער יאָרגאַנג. אָט וואָס עס שרייבט דער חודש־זשורנאַל "יידישע קולטור":

## געטאָ און קאָנצענטראַציע־לאַגער לידער פון ירחמיאל בריקס

דער באַוווּסטער שרייבער, דער מחבר פון "אַ קאַץ אין געטאָ", "די פּאַפּירענע קרוין" און אַ גרויסע צאָל אַנדערע ווערק, וואָס שילדערן דאָס געטאָ־לעבן מיט זעלטענער פיינלעכער פשטות, סענסי־טיווקייט און צעוויייטיקטער עקספּלאָזיוו־קייט, האָט אונדז צוגעשיקט אַ צאָל לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין לאָדזשער געטאָ און אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין די יאָרן 1940—1945.

די לידער האָבן זיך איצט אָפּגעזוכט. מיר דרוקן זיי ווי זיי זענען דאַמאָלט — מיט 25—30 יאָר צוריק — געשריבן געוואָרן. מיר האָבן בלויז געענדערט די פּונקטואַציע.

ירחמיאל בריקס שרייבט אונדז:

ניו־יאָרק, 22 פעבר. 1970,

זייער חשובער פריינט איטשע גאָלד־בערג,

"איך שיק אייך זיבן לידער, וואָס איך האָב געשאַפן אין לאָדזשער געטאָ און אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואָס עס האָט מיר צוגעשיקט מיין פריינט זאַמי פעדער פון ישראל. ער שרייבט מיר:

"... טייערער ירחמיאל בריקס: איך שיק דיר פון מיין אַרכיוו אייניקע פון דיינע לידער. מעגלעך, אַז דו האָסט זיי נישט".

— "עטלעכע פון די לידער האָב איך געהאַט פאַרגעסן און פון טייל האָב איך געדענקט צו עטלעכע סטראָפעס. בין איך טאַקע דאַנקבאַר זאַמי פעדער, וואָס ער האָט זיי אויפגעהיט און מיר צו־געשיקט".

זאַמי פעדער האָט געזאַמלט לידער פון די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן און זיי איינגעזאַמלט אין זיין אַרכיוו אין בערגען־בעלזען. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן (העקטאָגראַפירט) אַ זאַמ־לונג א. נ. "געטאָ און קאַצעט־לידער"... ער האָט אויך געשאַפן, אָנגעפירט און רעזשיסירט מיט דעם יידישן טעאַטער אין בערגען־בעלזען.

בברכות,

**ירחמיאל בריקס**

## 2.

# ד״ר פּאַול באַראַטאָוו (בן־צבי)

אין אָנהויב פון די פופציקער יאָרן איז אין לאָס־אַנדזשעלעס, אין גרויס אָרעמקייט, געשטאָרבן דער אַמאָל באַרימטער יידישער שוישפּילער פּאַול באַראַטאָוו (בן־צבי). אפשר וועט ווער אַמאָל באַשרייבן דאָס לעבן און שאַפן פון דעם אינטעלעקטועלן און קולטורעלן שוישפּילער, וואָס איז געווען טעטיק אויף דער יידישער בינע.

איך וויל בלויז דערציילן אַ קליינעם עפּיזאָד — אַ בלעטל צו דער לעבנסגעשיכטע פון פּאַול באַראַטאָוו.

געווען איז עס אין אויגוסט 1929 אין בערלין. דעמאָלט איז דאָס טעאַטער אין דייטשלאַנד און בכלל אין דער וועלט, געשטאַנען אויף זיין העכסטער מדריגה פון שאַפן, פון זוכן נייע וועגן. צווישן די באַרימטע רעזשיסאָרן אין בערלין זענען דעמאָלט געווען די דריי גרויסע: מאַקס ריינהאַרדט, לעאָפּאָלד יעסנער און ערווין פּיסקאַטאָר.

פּיסקאַטאָר איז געווען אין דער בליעפּאָכע פון זיין פּאָליטיש טעאַטער — "די פּיסקאַטאָר־בינע".

צווישן אַ סך פאַרשידנאַרטיקע פּיעסן, וואָס ער האָט אויפגעפירט, איז אויך געווען די פּיעסע "דער סוחר פון בערלין" פון וואַלטער מעהרינג, אַן "אייניקל" פון "סוחר פון ווענעדיג", נאָר געשריבן פונעם ייד מעהרינג און רעזשיסירט פון גוי פּיסקאַטאָר.

דער סיפּור המעשה, אויף וויפל איך קאָן זיך דערמאָנען, איז:

דער גאַליציאַנער ייד, קאַפּטאַן, אַנטלויפט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט זיין יינגסטער טאָכטער פון די פּאָגראָמען אין לעמבערג, ווו ער האָט פאַרלוירן די פאַמיליע און זיין גאַנץ פאַרמעגן און קומט קיין בערלין אין דעם באַקאַנטן יידישן קוואַרטאַל — אין דער גרענאַדיר־שטראַסע, ווו ער זוכט הילף און שוץ. אין בית המדרש פון דער גרענאַדיר־שטראַסע וויל ער, לערנענדיק תורה ביים דאָרטיקן רבין, געפינען אַ תשובה אויף זיינע ליידן. נישט פילנדיק זיך גענוג פרום תשובה צו טאָן, זוכט ער ביי דעם רבין הילף פאַר זיין אייניציק געבליבענער טובערקולאָז־קראַנקער טאָכטער יעסי. אָבער אויך דאָ האָט ער נישט קיין רו. די נאַציס באַפאַלן דאָס בית־המדרש, מען שלאָגט, מען פּאָגראָמירט — "יודע פערעקע!..." "דויטשלאַנד ערוואַכע!..." און ווידער שטייט קאַפּטאַן פאַרצווייפלט: וווהין גיין?... וווהין אַנטלויפן?... אַז דער רבי האָט אים נישט געהאָלפן און די איינציקע טאָכטער זיינע ליגט קראַנק, זיין גאַנץ פאַרמעגן איז 20 דאָלאַר. באַשליסט ער רייך צו ווערן אין דער האָפענונג דורך רייכקייט קאָנען לינדערן זיינע ליידן.

די גענעראַלן און מיניסטאָרן ווילן רייך ווערן און מען פאַרקויפט דעם ייד קאַפּטאַן נייע האַרמאַטן פאַר אַלט־אייזן. דער געשעפטס־פירער פון קאַפּטאַנען איז אַ גרויסער דייטשער אַדוואָקאַט, אַן אָנפירער פון אַ דייטשנאַציאָנאַלער פאַרטיי — ער איז דאָס קאַפּטאַנס הויפּט־געשעפטספירער — ער מאַכט די אַלע טראַנז־

אַקציעס און שווינדל־געשעפטן און קאַפטאַן, דער גאַליציאַנער ייִד, איז די מאַרקע.

קאַפטאַן ווערט פון טאָג צו טאָג רייכער. קאַפטאַן ווערט גרויס און מעכטיק, אַלע בוקן זיך פאַר אים — רייכע זינדלעך פון גענעראַלן און מיניסטאָרן שדכענען זיך צו זיין טאָכטער — מען פאַרגעסט, אַז זי איז אַ יידישקע. קאַפטאַן וויל נאָך מער, נאָך רייכער ווערן און דאָס זעלבע זיין געשעפטס־פירער און די גענעראַלן. אָבער דאָס פאָלק ווערט אָרעמער און הונגערט. — דאַן קומט דער צוזאַמענברוך פון דער דייטשער ווירטשאַפט. קאַפטאַן פאַרלירט זיין גאַנץ פאַרמעגן. זיין טובערקולאָזע טאָכטער שטאַרבט און קאַפטאַן גייט אַוועק אַ צעבראָכענער און נאָך אַ גרעסערער אָרעמאַן, ווי ער איז געקומען, בלויז זיין נאָמען בלייבט — "דער גאַליציאַנער שיבער, דער יודע קאַפטאַן".



ס'איז געווען איינע פון די גרעסטע טעאַטער־אויפפירונגען פון פיסקאַטאָרן, 200 שוישפילער האָבן זיך באַטייליקט, צווישן זיי די "יידישע טעאַטער־סטודיע" אין בערלין. בלויז די הויפט־ראָל פון קאַפטאַן איז נישט געווען ווער עס זאָל שפילן. עס איז איינגעלאַדן געוואָרן דער באַרימטער פילם־ און טעאַטער־שוישפילער אָסקאַר האָמאָלקאַ צו שפילן קאַפטאַן. די ראָל קאַפטאַן האָט באַדאַרפט געשפילט ווערן אין יידיש. און דאַן, ווען ער ווערט רייך — אין אַ צעבראָכענעם דייטש־יידיש.

איך בין פון פיסקאַטאָרן באַאויפטראַגט געוואָרן העלפן אָסקאַר האָמאָלקאַ אין זיין יידיש. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו באַזוכן אַ בית־המדרש אין דער גרענאַדיר־שטראַסע בכדי צוצוגרייטן די פאַרפילמונג פון פאָגראָם אויפן אָרט. מיר זענען אַוועק אין דער גרענאַדיר־שטראַסע: ערווין פיסקאַטאָר, דער בינע־אַרכיטעקט, דער באַרימטער פראָפעסאָר ל. מאָהאָלי־נאַדזשי, דער שרייבער וואָלטער מעהרינג, אָסקאַר האָמאָלקאַ און איך. מיר זענען אַריין אין דער גרענאַדיר־שטראַסע 30, ווו עס האָט זיך געפונען אַ ישיבה און אַ בית־המדרש — מען האָט פונקט געדאַוונט מנחה און דער דאָרטיקער רב הרב וואַרשויער האָט געדאַוונט מיט אַזאַ כוונה, אַז דער גרויסער שוישפילער אָסקאַר האָמאָלקאַ איז געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט, צום שלוס האָט ער זיך אָנגערופן צו פיסקאַטאָרן:

— ערווין, איך שפיל נישט דעם קאַפטאַן, איך בין נישט קיין אַנטיסעמיט, און דאָס, וואָס דער אַ מאַכט, — האָט ער געוויזן אויפן רב, — אַז איך וועל דאָס זעלבע טאָן, קאָן דאָס ווירקן אַנטיסעמיטיש און דאָס וויל איך נישט.

ער האָט אַרויסגענומען אַ פאָר גרעסערע מטבעות און אַריינגעוואָרפן אין דער צדקה־פושקע, וועלכע אַ ייד האָט געהאַלטן, געקלאַפט און צוגעמורמלט: "גיט פאַר לומדי תורה" — ער האָט זיכער געמיינט, אַז אַמעריקאַנער יידן זענען געקומען קדיש זאָגן. אָסקאַר האָמאָלקאַ האָט זיך מיט אונדז געזעגנט און איז אַוועק.

צוליב דער יידישער שפראַך און אויך בכדי די ראָל זאָל נישט ווערן אויסגעטייטשט, ווי אַן אַנטיסעמיטישע... האָבן מיר באַשלאָסן אַז אַ יידישער אַקטיאָר זאָל שפילן די ראָל פון קאַפטאַן. עס איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן אַלעקסאַנדער גראַנאַך, וועלכער האָט דעמאָלט געשפילט אין בערלינער שטאַטס־טעאַטער אָבער דער אינטענדאַנט פון דייטשן מלוכהשן טעאַטער האָט גראַנאַכן נישט געוואָלט באַפרייען. מען האָט אויך פאָרגעלייגט די קאַנדידאַטור פון שלמה מיכאָעלסן, אָבער אויך דאָ האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן. עס איז געווען אין דער צייט ווען גראַנאָווסקי איז אַוועק פון מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער און מיכאָעלס איז געוואָרן דער

אָנפירער, אַזוי אַז דער ראַטנפאַרבאַנד האָט נישט דערלויבט מיכאָעלסן אַוועקצופאָרן פון מאָסקווע.

מען פרובירט שוין צוויי חדשים. די פילמען צו דער פיעסע זענען שוין פאַרטיק. די טעאַטער־פרעמיערע רוקט זיך אָן און דער הויפטראָליסט איז נישטאָ.

פיסקאַטאָר באַשליסט צו נעמען דריי יונגע יידישע אַקטיאָרן און מיט זיי אַרבעטן אויף דער ראָל — דאָס זענען געווען דוד פייט פון דער יידישער טעאַטער־סטודיע, בלייך און שעפּס. די יונגע אַקטיאָרן זענען געווען באַגאַבטע בחורים, אָבער צו יונג פאַר אַזאַ ראָל. און דאָ איז געקומען דער דראַמאַטורג משה ליפשיץ מיט אַ שמחה: ערווין, איך האָב! ד״ר פאַול באַראַטאָוו.

פאַול באַראַטאָוו איז דעמאָלט געווען אין ניו־יאָרק. אין אַכט טאָג אַרום איז בן־צבי, ווי פאַול באַראַטאָוו האָט זיך גערופן אויפן פּראָגראַם, געווען אין בערלין די פרעמיערע איז אָפגעלייגט געוואָרן אויף אַכט טעג. און פאַול באַראַטאָוו האָט געשפילט די הויפט־ראָל: ״דער סוחר פון בערלין״.

די פרעמיערע האָט געדויערט פינף שעה, די גאַנצע דייטשע און וועלט פרעסע איז געווען פאַרטראָטן.

צומאָרגנס נאָך דער פרעמיערע איז קעגן ערווין פיסקאַטאָר אַרויסגעטרעטן די גאַנצע רעאַקציאָנערע דייטשע פרעסע. דער גרויסער שוישפילער פאַול באַראַטאָוו האָט די געשטאַלט ״קאַפּטאַן״ געשפילט מיט אַזוי פיל האַרץ און נשמה, טראַגיזם און פראָטעסט, אַז געווונען האָט דער ייד קאַפּטאַן.

ל. פּאָדאָליער

# פּאָלעמישע נאָטיצן

## אַ. וועגן מאָדערניזם

"מאָדערניזם" קלינגט ווי "ניי־מאָדיזם"; פשוטער — ניימאָדיש (און וואָס היינט איז ניימאָדיש ווערט מאָרגן נאָטירלעך אַלטמאָדיש!). נאָר אַ נייע מאָדע, לאָמיר זאָגן, אין קאָנפעקציע, אָדער אַנדערע געברויך־אַרטיקלען האָט דעם באַשיימפערלעכן ציל צו געווינען וואָס מער קונים, ווען די היינטיקע מאָדעס אין דער קונסט מאַכן דעם איינדרוק, ווי זייערע שעפער וואָלטן געשטעלט פאַר זיך אַ פונקט־פאַרקערטן ציל — פאַרטרייבן דאָס לעצטע ביסל קונסט־געניסער . . .

מע קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ צעטומלעניש די "ניי־מאָדיסטן" וואָלטן געבראַכט מיט זיך אויף אונדזער האַלב־חרובער יידיש־ליטעראַרישער גאַס, ווען זיי וואָלטן דאָרט באמת באַלעבאַטעוועט . . . צום גליק איז זייער טעטיקייט־ספערע באַגרענעצט בלויז צו קליינזל־ראַמען פון סנאָביסטישע סאַלאָנטשיקלעך. אמת, אייניקע צייטונגען דרוקן גאַנץ גערן זייערע נעפּלהאַפטע פּרעפּלערייען און יענוועלטיקע בויכריידענישן, אָבער דאָס איז דערפאַר, ווייל די רעדאַקטאָרן מיינען גאַנץ אויפריכטיק, אַז מיט דעם דערהייבן זיי זיך איבער דער אייגענער אַלטמאָדיש־אויסגעדראָשענער צייטונגס־באַנאַליטעט.

דער באַגריף "מאָדערניזם" איז דאָך אַנגענומען אין פּאָזיטיוון זין און באַטייטן באַדאַרף ער, ווייזט אויס, דאָס זעלבע, וואָס "נייע צייטן — נייע לידער", דאָס הייסט, אַז אין יעדער עפּאָכע ווערן אויף ס'ניי באַפליגלט די אייביקע קונסט־ווערטן דורך אַ קוואַליטאַטיוו־נייער פּאָעטיק, זיי ווערן פאַרפולט מיט קאָנקרעטן צייטגייסט ווי זעגלען מיט פרישן ווינט, וואָס יאָגט פאָרויס אונדזער שיף.

נאָר אַזוי! — אַנדערש וואָלט אונדזער געקרויינטער ש. ניגער נישט באַצייכנט משה קולבאַקן אַלס איינעם פון די סאַמע מאָדערנע דיכטער, אַנווייזנדיק דערביי מיט בייסיקער איראָניע וועגן אַלע די יעניקע, וואָס מיינען, אַז "מאָדערנע פּאָעזיע . . . — דאָס איז די מאָדערנע טעכניק פון פערז. און דער רעצעפּט איז אַ לייכטער: אַ פּאָר שורות לאַנגע צעצויגענע, איין שורה אַן אָפּגעהאַקטע, דערנאָך ווידער אַ פּאָר לאַנגע און לענגערע, דאַן עטלעכע היינטמאָדישע טעכנישע טערמינען פון פרעמד־ווערטערבוך, אַ פּאָר גוזמאות, אַ ביסעלע היסטעריק, אַ מינע פון אַ גרויסשטאָטישן — און פאַרטיק. ביסט אַ מאָדערנער פּאָעט. ס'מאַכט ניט אויס, וואָס דו האָסט אַן אַלטע פאַרשימלטע נשמה: אבי די "טעכניק" איז אַ נייע! מיט דער הילף פון טעכניק שטאָפּט מען אַן פּעלן פון טויטע חיות מיט שטרוי און מע מאַכט, אַז זיי זאָלן אויסזען ווי לעבעדיקע. אַזוי ווערט פון מאָדערנע פּאָעזיע עפּעס אַ מין פּאַנאָפּטיקום — אַ זאַמלונג פון פאַרגליווערטקייטן. אַן אַקאַדעמיזם אויף דער לינקער זייט. צו וואָס די אַנטפּלעקונג פון הייליקן גייסט? צו וואָס דאָס דורשטן און דאָס ברענען? האַנט־אַרבעט!" (ש. ניגער "יידישע שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד" ז' 76).

קאָמענטירן די דאָזיקע שורות איז לחלוטין איבעריק. צוגעבן באַדאַרף מען

דאָך, אַז די איצטיקע ניי־מאָדיסטן האָבן שוין דערגרייכט אַ שפּאָגל־נייע האַנט־אַרבעט, אַ מין "טעכניק" פון פאָרמלאָזיקייט און גיי זוך דאָרט אַ שטיקל אינהאַלט אין אַזאַ שלל פון מוטנע וואַסערן, שוין אָפּגערעדט פון אַזעלכע פאַרעלטערטע "שמאָנצעס" ווי "די אַנטפּלעקונג פון הייליקן גייסט"...

## ב. אין גייסט פון "אַקאַדעמיזם אויף דער לינקער זייט"

מיר זענען גענייגט צו מיינען, אַז דווקא אין איינקלאַנג מיט אָט דער פּרי־מיטיווער קאָנצעפּציע, וועלכע ניגער האָט אַזוי בייז אויסגעלאַכט, אין גייסט פון "אַקאַדעמיזם אויף דער לינקער זייט" גייט איצט אָן, דערוויל נאָך אַ שטילער, כלומרשט אַ פריינדלעכער און גאַנץ פאַרזיכטיקער קריטישער אַליאַנס קעגן דער שרייבער־גרופּע, וועלכע איז עולה געוועזן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

מיר וועלן דאָ נישט רעדן וועגן די דערפינדער פון דעם נאַריש־בייזוויליקן בינד־ווערטל "עולים־ליטעראַטור", קיינער נעמט דאָך נישט ערנסט די נעבן־ליטעראַרישע איבונגען פון שונד־זשורנאַליסטיק... מיר ריידן דאָ, אַלזאָ, וועגן ליטעראַרישער קריטיק, וועלכע פּרעטענדירט אויף פּראָפעסיאָנעלער געשולטקייט און איז אויבנאויפיק אפילו גאַנץ קאָרעקט.

לייענען מיר, למשל, די רעצענזיעס פון **יצחק יאַנאַסאָוויטש** וועגן די ניי־אַרויסגעגעבענע ביכער פון שרייבער־עולים אינעם נומער 3 פון "ביי זיך"; מיר באַוווּנדערן די געשיקטקייט, מיט וועלכער יאַנאַסאָוויטש פאַרוואַנדלט די פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג פון דעם אָדער יענעם דיכטער, אויב נישט אין קיין פולשטענדיקער, דאָך אין אַ נעגאַציע פון דער אייגענער אָפּשאַצונג. און דאָס דערשלאָגט זיך דער קריטיקער מיט עטלעכע אומשולדיקע נעבן־באַמערקונגען. אָט האָט איר אַ גאַנץ טרעפלעכע און געפּרעסטע כאַראַקטעריסטיק פון **זיאַמע טעלעסינס** דיכטונג: "זיאַמע טעלעסינס פּאָעטיש לשון איז דאָס לשון פון דעם ליטוויש־רייסישן ייִד וואָס צייכנט זיך אויס מיט כאַראַקטעריסטישע סלאַוויזמען, אָבער מער נאָך מיט דעם באַזונדערן ניגון און מיט דער באַזונדערער בילדלעכקייט פון יענעם דיאַלעקט, וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם אופן צו פורעמען די גערעדטע און געשריבענע פּראָזע"...

גאַנץ ריכטיק פאַרצייכנט ווייטער יאַנאַסאָוויטש, אַז "טעלעסין האָט אין זיין ליד־מאָלעריי ליב אַרויסצוברענגען פּרטים, אָבער די פּרטים מיט וועלכע ער פאַרפולט זיין בילד קומען זיך צונויף און ווערן איינס אין דער אַלגעמיינער קאָמפּאָזיציע פונעם ליד". אַפּאָריסטיש און פיין געזאָגט! נאָך פיינער — די קורצע פאַראַלגעמיינערונג וועלכע מיר לייענען ווייטער אין דער דאָזיקער רעצענזיע:

"בכלל איז פאַר טעלעסינס לידער כאַראַקטעריסטיש אָט די פּוענטע וואָס ברענגט צונויף אַלע פּרטים פון ליד אין איין גאַנצקייט און וואַרפט אַ רעטראָספּעקטיוו ליכט אויף דעם גאַנצן בילד". — דאַכט זיך גוט וואָס בעסער קאָן ניט זיין? — וועלן מיר פרעגן. — טויג עס ערשט ניט! — וועט אונדז ענטפערן דער זעלבער קריטיקער, ווייל, זעט איר, "ווען אַ דיכטער געוווינט זיך צו, אַז אַ ליד מוז האָבן אַ זאָגערישע און באַלייכטערישע פּוענטע קאָן ער ניט אויסמיידן קיין עפּיגראַמאַטיק"...

געכאַפּט ביי אַזאַ אומגעהערטן חטא ווי "עפּיגראַמאַטיק" (וועגן דעם וועלן מיר שפּעטער גענויער זיך אָפּשטעלן) קאָן מען שוין מענטאָריש אַ ווינטש טאָן דעם דיכטער "ער זאָל געפינען מער נייע אופנים אויסצודריקן דיכטעריש זיין נאַציאָנאַלן שטאָלץ און זיין ווילן צו זיין און צו בלייבן אַ ייִד". מען קאָן אפילו טעלעסינס דורכאויס עפּישן — נישט געקוקט אויפן לירישן פּינטעלע חן — אויסגעזאַנג וועגן "בלעכערישן האַמער" — אַ יאַדערדיקן ליד, וווּ יעדער קאָנקרעט בילד, יעדער פּרט איז

דיכטעריש באַטעמט און פאַרשמעקט ממש מיט פרישקייט פון וואַלד און דעמ־בענער קאָרע, מיט פיינלעכער פרייד פון מענטשלעכער מי — אויך אַזאַ ליד קאָן מען אוועקמאַכן מיט דער האַנט, זאָ־גנדיק, אַז ״ס׳איז נאָך אַלץ נישט דער־גאַנגען צום לירישן געזאַנג״... און ״ס׳פעלט״ — זעט איר — ״זישע לאַנדויס ליריש אַפּעטיטלעכער סאָוס, וואָס זאָל העלפן עס פאַרדייען״... אויף דערויף קאָן מען בלויז ענטפערן, אַז יעדער האָט זיך זיינע גאַסטראָנאָמישע נייגונגען און ביי אונדזער גאַנצער אַכטונג צו טעלע־סינס פּאָעזיע, וואָגן מיר דאָך נישט צו זאָגן, אַז אויך ביי זישע לאַנדוי האָט געפעלט דאָס, וואָס איז אייגנטימלעך טאָקע נאָר פאַר טעלעסינס דיכטונג, נייערט — נישט ״די יומטובדיקע בלוי־קייט פון ליריק״ נאָר דאָס געזונטע רויט־מענטשלעכע בלוט, וואָס פולסירט אַזוי הייס אין טעלעסינס גוטע ברייטהאַרציקע לידער.

### ג. וועגן דער ״פלאָג״ פון עפּיגראַמאַטיק

אין דער רעצענזיע וועגן יוסף קער־לערס צווייט בוך, אַרויסגעגעבן דורכן פּרץ־פאַרלאַג, געפינט דער קריטיקער ניט ווייניק לויבווערטער פאַר דעם ״קעמ־פערישן דיכטער״, אָבער אַלס אַזעלכער, זאָגט ער: ״האָט קערלער זייער פיל פון די אַזוי־גערופענע קרעדאָ־לידער, לידער וואָס דערזאָגן זיך צו אַ סך הכלדיקן אני מאמין״... ווייסן מיר נאָך ניט, צי איז דאָס גוט אָדער שלעכט, פשוט — יאַנאַסאָוויטש גיט זיין אָביעקטיווע, אַזוי צו זאָגן, פעסטשטעלונג, אַז ״אפילו אין קערלערס נאַטור־לידער איז פאַראַן דער דאָזיקער עפּיגראַמאַטישער סוף פסוק״... אָבער ווייטער, ווייזט זיך אַרויס, אַז ס׳איז — פע, טאָקע גאָר פע! ווייל ״אַזעלכע לידער ווי ׳פראָסט־קייט׳, ׳דאָס אייגן העמד׳..., ׳מע זאָגט׳, ׳קיין גרויסע גליקן זוך איך נישט׳ און אַנדערע זענען דורכאויס עפּי־גראַמאַטיש, הן מיט זייער מוסר השכל, הן מיט זייער רייד־שפּראַכיקן נוסח, וואָס זייער פאָלקסטימלעכקייט דערמאָנט צומאָל דעם פריען רייזענען״... היינט כאַפּט איר זיך שוין סאַראַ אָפּ־געשטאַנענער קערל דער קערלער איז, ריכטיקער, ווי נישט ביימאָדיסטיש ער איז ״ווייל מיר ווייסן דאָך — זאָגט יאַנאַסאָוויטש — אַז די יידישע פּאָעזיע אין דער פרייער וועלט האָט זיך שוין מיט דער דאָזיקער פאָרם אויפגעהערט צו באַנוצן נאָך אין די צייטן פון די ״יונגע״.

צוליב באַגריינדן דעם דאָזיקן געדאַנק ווערט ציטירט קערלערס אַ ליד:

**מע זאָגט: ווען ס׳איז גוט**<br>
**זענען פריינד אויפן פּוד.**<br>
**מע זאָגט: אין אַ נויט**<br>
**זענען פריינד אויפן לויט״...**

כאַראַקטעריסטיש, וואָס די גאַנצע ליד באַשטייט פון זעקס שורות און די לעצטע צוויי זענען נישט ציטירט געוואָרן. אָט זענען זיי:

**מע זאָגט... נאָר איך גלייב**<br>
**נישט דעם דאָזיקן ״זאָג״ —**<br>
**וואָס האָט עס צו פריינד,**<br>
**ווען געפעלשט איז די**<br>
**וואָג ?...**

בלייבט אַ פראַגע: צי נישט דערפאַר האָט אונדזער קריטיקער אַרויסגעלאָזט דעם אַזוי פאַרהאַסטן דורך אים ״עפּי־גראַמאַטישן סוף פסוק״, ווייל אָט דער סוף פסוק קערט איבער מיט דער פוטער אַראָפּ די כלומרשטע רייזענישע זאָגעכצן צוזאַמען מיט די פאַלשע קריטעריעס וועלכע מע פּרוווט אונדז אָנבינדן לשם ״אַקאַדעמיזם אויף דער לינקער זייט״? ס׳איז טשיקאַווע צו באַמערקן, אַז דווקא די אויבן־אויסגערעכנטע לידער, וועלכע דער קריטיקער מאַכט צו קליינ־געלט האָבן באַקומען אַ הויכע אָפּשאַצונג דורך נישט קיין קלענערע מומחים ווי אונדזער קריטיקער איז, פון אַזעלכע ווי

יעקב גלאַטשטיין ז״ל, דב סדן, ישראל עמיאַט און אַנדערע.

אָבער נישט דאָס בין איך אויסן און נישט וועגן קערלערס דיכטונג גייט דאָ אַ רייד, נאָר טאַקע וועגן דעם אַז ״גע־פעלשט איז די וואָג״; פאַרוואַנדלען עפּיגראַמאַטישקייט אין אַ ליטעראַרישן חטא, שיער נישט אין אַ פּלאָג ״ביי די יידישע דיכטער וואָס קומען צו אונדז פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד״ איז אַלצאיינס ווי זאָגן: ״אַ חסרון — די כלה איז צו שיין״... (זאָל אונדז אַנטשולדיקן יאַ־נאָסאָוויטש פאַר די רייד, וועלכע זענען גענומען געוואָרן ״דירעקט פון פאָלקס־מויל״!).

מיר קלייבן זיך דאָ נישט צו געבן אַ געניטעם אַנאַליז פון דעם עפּיגראַם־זשאַנער, וועלכער איז אויפגעקומען אין דער העלעניסטישער עפּאָכע, ניט וועגן זיינע הונדערטער גילגולים אין די שפּע־טערדיקע דורות, למשל אין דער מערב־אייראָפּעאישער ליטעראַטור...

נאָך גאָר גאָר פאַרצייטנס האָט אונ־דזער שלמה המלך זיכער נישט געהערט פון אַזאַ מין פּלאָג ווי ״עפּיגראַמאַטיש־קייט״ און דאָך איז אויך ספר משלי פול־פאַרפולט מיט לויטער־דורכזיכטיקער פאַרטיפטער פּאָעטישער חכמה, וואָס פאַרמאָגט אַלע אייגנשאַפטן פון עפּיגראַ־מאַטישקייט: פאַרשאַרפטע לאַקאָנישקייט, קלאָרקייט פון בילד און געדאַנק, אַ קלוגער שמייכל, אמת — צו מאָל אַ גאַנץ ביטערער... שוין אָפּגערעדט פון אונדזערע אגדות, וועלכע זענען כמעט ״דורכאויס עפּיגראַמאַטיש״.

אָבער לאָמיר זיך אַ קער טאָן צו די מאָדערנע דיכטער אונדזערע (שוין נאָך רייזענען. אפילו נאָך די ״יונגע״ מיט די ״אינזיכיסטן״ צוזאַמענגענומען!). מיר וואָגן צו זאָגן, אַז משה נאַדיר, איציק מאַנגער, א. לוצקי, יעקב גלאַטשטיין, די סאָוועטישע — קוויטקאָ, האַלקין, האָפשטיין און פיל אַנדערע זענען אויך געכאַפּט אויף דער מעשה־עפּיגראַמאַ־טישקייט. באַווייזן זענען, מיין איך, איי־בעריק — גענוג אַ בלעטער טאָן די בעסטע ווערק זייערע.

אונדז איז נאָר אַ וואונדער, וואָס דווקא דעם פיינעם דיכטער יאַנאָסאָוויטשן איז איינגעפאַלן צו פאַרוואַנדלען די עפּי־גראַמאַטישקייט כמעט אין אַ זידלוואָרט. די בעסטע שורות פון זיין לעצטער לידער־זאַמלונג זענען דאָך, זאָל ער אונדז מוחל זיין, דווקא עפּיגראַמאַטיש!

אָט זעט איר, למשל, אַ פּאַרטיקע עפּי־גראַם, אַנטשולדיקט — אַ רעפריין פון פיר שורות צו זיינער אַ ליד:

פּוילן, פּוילן, כ׳בין מיין בענקען
ווי אַ שבעה אויסגעזעסן.
צופיל פּיין דיך צו געדענקען,
צופיל גרויל דיך צו פאַרגעסן.
(״צו פּוילן״).

און אָט — גאָר אַ ״קאַצקער״ זאָג און ס׳איז, כ׳לעבן, נישט אַזוי ״פּע״:

קיין ירושלים קומט מען נישט,
קיין ירושלים קערט מען זיך אום.

(פון בוך ״אויף יענער זייט וואונדער״, 1974).

## ד. צווישן וועלן און נישט קענען פון יהודה קערש

אין זעלבן נומער ״ביי זיך״ געפינען מיר אויך אַ פּאָר רעצענזיעס פון יהודה קערש. איז וואָס קאָן מען זאָגן וועגן נישט מער ווי איין בלעטל, וועלכער דער קריטיקער פאַרגינט זיך ווידמען עלי שעכטמאַנס צוויי בענד פון זיין ריזיקער פאָלקס־עפּאָפּיי ״ערב״?

מיר וועלן דאָ פּרוּוון זיין נאָך קירצער פון זיין מיני־רעצענזיע, וועלכע איז דאָך מאַקסי־פאַרפולט מיט שיין־ריידעריי און סטאַנדאַרטע דעפיניציעס וועגן ביז גאָר נישט קיין סטאַנדאַרט ווערק. ס׳וואָלט זיך נאָר געוואָלט קאַטעגאָריש אָפּפרעגן די באַהויפּטונג פון קריטיקער,

אַז דער מחבר פון "ערב" האָט זיך געווענדט צום געשיכטלעכן ראָמאַן, ווייל ער איז כלומרשט געלאָפן פון דער ווירקלעכקייט און פון פאַרהאַסטן "סאָצ־רעאַליזם". אגב, "סאָצרעאַליזם" איז לחלוטין נישט קיין ליטעראַרישער מעטאָד — ס'איז אַ פּאָליטישע פיקציע, וואָס עקזיסטירט בלויז אין דימיון סיי פון טאַלענטלאָזע אַנהענגער, סיי פון פונקט אַזעלכע קעגנער פון אָט דער "ריכטונג".

צווייטנס, באַשטייט די וויכטיקייט פון שעכטמאַנס ווערק נישט אין דעם וואָס ער איז אַנטלאָפן פון דער ווירקלעכקייט, נאָר וואָס ער האָט גובר געווען די סאָוועטישע ווירקלעכקייט, אַנטפּלעקנדיק זי דורך אַ נאַציאָנאַל־אַסאָציאַטיווער רעפלעקטאָר־שיין פון געשיכטלעכן אמת. מיט דעם ווילט זיך פאַרענדיקן די דאָזיקע באַמערקונג, ווייל מיר זענען זיכער, אַז יהודה קערש'ס רעצענזיעלע וועט געוויס נישט פיגורירן צווישן די ערנסטע פאַרטיפטע פאַרשונגען וועגן דעם אויסנעמלעכן ראָמאַן פון עלי שעכטמאַן.

* * *

אַצינד וועגן זיין חרץ־רעצענזיע:

איינער פון די צוויי לידער־בענדער, וואָס מאיר חרץ האָט פאַר אַ קורצער צייט פאַרעפנטלעכט אין ישראל האָט זוכה געווען צו אַ קערש־קאָמפּלימענט, וואָס קלינגט ווי אַ העפלעך טאָסטל אויף אַ שרייבער־קערמישל: "צו דער הייסער בענקשאַפט פון דיכטער מאיר חרץ איז צוגעקומען דער בטחון פון ייד מאיר חרץ און צוזאַמען האָבן זיי אונדז געגעבן אַ בוך גוטע, שיינע לידער"...

אָבער אין דער רעצענזיע פעלט אויך נישט קיין היפּשע פּאָרציע דזשעגעכץ, אַ קריטיק וואָס איז, אגב, זייער שוואַך און צווייפלהאַפט באַגרינדעט. חרץ, זאָגט ער, איז "באַרעדעוודיק", ווייל ס'קען זיין דאָס איז איינע פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן אָדער "חנדלעך פון די בעסאַראַבער שרייבער מיט זייער ברייטקייט, צעוואָרפנקייט"... אָבער גלייך כאַפּט זיך אָן אונדזער קריטיקער אין אַן אַנדער מעגלעכקייט און ביי דער, ווייזט אויס, בלייבט ער:

"עס קאָן אָבער גרייכלעך געמאָלט זיין, אַז דאָס איז אַ פּועל יוצא פון די סאָוועטישע באַדינגונגען. דאָרט ווו מע האָט נישט געקאָנט אַרויסזאָגן זיך פריי, נאָר מע האָט געמוזט אָנקומען צו רמזים, **אַריינשטעלן אַ שורה פון האַרצן צווישן באַדייטלאָזע ווערטער**, אָבי קומען צום אויסדרוק, אָבי באַפרייען זיך פון איינערלעכן קלעם — איז באַרעדעוודיקייט געוואָרן אַן אויסלייזונג פון פּאָעטישן געמיט".

ווי אַ ביישפּיל פון באַרעדעוודיקייט דערמאָנט קערש דאָס ליד "לא ינום". וועלן מיר דאָ נישט ריידן, צי דאָס ליד איז שטאַרקער אָדער שוואַכער פון אַנדערע לידער, נאָר זאָגן אַז "לא ינום", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אַ חודש נאָך דעם ישראל־נצחון פון דער זעקס־טאָגיקער־מלחמה און איז פול מיט ווייט־פיינלעכער דיכטערישער וויזיע, ווייט סיי מיט יאָרן פאַרויס, און פיינלעך, ווייל דער דיכטער האָט אַרויסגעבראַכט די "שרעקן", געפינענדיק זיך אין אַ רוצחיש־פיינטלעכער אַרומרינגלונג, זאָגן אַז ס'איז מיט "צו פיל רייד" באַשריבן דאָס פּראָבלעם פון שרעק, איז, איידל גערעדט, נישט צו פיל זיך אַריינגעטראַכט אין דעם, וואָס מע זאָגט. בפרט נאָך, **אַז דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון שרעק (איין קלייניקייט!) "באַהאַנדלט" חרץ, אַזש אין זעכצן קורצע שורהלעך**...

נישט ווילנדיק קאָן מען אַ קלער טאָן, חלילה, אַז דער גאַנצער ענין מיט "באַרעדעוודיקייט" און "רמזים" איז נייטיק אונדזער קריטיקער צוליב איין רמז, נעמלעך: ס'איז פאַרשטענדלעך און באַרעכטיקט, וואָס חרץ, נעבעך, האָט אין די סאָוועטישע באַדינגונגען געמוזט נאָר אַזוי זיך אויסדריקן, אָבער דעם לייענער וועט אויך (נעבעך?) נישט גרינג זיין צו זוכן אַ האַרציקע שורה צווישן אַזוי פיל באַדייטלאָזע ווערטער!...

און זאָגן דאַרף מען, אַז די מערהייט
לידער זענען ביי חרצן קורצע, זיי אַנט־
האַלטן צו 4—5 סטראָפן. אמת, אַז אויך
אין אַ קורצער ליד קאָן מען זיין באַ־
רעדעוודיק, אָבער גראָד צו חרצן איז
דאָס נישט שייך, צו זיין ליד, וואָס איז
טאַקע פּראָסט אָבער גאָר נישט פּשוט,
צו זיין ליד, וואָס איז בעסאַראַביש־
פאָלקסטימלעך און איינצייטיק באַפליגלט
דורך פּאָעטישער וויזיע, צו זיין ליד,
וואָס וויינט, קלאָגט, לאַכט און שמייכלט
איבער אַלץ...

חרצן איז טאַקע איינער פון אונדזערע
פּראָדוקטיווסטע דיכטער, אָבער געדרוקט
האָט ער זיך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד
שפּאָט־ווייניק, דעריבער טאַקע האָט ער
זיך ווייניקער פון אַלץ געגייטיקט אין
רמזים. בכלל איז חרצן פרעמד די
כלומרשט אינטעלעקטועלע מידה פון
האַלב־פחדנותדיקע אַנדייטונגען, פון וויי־
זן "אַ פייג אין קעשענע"... אַ ר י י ב ־
ז אָ ג ן אָ, יאָ — דאָס קען ער!

אויך קערש האָט, ווייזט אויס, געהאַט
דעם ציל "אַריינזאָגן", נאָר וועלן איז
איין זאַך און קענען איז גאָר עפּעס
אַנדערש!

## ה. כמעט ווי ביים קאַלאָמייער

באַזונדערס באַלערעוודיק איז אַ מאמר
פון זעלבן קערש ("פאָלק און ציון"
נומ' 8—9 פאַרן 1974 יאָר) מיט אַ פיל־
זאָגנדיקן אויבער־קאָפּ: "צווישן ווילן און
אוממעכטיקייט" אָט דער מאמר איז ממש
איינגעטונקען אין קלעפּיק־זיסלעכע פאַ־
טעקע־שבחים פאַר די שרייבער־עולים
מיט "זייער אידעאַליזם" און "דעם ווילן
צו דינען דעם פאָלק" (אַ פראַזע, דאַכט
זיך, דירעקט אויסגעבאָרגט פון "סאָצ־
רעאַליסטישן" אַרסענאַל!) נאָר לייענענ־
דיק קערשן, וועלכן ס'גייט שטאַרק אָן
די פּראָבלעם פון גייסטיקער קליטה, אַזוי
צו זאָגן, איבערצייגט איר זיך אַלץ מער
און מער אין דער געניאַליטעט פון...
אונדזער ליבן שלום־עליכם! געדענקט
איר די מייסטערהאַפטע נאָוועלע "ס'אַ
ליגן"? דערמאָנט איר זיך ווי איינער
אַ ייד פרעגט זיך נאָך ביים צווייטן —
דעם קאַלאָמייער, וועגן אַ דאָרטיקן נגיד
איינעם אַ ר' שעיה פינקעלשטיין?...
דער קאַלאָמייער ייד לאָזט זיך אַ ביסל
פּיקן די צונג, דערנאָך ענטפערט ער
נישט גאָר גערן, דאַכט זיך, וועגן דעם,
אַז דער פינקעלשטיין איז ביז גאָר אַ
פיינער ייד, פירט אַ שיינע שטוב און
פאַרמאָגט ביז גאָר לייטישע טעכטער,
אָבער דאָ וואַרפט ער אַריין איין אומ־
שולדיק פראַזעלע, כדי פאַראינטריגירן
דעם מיטשמועסער: "מע זאָגט אפילו...
נאָר ס'איז אַ ליגן". ווייטער לייגט שוין
אַרויס דער קאַלאָמייער אַ גאַנצן בוקעט
פון פליאָטקעלעך, איינס גיפטיקער פו־
נעם אַנדערן. און דער "מע זאָגט אפילו
...נאָר ס'איז אַ ליגן" קלינגט ווי אַ
רעפריין צו אָט דער שטייגנדיקער לשון־
הרע־סימפאָניע...

נישטאָ קיין גרונט, פאַרשטייט זיך,
באַשולדיקן, חלילה, דעם פריינד קערש
אין לשון־הרע, בפרט, אַז אונדזער קרי־
טיקער פאַרמאָגט זיך זיין אייגענע קאָנ־
צעפּציע אַז: "איצט שטייען די שריי־
בער־עולים פאַר אַ נייער דילעמע:
צווישן ו ו י ל ן צו דינען דעם פאָלק
און דער א ו מ מ ע כ ט י ק י י ט צו גע־
פינען די מיטלען אויסדריקן זיך".
ס'וואָלט אונדז לחלוטין נישט געקימערט,
ווען ער וואָלט אויף קאָנקרעטע ביישפּילן,
כאָטשבי געפּרוווט באַגרינדן די דאָזיקע
איינשטעלונג זיינע; אָבער דאָס געשעט
נישט און אייניקע שטעלן פון קערשן
רופן אַרויס ביי אונדז, איידל גערעדט,
אַ ביטערלעכן שמייכל, ווייל זיי דער־
מאָנען צו פיל דעם באַקאַנטן רעפריין
פונעם קאַלאָמייער — "מע זאָגט אפילו
...נאָר ס'איז אַ ליגן"...

"פאַראַן אַזעלכע אומגלייביקע, וועלכע
באַשולדיקן זיי (די שרייבער פון ראַטנ־
פאַרבאַנד — ל. פּ.) אַז זיי זענען געבליבן
די זעלבע שאַבלאָנע און טראַפאַרעטע
באַזינגערס, ווי פריער, נאָר זיי האָבן
איבערגעביטן אַ שורה, אַ וואָרט, ענ־

דערנדיק דעם אָביעקט פון זייערע לויבגעזאַנגען״. ווייטער אַ ביסל קומט אַ גאַנץ טשיקאַווע קלאָץ־קשיה.

״איז פאַראַן טאַקע אַזאַ תהום צווישן דעם ווילן און אוממעכטיקייט קען דאָס פאַטאַל זיך אויסווירקן אויף זייער שעפערישער פּאָטענץ ?

אַ סך שלעכטע בשורה־אָנזאָגערס זענען טאַקע אין דער מיינונג, אַז אַזוי וועט געשען״.

קערש אַליין גלויבט, אַז עס וועט אַזוי נישט זיין. קערש איז נישט מסכים מיט אַ סך ״שלעכטע בשורה־אָנזאָגער״, ״מיט אַזעלכע קנאים״, ״מיט אַזעלכע אומגלויביקע״ בקיצור — מיט קאָלאָמייע, וואָס איז באַוווּסט אַלס ״אַ שטאָט פון סאַמע ליגנערס״...

יאָ אַ ליגן, נישט קיין ליגן, נאָר פאַראַן פון דעסט וועגן אַ שטיקל לאָגיק אין דעם וואָס ״קאָלאָמייע זאָגט״, אַנדערש איז עס מיט דעם, וואָס קערש אַליין האָט צו זאָגן, ווייל אויב ער שרייבט, ״אין דער מערב־וועלט איז ממש געוואָרן אַ מצווה אַראָפּצורייסן הייליקייטן, אפילו דאָס וואָס מען האָט ליב און איז נאָענט און דערביי זיך נישט רעכענען מיט די קאָנסעקווענצן״. אויב ״עס וועגט איבער אין זייער שאַפן (געמיינט די שרייבער פון דער מערב־וועלט — ל. פּ.) דער נעגאַציאָניזם און די פרייע קריטיק פון דער אינטעלעקטועלער וועלט דערגייט טייל מאָל ביז אַבסורד״, אויב דאָס איז ״מאָדערנע ליטעראַטור״ און דאָס זענען טאַקע די ״נייע שטראָמען״ איז צו וואָס דאַרפן עס די אַבסאָלוט פאַרשיידנאַרטיקע דיכטער, געקומענע פון סאָוועטנפאַרבאַנד אומבאַדינגט זיך אָפּטובלען אין אָט די ברודיקע ״נייע שטראָמען״ ?

צו וואָס דווקא מוזן זיי ענלעך ווערן צו יענע אַלע ״צימבל־דערנער״, וואָס האָבן זיך לעצטנס אַזוי ווילד און געדיכט צעוואָקסן אינעם שיינעם גאָרטן פון אונדזער יידישער ליטעראַטור ?

מוחל די טובות, הערן עצה־געבער, זאָגער און אַריינזאָגער !

אַוודאי מוז יעדער דיכטער, אַן עולה צי אַ ותיק, יעדעס מאָל אויף ס׳ניי שווער און ביטער זיך ראַנגלען מיטן מלאך יידיש לשון, ווי קוויטקאָ ז״ל האָט געזאָגט, יעדעס מאָל — ביז ער דיכטעט אויס דאָס געלייטערטע ליד (און ווייט נישט שטענדיק באַקומט זיך דאָס !). אָבער מייסטנס פון די שרייבער־עולים זענען דאָך געקומען נישט קיין אָנפאַנגער, פאַרגעדענקט דאָס, נאָר רייפע מייסטערס, יעדער מיט זיין שעפערישער אינדיווידואַליטעט מיט זיין אייגענעם נוסח.

און ווי נישט גרינג סע זאָל נישט אָנקומען דאָס איבערפלאַנצן זיך אויף אונדזער אַלט־נייעם ארץ־ישראל־באָדן, וועלן זיי זיך, גלויב איך, זייער שטעטל באַשטיין.

# אַ וואָרט צום אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין שייכות מיט מיין באַקומען די יעקב־גלאַטשטיין־פּרעמיע

זייער חשובע פריינט!

פונעם צוטיילן מיר די יעקב־גלאַטשטיין־פּרעמיע איז צו זען, אַז עס איז נאָך פאַראַן אָרט פאַר אַזעלכע דיכטער ווי איך, וואָס געהערן ניט חלילה, צו די "מאָדערניסטן". איך זאָג "חלילה", ווייל איך האַלט, אַז אַ מין סאָרט מגפה פון נעאָדעקאַדאַנס האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע דיכטונג, מסתמא אויכעט די פּראָזע. די "שאַפער" פון דער דאָזיקער "שפּאָגל־נייער" שיטה זענען, צום גרויס באַדויערן, איצטער אין דער מאָדע.

נאָך אין זיין צייט האָט לעוו טאָלסטוי אין אַ רעצענזיע אויף איינעם אַ ראָמאַן געשריבן:

"ער (דער ראָמאַן — ז. ט.) געהערט ניט צו די ווערק, וואָס מע רופט זיי אָן דעקאַדענטישע און וואָס נעמען אויס באַ דעם היינטצייטיקן פּובליקום מיט דעם, וואָס זייענדיק געגליכן צו דער פּלוידעריי פון אַ וואַנזיניקן, שטעלן זיי מיט זיך פאַר אַ מין רעבוס, וואָס אָפּטרעפן אים איז אַן אָנגענעמע באַשעפטיקונג און גלייכצייטיק האַלט מען עס פאַר אַ סימן פון ראַפינירטקייט." (באַנד 15, פאַרלאַג "כודליטעראַטוראַ", מאָסקווע, 1964, ז. 275).

און אָט איז אַן אַרויסזאָגונג פון אַן יידישן שרייבער שוין אין אונדזער צייט:

"די מאָדערנע פּאָעזיע איז געוואָרן אַזוי לאַנגווייליק, אַזוי אומפאַרשטענדלעך, אַזוי אָן סיפור־המעשה, אַזוי פאַרקאָכט אין עקספּערימענטן און אין וועלן געפעלן ווערן די פּאָעטישע מאָדע־מאַכערס, אַז דער לייענער האָט זי אַוועקגעוואָרפן און וויל זי מער ניט אָנקוקן, זעט ניט קיין שום צוועק זיך צו שטאָפּן מיט פּוסטע פראַזן"... דאָס איז פון באַשעוויסעס אַ פאָרטראָג "די צוקונפט פון דער יידישער ליטעראַטור", וואָס ער האָט געהאַלטן אין תל־אביב.

און ווירקלעך, מיט דער דאָזיקער פּראָדוקציע זיינען אָנגעשטאָפּט די זשורנאַלן — די גראָבע און די דינע, די צייטונגען — די טעגלעכע און וועכנטלעכע, די אַנצאָליקע ביכער, וואָס עס וואַרפן אַרויס אויפן מאַרק די פאַרשיידענע פאַרלאַגן און פאַרלאַגעלעך. וועגן דער דאָזיקער פּראָדוקציע ווערן געשריבן אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען, וואָס זיינען אויך אַזוי פאַרדרייט, פאַרקרוטשעט, אַז דו הייבסט ניט אָן צו וויסן, אויף וועלכער וועלט דו ביסט...

געוואַלד געשריגן! ווו איז די אויפריכטיקע, אמתדיקע, קלוגע קריטיק, ווו איז דער, ווער סע זאָל מוטיק זיך איינשטעלן פאַר דער ליטעראַטור, — כאָטשבי דער, וואָס זאָל זאָגן אויף ווייס — ווייס און אויף שוואַרץ — שוואַרץ?

זעט נאָר! פון איין זייט פּיקעוועט מען אָן דאָס געשרייבעכץ מיט אַזוינע נייבילדונגען און אינטערנאַציאָנאַליזמוסן, וואָס טויטן אָפּ דאָס יידישע לשון, פון דער צווייטער — האָט מען זיך גענומען באַנוצן מיט דער צאינה־וראינה־שפּראַך. און אַלץ צוזאַמען ווערט עס אַ מין סיתרי־תורה. גיי, קליצע דעם מוח און פּרוּוו פאַרשטיין, וואָס האָט דאָ דער פאַרפאַסער געוואָלט זאָגן. אייגנטלעך האָט ער ניט וואָס צו זאָגן. די הויכע "טיפזיניקייט" איז בלויז אויף צו פאַרהוילן די פּוסטקייט פונעם מחבר.

לעצטנס איז אויך געוואָרן אַ מאָדע אויף אַנטליענער מיסטיק. אָבער פאַרגראָמען עפּעס וואָס פון זוהר צי פון אַנדערע קבלה־ספרים איז נאָך ניט קיין פּאָעזיע און ס'וועט קיין מאָל קיין פּאָעזיע ניט זיין.

די פּראָבלעם פֿון שפּראַך אין אונדזער דיכטונג און בכלל אין אונדזער ליטעראַטור איז ביז גאָר אַ וויכטיקע פּראָבלעם. ס׳איז פֿאַראַן אַ געפֿאַר פֿון אָפּרייסן די געשריבענע שפּראַך פֿון דער גערעדטער. און דאָס, מיינט מען, איז נאָוואַטאָרישקייט. אָבער נאָוואַטאָרישקייט פֿאָדערט פֿאַרשטאַנד, טאַקט און געשמאַק. דאָס יידישע לעבעדיקע וואָרט איז געוואָרן אַ ממזר, — מע ברעכט אים רוקן־און־לענד, מע קוועטשט אים אַריין מיט גוואַלד אין דער שורה, ווו ער ליגט אין געהאַקטע ווונדן. באַזונדערס איז דאָס צו זען אין די הייַנטיקע איבערזעצונגען פֿון אַנדערע שפּראַכן אויף יידיש.

און נאָך . מע טראָגט מעכאַניש אַריבער פֿון אַנדערע שפּראַכן אין יידיש גראַמאַטישע און סינטאַקסישע פֿאָרמען. ס׳יידיש לשון נעמט קלינגען „טערקיש“, פֿאַרלירט די ווייכקייט, די וואַרעמקייט, די פֿאָלקסטימלעכקייט, דעם נאַציאָנאַלן קאָלאָריט. מע לאָזט אַרויס פֿון אויג דאָס, וואָס אונדזער שפּראַך איז ביי הייַנטיקן טאָג ווי אַ דין אָנגעצויגן זעגל אין מיטן שטורעמדיקן ים. אינעם געווירבל פֿון פֿרעמדע לשונות דאַרפֿן מיר אָפּהיטן אונדזער מאַמע־לשון, ניט דערלאָזן פֿאַרמיסטיקן עס אויפֿן חשבון פֿון פֿיקטיווער נאָוואַטאָרישקייט. מע דאַרף קענען געפֿינען דעם סינטעז פֿון דער פֿאָלקסשפּראַך מיט דער ליטעראַרישער שפּראַך. און געפֿינען געפֿינט עס דער אמתער דיכטער, אָבער קיין מאָל ניט דער קאַלטער בעל־מלאכה, דער גראַמען־ אָדער אָן־גראַמען־פֿלעכטער. באַזונדערס מאַכן אַ לעבן די ווערליבריסטן, די, וואָס האָבן זיך אויסגעטאָן פֿון ריטם און פֿון פֿאָרם. דערפֿאַר אָבער איז דער געדאַנק אין די דאָזיקע „שאַפּעכצן“ די גרויס ווי אַ שפּור, וואָס עס לאָזט נאָך זיך אַ פֿליג. הייַנט דאָס אַנטלויפֿן פֿון דער ווירקלעכקייט! זיי, זעט איר, שטייט ניט אָן פֿאַרנעמען זיך מיט דער נידערטרעכטיקער“ טאָגטעגלעכקייט. פֿרעגט זיך, פֿאַר וועמען ווערט דאָס אַלץ געשריבן? ווער איז דער אַדרעסאַט? בלייבט טאַקע דאָס אַלץ — ווי אין אַ וואָליק אַרייַנגערעדט . . .

איך וויל באַטאָנען, אַז דאָ האָב איך געהאַט אין זינען דעם מוטנעם שטראָם. אָבער די אמתע דיכטונג ווערט דורך דעם שטראָם ניט פֿאַרכאַפּט. די אמתע דיכטער, כאָטש זייער צאָל איז ניט אַזוי גרויס, אָבער גראָד זיי ציען דעם גאָלדענעם פֿאָדעם פֿון אונדזער עכטער יידישער פּאָעזיע, וועלכע איז און וועט זיין פֿאַר מיר שטענדיק אַ מוסטער און צו וועלכער איך דאַרף נאָך ציען זיך און ציען.

אָט דאָס וואָלט איך געזאָגט, ווען איך וואָלט געווען מיט אייך אויף דער יערלעכער מסיבה פֿונעם יידישן אַלוועלטלעכן קאָנגרעס.

אַ גרויסן דאַנק פֿאַרן כבוד, וואָס איר האָט מיר צוגעטיילט!

**זיאַמע טעלעסין**

## „צוזאַמען“

**זאַמלבוך פאַר ליטעראַטור, קונסט ייִדישע פּראָבלעמען און דאָקומענטאַציע, 505 זייטן, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב 1974.**

שוין דער אונטערטיטול זאָגט וועגן דעם ברייטן פאַרנעם פון דער אויסגאַבע, סיי אין כמות סיי אין איכות. און ווירקלעך עס איז אין דעם ספר פאַראַן פיל זיך צו דערוויסן, צו באַקענען, צו לערנען אויף דעם געביט פון דער נייסטער ייִדישער ליטעראַטור, פון אַקטועלן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן געדאַנק און אויף פיל אַנדערע געביטן. דער פאַקט גופא, פון צונויפנעמען 50 פון די אָנגעזעענסטע ייִדישע שרייבער אין דער גאָרער וועלט אונטער איין דאַך, איז אין אונדזערע באַדינגונגען אַ פאַקט פון גרויסער וויכטיקייט פון יעדן שטאַנדפּונקט. אַזאַ צונויפקום פון ייִדישע שרייבער פון פאַרשידענע ריכטונגען, סטילן און זשאַנערן איז איצט נישט בלויז נאַציאָנאַל באַרעכטיקט און צוועקמעסיק, נאָר אפילו נויטווענדיק.

עס קומט דעריבער אַ גרויסע לויב דעם באַקאַנטן שריפטשטעלער, פּאָעט זשורנאַליסט, ש. ל. שניידערמאַן, וואָס נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן און שטרויכלונגען, האָט ער די דאָזיקע אידייע פאַרווירקלעכט אין אַ שיינער און אָנגענעמער פאָרם. הלוואי זאָל דער דאָזיקער נוצלעכער, אין אַלע הינזיכטן, אָנהייב שטאַרקן זיין ווילן אָנצוגיין מיט דער דאָזיקער אַרבעט ווייטער פאַר דער דערמוטיקונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אונדזער שווערער צייט.

מיט דעם דאָזיקן בוך האָט זיך אויך געשטעלט אַ בכבודיקן דענקמאָל דער איבערגעגעבענער פריינד און ליבהאָבער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, דער אַרויסגעבער, **לייב לעווין ז״ל**, וועלכער איז אַזוי פּריצייטיק אַוועקגעגאַנגען פון אונדז. האָפנטלעך וועלן זיך געפינען אַזעלכע, וועלכע וועלן פאָרזעצן זיין שיין ווערק.

## חיים לייקאָוויטש ז״ל

אין אָקטאָבער ה. י. איז אין ירושלים געשטאָרבן דער מיטגליד פון ירושלימער סניף פון ייִדישן שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין — חיים לייקאָוויטש ז״ל.

אין אָנהייב די 30ער יאָרן האָט לייקאָוויטש געאַרבעט אין דער העברעישער טעאַטער־סטודיע אין קאָוונע ביז צום פאַרמאַכן פון דער סטודיע. שפּעטער האָט לייקאָוויטש געאַרבעט אין רעדאַקציע פון דער ציוניסטישער צייטונג „ייִדישע שטימע“ אין קאָוונע.

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט לייקאָוויטש געלערנט אין מאָסקווע אין דער ייִדישער טעאַטער־סטודיע אונטער דער אָנפירונג פון שלמה מיכאָעלס. נאָך פאַר דער מלחמה האָט לייקאָוויטש אָנגעפירט מיט יוגנטלעכע טעאַטער־קרייזן, אַלס רעזשיסער, נאָך דער מלחמה האָט ער געשטעלט מיטן „ווילנער ייִדישן טעאַטער־קאָלעקטיוו“ „**די גאָלדגרעבער**“ פון שלום־עליכם. אַ געוויסע צייט האָט לייקאָוויטש געאַרבעט אין קאָמיטעט פאַר קונסט ביים מיניסטאָרן־ראַט פון ליטע, שפּעטער אין ביכער־פּאַלאַטע אין ווילנע. נאָך זיין אַרויספאָרן פון ווילנע קיין פּוילן, האָט ער געאַרבעט אין „ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט“ אין וואַרשע.

אין ישראל האָט לייקאָוויטש געאַרבעט ביז זיין פּלוצימדיקן פריצייטיקן טויט, אין ביבליאָטעק פון „יד־ושם“. ער האָט אויך אַקטיוו זיך באַטייליקט אין אַרויסלאָזן דעם צווייטן באַנד פון בוך „ליטע“ און געווען דער רעדאַקטאָר פון דער אויסגאַבע.

כבוד זיין אָנדענק!

# נאָטיצן, אינפאָרמאַציעס

## אונדזער שטעלונג צו דער פּראָיעקטירטער וועלט־קאָנפערענץ פון יידישער קולטור אין ישראל

די איניציאַטיוו פונעם קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל וועגן צונויפרופן אַ וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער קולטור אין ירושלים און דער באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג פון יידישן שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אַקטיוו צו באַטייליקן זיך אין אַט דער איניציאַטיוו — דאַרף אָן שום ספק באַגריסט ווערן פון אַלע יידישע שעפערישע כוחות אין לאַנד און מחוץ לארץ.

שוין בלויז ווי אַ דעמאָנסטראַציע איז אַזאַ קאָנפערענץ מסוגל צו סטימולירן, אין אַ באַשטימטער מאָס, דאָס יידישע שאַפן אומעטום. אָבער כדי זי זאָל האָבן וועלכע ס׳איז ממשותדיקע דערגרייכונגען, דאַרפן אירע איניציאַטאָרן און די קאָ־אָרדיניר־קאָמיסיע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן פון די פאַרשטייער פון קולטור־קאָמיטעט, יידישן וועלט־קאָנגרעס און יידישן שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל, זיך שטעלן אייניקע פּרינציפּיעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע הנחות.

ערשטנס, אַז איינע פון די עיקרדיקע אויפגאַבן דאַרף זיין די אַנטשלאָסענע באַמיונג צו ענדערן די אָפיציעלע באַציונג צו יידיש ווי צו אַ ״שפה לועזית״, ווי צו אַ פרעמדער שפּראַך. דער דאָזיקער מצב האָט אויפגעעפנט אַ גרינע שיין פאַר אייניקע אָפיציעלע און נישט־אָפיציעלע פּערזאָנען און אינסטיטוציעס אין ישראל און פון זייערע פאַרשטייער אויסער ישראל צו דיסקרימינירן און טייל מאָל, אפילו צו באַליידיקן די יידישע שפּראַך און די שעפער אויף דער שפּראַך. די דאָזיקע מענטשן האָבן נישט קיין אַנונג וועגן די גרויסע נאַציאָנאַלע ווערטן, וועלכע ס׳אַנטהאַלט אין זיך די קולטור אויף יידיש, שוין אָפּגערעדט וועגן דער היסטאָרישער באַדייטונג פון דער יידישער קולטור פאַרן יידישן המשך, איינ־שליסלעך אין זיין איצטיקער געשטאַלט פון מדינת־ישראל. אין משך פון דורות האָבן ביידע יידישע שפּראַכן — יידיש און העברעיש — זיך קעגנזייטיק דערגענצט אין זייערע דערציערישע, עטישע און געשיכטלעכע אויפגאַבן, אין זייער אויפ־היטן אויף פאַרשידענע אופנים די יידישע טראַדיציע, אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דעם מהות פון יידישקייט און אין זייער פאַרצוימען דעם וועג צו אַסימילאַציע און אונטערגאַנג.

די יידישע שפּראַך, וועלכע איז געוועזן גערודפט אין אַלע צייטן, אין אַלע לענדער און ביי אַלע רעזשימען פאַר איר יידישן תוך, דאַרף נישט אין ישראל שטיין אויף איין פּלאַץ מיט גערמאַנישע, סלאַווישע און אַנדערע שפּראַכן, נאָר בלייבן אַ יידישע שפּראַך און ווי אַזאַ ווערן באַהאַנדלט, זי, און די שעפער, וועלכע שאַפן אויף איר. דאָס וועט דינען אַלס ביישפּיל, און וועט הייבן איר אויטאָריטעט אין די יידישע ישובים אויף דער וועלט.

דאָס איז דער יסוד, אָן וועלכן אַלע איבעריקע פּאָטענציעלע פאָדערונגען פון דער קאָנפערענץ, ווי דאָס לערנען יידיש אַלס קעגנשטאַנד אין די ישראלדיקע שולן, פאַרלענגערן און פאַרגרעסערן די יידישע אוידיציע אין ראַדיאָ, אָפּגעבן אַ באַשטימטע צייט אין וואָך פאַר יידישער קולטור אין דער טעלעוויזיע, באַהאַנדלען דעם יידישן שרייבער און קולטור־שעפער, ווי דעם העברעישן און פיל אַנדערע — בלייבן הענגען אין דער לופט, נישט האָבן קיין שום פּאַקטישע און רעכטלעכע באַגרינדונג.

צווייטנס, דאַרפן די איניציאַטאָרן פון דער קאָנפערענץ, גלייך ביים אָנהייב פון זייער אַרבעט, אָננעמען דעם פּרינציפּ פון אַבסאָלוטע טאָלעראַנץ לגבי אַלע יידישע טעטיקע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען אידעיש און פּראַקטיש קעגן אַסימילאַציע און אַנטיסעמיטיזם, פון וועלכער זייט זיי זאָלן נישט קומען, און זענען נישט פיינטלעך געשטימט צו מדינת ישראל.

די געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אַנטוויקלונג אין צווייטן פערטל פון אונדזער י. ה. האָט דערפירט אין פאַרשידענע מלוכהשע סיסטעמען צו דער אַבסאָלוטער ליקווידאַציע פון יידישן פאָלק. אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט איז דאָס געווען דער קאָשמאַרער נאַציזם, וועלכער האָט דאָס דורכגעפירט אין אַזאַ מאָס און אויף אַזאַ אופן, וועלכע האָבן צו זיך נישט קיין גלייכן אין די פינצטערסטע צייטן פון דער געשיכטע. אין די א. ג. סאָציאַליסטישע לענדער איז דאָס געווען די אכזר־יותדיקע פאַרניכטונג פון דער יידישער קולטור און אירע שעפער און די טונקל־כמאַרעדיקער אַטמאָספער פון שנאת־ישראל און שנאת־יידן ביז דעם היינטיקן טאָג.

דער דאָזיקער מצב האָט אויסגעגניכטערט כמעט אַלע יידישע סביבות, וועלכער האָבן זיך קעגנזייטיק באַקעמפט. דאָס נאַציאָנאַלע געפיל האָט זיך דערוועקט ביי אַלעמען, סטימולירט אין אַ גרויסער מאָס אויך דורך דער אַנטוויקלונג פון מדינת־ישראל. אין קאָנסעקווענץ דערפון איז אַנטשטאַנען די מעגלעכקייט פון קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש, פון אַ רויקערן דיאַלאָג וועגן די סאַמע וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען לטובת דעם גאַנצן פאָלק.

די קעגנזייטיקע טאָלעראַנץ איז איצט נישט נאָר מעגלעך, נאָר נויטווענדיק. זי איז געוואָרן דער נאַציאָנאַלער אימפּעראַטיוו פון אונדזער צייט.

פון דער דאָזיקער קעגנזייטיקער טאָלעראַנץ הענגט אויך אָפּ דער דערפאָלג פון דער פּראָקלאַמירטער קאָנפערענץ. נאָר מיט געמיינזאַמע כוחות פון אַבסאָלוט אַלע שעפערישע נאַציאָנאַלע קערפערשאַפטן אין יידישן לעבן וועלן מיר קאָנען זיך קעגנשטעלן אונדזער ביז מינימום פאַרקלענערטע פיזישע און גייסטיקע קרעפטן, בייקומען די שוועריקייטן, וועלכע שטייען אונדז פאָר און צוריקשלאָגן די אומאויפהערלעכע אָנגריפן פון אונדזערע שונאים, וועלכע מערן זיך אַלץ אין דער צאָל.

**רעדאַקציע פון**
**"ירושלימער אַלמאַנאַך"**

# פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

סוף יוני 1974 איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער יידישער שרייבער־גרופּע אין ירושלים. נאָכן באַריכט פון פאַרוואַלטונגס־פאַרזיצער זענען אַרויס־געטראָטן אין די דעבאַטן רחל בוימוואָל, אברהם ביק, זיאַמע טעלעסין, שמחה סנה, דוד ספּאַרד, פּראָפ׳ סאָל ליפּצין, יוסף קערלער, נחמן ראַפּ און שחריה. די פאַרזאַמלונג האָט באַשטעטיקט דעם באַריכט און דורך געהיימע וואַלן אויסגעקליבן אַ נייע פאַר־וואַלטונג. אַלס ערן־פאַרזיצער איז איינשטימיק אויסגעוויילט געוואָרן פּראָפ׳ דב סדן.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט אויף איר ערשטער זיצונג אָנגעמערקט אַן אַרבעטס־פּלאַן אויף די יאָרן 1974—1975.

עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאַרזיצער עלי שעכטמאַן, פאַרטרעטער — זיאַמע טעלעסין סעקרעטאַר — אפרים שעדלעצקי און אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע פון "ירו־שלימער אַלמאַנאַך" אין באַשטאַנד פון שמחה סנה, דוד ספּאַרד און יוסף קערלער (הויפּט־רעדאַקטאָר).

● פאַרן יאָר 1974 זענען דערשינען פאָלגנדיקע ביכער פון ירושלימער יידישע שרייבער:

1. עלי שעכטמאַן — "ע ר ב" (ראָמאַן) צוויי בענדער. אַרויסגעגעבן דורך דעם קאָ־מיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב. תשל"ד 1974 (1 באַנד — 321 זייטן, 2 באַנד — 354 זייטן).
2. אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן — "א ו י ף  ו ו ע ג ן  א ו ן  א ו מ ו ו ע ג ן" (זכרונות — געשעענישן — פּערזענלעכקייטן) ערשטער בוך. פאַרלאַג "המנורה" תל־אביב. תשל"ד 1974 (537 זייטן).
3. מאיר חרץ — "א י ן  פ ר ע מ ד ן  ג ן ־ ע ד ן" (לידער) אַרויסגעגעבן דורכן קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, תשל"ד 1974 (335 ז׳).
4. מאיר חרץ — "ה י מ ל  א ו ן  ע ר ד" (לידער) פאַרלאַג "אייגנס", ירושלים תשל"ד 1974 (283 זייטן).
5. לייזער ווילענקין — "ג ע ר א ַנ ג ל" (לידער) ירושלים תשל"ד 1973 (339 זייטן).
6. זאַמי פעדער — "ג ע ב י י ל ט ע  פ ו י ס ט ן" (דערציילונגען), פאַרלאַג "המנורה", תל־אביב תשל"ד 1974 (236 זייטן).

אַלע ביכער, ווי אויך ביכער פון אַנדערע ירושלימער שרייבער מיט אויפשריפטן פון די מחברים קאָן מען באַשטעלן אויפן אַדרעס: אגודת סופרי יידיש, סניף ירושלים, שדרות אשכול 12/6, ירושלים.

## רחל בוימוואָל — 60 יאָר

מיר באַגריסן הארציק די באַוווסטע יידישע דיכטערין רחל בוימוואָל צו דער ערשטער העלפט פון אירע הונדערט־און־צוואַנציק יאָר.

מיר גלויבן, אַז אין די פרייע באַדינגונגען פון אונדזער יידישער מדינה וועט זיך נאָך שענער און קרעפטיקער צעבליִען איר גרויסער טאַלאַנט.

ווינטשן מיר אונדזער טייערער רחל בוימוואָל געזונט, פרוכטבאַרע שעפערישקייט אין אַ וועלט פון שלום און פרייד.

פאַרוואַלטונג פון ירושלימער יידישער שרייבער־גרופּע
רעד־קאָלעגיע פון "ירושלימער אַלמאַנאַך"

## צו גאַסט ביי מלכה לאָקער

זויבער, שטיל און איינגעהילט אין שאָטן פון גרינס איז דאָס ירושלימער געסל אלקלעי. דאָ, אויף נומער 7, אין אַן אַלטמאָדיש מויערל האָט געלעבט און געשאַפן איינער פון די גרינדער און באַגרינדער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג בערל לאָקער ז״ל. שוין יאָרנלאַנג ווי ער איז פון אונדז אַוועק. אָבער אין די געראַמע צימערן, באַזונדערס אין זיין קאַבינעט, ביי זיין שרייבטיש, אין קרייז פון געדיכט־באַשטעלטע ביכער־שרענק, שפירט זיך נאָך אַלץ דער הייסער אָטעם פון אָט דעם פּאָליטישן דענקער, טריבון און גלענצנדן פּובליציסט אויף אונדזערעביידע לשונות.

דאָ טאָקע איז געבליבן וווינען זיין פרוי — די באַקאַנטע יידישע דיכטערין מלכה לאָקער, וועלכע איז אויך אַן אָריגינעלע עסעיסטין. געקומען איז מלכה לאָקער אין דער פּאָעזיע שוין אין מיטעלן עלטער, ווי ״אַן איבעראַשונג פאַר זיך, אַן אַנטפּלעקונג פאַר אונדז״ (חיים ליבערמאַן). היינטיקס יאָר איז זי יונג געוואָרן 87 — ביז 120.

דיכטער, דער עיקר — נייע עולים — האָבן זיך אין איינעם אַ יוני־אָוונט צונויפגע־נומען אויף אַ גלעזל טיי ביי דער דיכטערין. אַלע האָבן באַוווּנדערט דעם יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט, מיט וועלכן מלכה לאָקער האָט געלייענט אירע שיינע לידער פון די זאַמלונגען ״שטעט״, ״וועלט אָן אַ היטער״, ״ירושלים״, ווי אויך אירע איבערזעצונגען פון רעמבאָ, באָדלער, רילקע.

דוד ספאַרד און יוסף קערלער האָבן פאַרגעשטעלט פאַר מלכה לאָקער די אַנוועזנדע שרייבער — די דיכטער רחל בוימוואַל, מאיר חריץ, זיאַמע טעלעסין און שמחה סנה.

אין לייענען דורך די שרייבער זייערע נייסטע לידער, ווי אויך אין אינטימע־שמועסן וועגן פּאָעזיע בכלל, איז פאַרביי דער אינטערעסאַנטער באַזוך ביי דער האַר־ציקער, גאַסטפריינדלעכער און אייגנאַרטיקער דיכטערין — מלכה לאָקער.

ל. ב.

## שמחה סנה — אַ בן ששים

האַרציק באַגריסן מיר אונדזער פריינד און קאָלעגע שמחה סנה צום ווערן אַ בן ששים ביז הונדערט און צוואַנציק. מיר שעצן הויך זיין פילזייטיקע באַגאַבונג אַלס פּראָזאַיקער, דיכטער, דראַמאַטורג און פּובליציסט.

מיר ווינטשן אים אַ סך געזונט און שעפערישע פרייד אויך אין זיין נוצלעכער טעטיקייט אַלס רעדאַקטאָר פון ״פאָלק און ציון״ און מיטרעדאַקטאָר פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״.

**פאַרוואַלטונג פון ירושלימער יידישער שרייבער־גרופּע**
**רעד־קאָלעגיע פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״**

# כראָניק פון דער טעטיקייט פון דער יידישער שרייבער־גרופּע אין ירושלים

באַלד ווי עס איז דערשינען דער ערשטער נומער פון "אַלמאַנאַך — יידישע שרייבער אין ירושלים", איז פאָרגעקומען לכבוד דעם אַ פייערלעכער אָוונט אין "בית־העם" אין ירושלים, איינגעאָרדנט דורכן פאַראיין פון די יידישע שרייבער, בשותפות מיט עירית ירושלים. מיט אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם אַלמאַנאַך איז אַרויסגעטראָטן פּראָפ' דב סדן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער סימבאָלישער ציפער פון די צאָל באַטייליקטע שרייבער 22 כמנין כ"ב אותיות פונעם יידישן אלף־בית ווי אַ באַנייונג פון אַ יידישער אויסגאַבע אין דער הויפּטשטאָט פון ישראל. באַגריסונגען האָבן דערנאָך געהאַלטן דער מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע הרב מרדכי קירשבלום און דער ראש פון קולטור־אָפּטייל פון דער ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג דוד גלילי. די שרייבער: רחל בוימוואַל, יוסף קערלער, דוד ספאַרד, שמחה סנה, זיאַמע טעלעסין, מאיר חרץ און יאָסל חריף האָבן דערנאָך געלייענט פון זייערע שאַפונגען אויף דער טעמע ירושלים און די שוישפּילערין עטל קאָוועסקאַ האָט פאַרענדיקט מיט אַ קאָנצערט פון יידיש געזאַנג, ביים קלאַוויר האָט באַגלייט — לעוו קאַגאַן.

צוליב דער יום־כיפור מלחמה איז פאָרגעקומען אַ הפסקה אין די נאָרמאַלע קולטור־אָוונטן אין ירושלים, וואָס זענען באַנייט געוואָרן ערשט אין נאָוועמבער מיט אַ גרויסן אָוונט אין "בית הלל" א.ד.ט. "אונדזערע פריינט און פיינט". אינעם אָוונט וואָס איז פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון הרב צבי תבורי האָבן זיך באַטייליקט ד"ר גרשון ווינער, וואָס איז גראַד צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אין די פאַר. שטאַטן, ווי אויך די שרייבער: רחל בוימוואַל, מאיר חרץ, זיאַמע טעלעסין, יוסף קערלער, עלי שעכטמאַן און ד"ר דוד ספאַרד, וועלכע האָבן געלייענט פון זייערע שאַפונגען געווידמעט דער יום־כיפור־מלחמה.

די ירושלימער שרייבער גרופּע האָט אויך אַרויסגעלאָזט פאָלגנדיקע פּראָטעסט־דעקלאַראַציע:

### ווענדונג

צו אַלע מענטשן פון געוויסן און פון גוטן ווילן!

מיר, יידישע שרייבערס פון ירושלים, עולים פון ראַטנפאַרבאַנד, פון מזרח־אייראָפּע און פון אַנדערע מדינות, אַנטי־נאַציִשע קעמפער אין די רייען פון פאַרשידענע אַרמייען און אין פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, געראַטעוועטע פון די היטלערישע טויט־לאַגערן און פון די פאַרשיקונגען און תפיסות אין ראַטנפאַרבאַנד — וואָס זענען לעצטנס נאָך אַלע דערפאַרונגען געקומען קיין ישראל מיט דער לעצטער האָפענונג צו געפינען גייסטיקע און פיזישע מנוחה און אַנהייבן אַ ניי לעבן פאַר אונדז און אונדזערע קינדער. —

מיר אַליאַרמירן די עפנטלעכע מיינונג פון דער גאָרער וועלט.

דער סאָוועטישער רעזשים וואָס האָט אין די פערציקער און פופציקער יאָרן, נאָכן היטלער־מאָרד, געפירט אַן אַנטיסעמיטישע העץ־קאָמפּאַניע, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אויסראָטן די איבערגעבליבענע יידישע שרייבער, קינסטלער און וויסנשאַפטלער מיטן ציל אומצוברענגען די יידישע נשמה. אַט דער

זעלביקער רעזשים פּרוּווט איצט פאַרניכטן פיזיש אונדזער איינציקע האָפענונג, די יידישע מדינה.

ער האָט געשיקט און שיקט סופּער־מאָדערנעם אַנגריפס־געווער, און טויזנטער סאָוויעטישע מיליטערישע ראַטגעבער צו די אַראַבישע מדינות, אַרמייען און טעראָריסטן. די סאָוועטישע רעגירונג גיט פולע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע שטיצע פאַר די טאָטאַליטאַרע אַראַבישע רעזשימען. דאָס אַלץ כדי חרוב צו מאַכן די יידישע מדינה, וואָס ס׳רוב פון אירע תושבים זענען איינציקע ניצול געוואָרענע פון אומגעבראַכטע גאַנצע יידישע משפּחות און קהילות.

מיר ווענדן זיך צו אַלע מענטשן פון געוויסן און גוטן ווילן: העלפט אַראָפּנעמען די דראָונג וואָס הענגט איבערן קאָפּ פון יידישן פאָלק! דערלאָזט נישט, אַז אונטער דער מאַסקע פון כלומרשטע רודפי־שלום זאָל צוגעגרייט ווערן אַ המשך פון היטלערישן מאָרד.

**רחל בוימוואָל, יחיאל גראַנאַטשטיין, מאיר חריץ, זיאַמע טעלעסין, שמחה סנה, דוד ספאַרד, קלמן סעגאַל, יוסף קערלער, יוסף קערמיש, לייב ראָכמאַן, אפרים שעדלעצקי, עלי שעכטמאַן.**

פון דעצעמבער 1974 ווערן פאַרגעזעצט די נאָרמאַלע אָוונטן פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט.

• דער אָוונט לכבוד חנוכה איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון די אַקטועלע געשעענישן. עס האָט זיך אין אים באַטייליקט דער שוישפּילער זלמן הירשפעלד. פאָרזיץ — הרב צבי תבורי.

דעם 6טן פעברואַר איז אין וואַן־ליר־אינסטיטוט פאַרגעקומען אַן אינטערעסאַנטער דיסקוסיע־אָוונט וועגן די קעגנזייטיקע השפעות פון אַמעריקאַנער יידנטום און מדינת ישראל, מיט דער באַטייליקונג פון פּראָפ׳ רב אברהם האַלקין, ד״ר אליעזר גואָלדמאַן, ד״ר שמואל הורביץ און פּראָפ׳ בען לאַפּין. פאָרזיץ האָט געפירט ד״ר גרשון ווײַנער.

• אַן אָוונט לכבוד דעם דיכטער מאיר חריץ צום דערשיינען פון זיינע צוויי ביכער לידער "אין פרעמדן גן־עדן" און "הימל און ערד" איז פאָרגעקומען אין זאַל פון קאָנסערוואַטיוון צענטער, אונטערן פאָרזיץ פון פּראָפ׳ סאָל ליפּצין. וועגן מאיר חריץ און זיין שאַפן האָבן גערעדט יוסף קערלער און דוד ספאַרד. באַגריסט האָט הרב שטאַמפּפער. דער דיכטער האָט געלייענט פון זיינע שאַפונגען.

• אָנהייבנדיק פון חודש מערץ איז די ירושלימער שרייבער־גרופּע געוואָרן אַ סטאַבילער שותף צו די אָוונטן פון דער קולטור־געזעלשאַפט צוזאַמען מיט דער עירית ירושלים. דער ערשטער אָוונט איז געווען געווידמעט דעם זקן הסופרים ז. ברכות צום דערשיינען פון זיין בוך אין העברעיש "הירדן סואָן". וועגן דעם שרייבער האָבן גערעדט מרדכי חלמיש און פּראָפ׳ דב סדן. דער שרייבער האָט דערציילט אינטערעסאַנטע זכרונות פון זיינע ערשטע יאָרן אין ארץ־ישראל מיט זיבעציק יאָר צוריק און דער שוישפּילער צבי לעווינסאָן האָט געלייענט פון שרייבערס שאַפונגען. פאָרזיצער איז געווען ד״ר ש. הורביץ.

• אַן אָוונט געווידמעט דעם "יום השואה והגבורה" איז פאָרגעקומען אין "בית־העם" מיט דער באַטייליקונג פון ד״ר אברהם בערמאַן, הרב צ. תבורי. און חזן א. ת. מאַזאָוויעצקי. זייערע שאַפונגען אויף מאָטיוון פון חורבן האָבן געלייענט די דיכטער: רחל בוימוואָל, מאיר חריץ, זיאַמע טעלעסין, קלמן סעגאַל, שמחה סנה, דוד ספאַרד און יוסף קערלער.

• אין זעלבן זאַל פון "בית העם" איז פאָרגעקומען אין מאַי אַן אָוונט לכבוד דעם שוישפּילער שמעון דזשיגאַן צו זיין 40 יעריקער בינע־טעטיקייט און דערשיינען פון זיין בוך "דער כוח פון יידישן הומאָר". גערעדט האָבן דוד ספאַרד, יצחק יאַנאַסאָוויטש און אברהם קאַרפּינאָוויטש. פאָרזיצער איז געווען ד״ר גרשון ווײַנער.

● דעם 10טן יוני איז אין "בית אגרון" פאַרגעקומען אַ אָוונט לכבוד דעם דיכטער יוסף פּאַפּיערניקאָוו אונטערן פּראַזיץ פון ד"ר ג. ווײַנער. מיט אַ רעדע וועגן יוסף פּאַפּיערניקאָוו און זײַן שאַפן איז אַרויסגעטראָטן **מרדכי צאַנין**. דער דיכטער האָט געלייענט פון זײַן נײַ בוך און די זינגערין **מאַריקאַ** ווײַן האָט געזונגען אַן אָפּקלייב פון פּאַפּיערניקאָווס זינגלידער.

● דעם 11טן יולי איז פאַרגעקומען אַן אָוונט לכבוד דעם דיכטער **זיאַמע טעלעסין** אונטערן פאַרזיץ פון **ד"ר שרה פעדער־חפץ**. וועגן דיכטער האָבן גערעדט **דוד ספֿאַרד** און **יוסף קערלער**. דער דיכטער האָט געלייענט פון זײַנע שאַפונגען און די זינגערין **עליזה בלעכער־ראָוויטש־גאָלדבערג** האָט געזונגען פון די שאַפונגען פון דיכטער.

● אַן אָוונט לכבוד דעם דיכטער און קריטיקער **יצחק יאַנאַסאָוויטש** (18.8.74) איז פאַרגעקומען אונטערן פאַרזיץ פון **יצחק הרכבי**, ראש פון דער קולטור־אָפּטיילונג פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. וועגן יצחק יאַנאַסאָוויטש אַלס עסייאיסט, קריטיקער און דיכטער האָבן גערעדט **פּראָפ' יודל מאַרק** און **ד"ר דוד ספֿאַרד**. דער דיכטער האָט געלייענט פון זײַן נײַ בוך לידער "אויף יענער זייט וווּנדער" און געהאַלטן אַ רעפעראַט א.ד.ט. "די יידישע ליטעראַטור — דער שפּיגל פון אונדזער דור".

● צום סיום פון שנת תשל"ד איז פאַרגעקומען אַן אָוונט אין "היכל שלמה", געווידמעט דעם ספר "קאַצק" פון **אברהם יהושע העשל** ז"ל מיט דער באַטייליקונג פון **ש. ז. שרגאַי** און **ד"ר פנחס פּלאַי**. דעם פאַרזיץ האָט געפירט **הרב צבי תבורי**.

● ערב דעם נייעם קולטור־זמן איז פאַרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אויף וועלכער עס זענען אָנגענומען געוואָרן די ווייטערדיקע רעזאָלוציעס:

## יידישע קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים — רעזאָלוציעס אָנגענומען אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג — 5.8.1974 —

1. די יידישע קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים באַגריסט די איניציאַטיוו פון קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל צו קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון די יידיש־קרייזן אין לאַנד און צוזאַמענצורופן אַ וועלט־קאָנפערענץ וועגן יידיש אין ישראל. די געזעלשאַפט האַלט, אַז דאָס איז אַ גאָר חשובע איניציאַטיוו פאַר יידיש און באַטאָנט די וויכטיקייט וואָס די דאָזיקע קאָנפערענץ זאָל פאַרקומען דווקא אין ירושלים. די יידישע קולטור־געזעלשאַפט גיט אויך איר אַקצעפּט צום ביכער־קלוב און אַפּעלירט צו אַלע אירע מיטגלידער מיטצווווירקן צו דעם דערפאָלג פון אָט דער אַקציע.

2. די יידישע קולטור־געזעלשאַפט באַגריסט דאָס אַנטשטיין פון אַן ערנסטער יידישער שרייבער גרופּע אין ירושלים און שטיצט די איניציאַטיוו אַרויסצוגעבן אַ סטאַבילע ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע טריבונע דורך דער גרופּע ווי אַ המשך פון "אַלמאַנאַך". די דאָזיקע אויפגאַבע פאַרדינט די אונטערשטיצונג פון אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט.

3. די יידישע קולטור־געזעלשאַפט דריקט אויס איר אַנטוישונג, וואָס ביז איצט זענען נישט דערגרייכט געוואָרן קיין שום ממשותדיקע רעזולטאַטן אין דער אינטערווענץ צו פאַרגרעסערן די צייט פון די יידיש־אוידיציעס אין ראַדיאָ און איינצופירן סטאַבילע אוידיציעס אין יידיש אויף דער טעלעוויזיע. עס איז אויך ביז איצט גאָרנישט געטאָן געוואָרן, כדי די העברעישע אוידיציעס זאָלן ווי געהעריק אָפּשפּיגלען די דערגרייכונגען פון דער יידיש־ליטעראַטור אין לאַנד

און אין חוץ־לאַרץ. די געזעלשאַפט האַלט,
אַז איינע פון די הויפט־אויפגאַבן פון
דער פלאַנירטער קאָנפערענץ פאַר יידיש
דאַרף זיין דאָס ענדערן די באַציונג פון
די מלוכהשע קאָמוניקאַציע־אָרגאַנען אויף
דעם געביט, אין וועלכן עס איז פאַראינ־
טערעסירט בערך אַ האַלבער מיליאָן
יידיש־רעדנדיקע אין לאַנד.

4. די יידישע קולטור־געזעלשאַפט
דריקט אויס דאַנק און אָנערקענונג דער
ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג פאַר דער
הילף וואָס זי גיט פאַר דער איינאָרדע־
נונג פון די ליטעראַרישע אָוונטן אין
יידיש. די געזעלשאַפט זעט אין דעם אַ
דערפרייענדיקע דערשיינונג, וואָס איר
באַדייטונג איז פיל מער ווי אַ לאָקאַלע.
די יידישע קולטור־געזעלשאַפט דריקט
אויך אויס אַ דאַנק דעם אַמעריקאַנער
יידישן קאָמיטעט — ירושלימער אָפּטיי־
לונג — פאַר דער הילף דער זעלבער
קולטור־טעטיקייט.

5. די יידישע קולטור־געזעלשאַפט
דריקט אויס איר פרייד מיטן צוטיילן
היי־יאָר דעם איציק מאַנגער־פּרייז פאַר
יידישער ליטעראַטור־שאַפונג — דעם
פּרייז פאַר אַ יידישן שאַפער אין מדינת
ישראל — דעם "פּרינץ פון חכמת יידיש"
פּראָפ' דב סדן, דעם ערן־פּאַרזיצער פון
אונדזער געזעלשאַפט זינט דעם ערשטן
טאָג פון איר קיום. די יידישע קולטור־
געזעלשאַפט שיקט איבער האַרציקע בר־
כות דעם לאַורעאַט, ווינטשט אים אַ סך
געזונט און גוטע שעפערישע יאָרן צו
פאַרווירקלעכן זיינע גרויסע ליטעראַרישע
פּלענער און באַשליסט אין קומענדיקן
קולטור־זמן צו ווידמען אַ ספּעציעלן
אָוונט זיינע ביי־דערשינענע ווערק ברוב
עם והדרת מלך.

6. די יידישע קולטור־געזעלשאַפט
דריקט אויס אָנערקענונג פאַרן ספּעציעלן
פּרייז פאַרן יידישן ליטעראַרישן שאַפן
וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך גאָלדע
מאיר — דער פּרס ראש־הממשלה —
און וואָס דער פּרייז איז שוין היי־יאָר
צוגעטיילט געוואָרן צום צווייטן מאָל
(דעם ערשטן יאָר האָט דער פּרייז באַ־
קומען עלי שעכטמאַן). דעם לאַורעאַט
פון היי־יעריקן פּרייז משה יונגמאַן ווערט
אויסגעדריקט אָנערקענונג און לויב פאַר
זיין שאַפן, וואָס איז אַן אויסדרוק פון
דער יידיש־שאַפונג אין מדינת ישראל.



עשרה בטבת תשל"ד, אינעם אַלגעמיי־
נעם "יום הקדיש", האָט די ישראל־
טעלעוויזיע אין ראַם פון דער פּראָגראַ־
מען־סעריע "מורשה" געגעבן אַ האַלב־
שעהדיקן פּראָגראַם וועגן דעם לעבן און
שאַפן פון אַ שואה־שרייבער אין ירוש־
לים. דער פּראָגראַם איז געווען געוויד־
מעט דעם שרייבער לייב ראָכמאַן און זיין
פאַמיליע, וואָס וווינט אין ירושלים זינט
מאַי 1950, און דאָ זענען אויך דערצויגן
געוואָרן ראָכמאַנס צוויי קינדער — סאַב־
רעס, וועלכע פאַרבינדן מיט זיך די אַמאָ־
ליקע אונטערגעגאַנגענע יידישע וועלט
און דעם דור, געבוירן שוין אין דער
באַנייטער יידישער מדינה. דער פּראָגראַם
וואָס ווערט געוויינלעך געהערט און
געזען דורך הונדערטער טויזנטער צו־
שויער, האָט ביי זיי אַרויסגערופן אַ
ברייטן אָפּקלאַנג מיט זיין אמונה און
בטחון און האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך
איין געוועב — אָנהייבנדיק פון יידישן
חורבן ביז דער ווידעראויפלעבונג דאָ,
פון דער שואה ביז דער תחיה, אָדער ווי
ראָכמאַן האָט זיך אויסגעדריקט: "דאָ
זענען מיר אויפגעשטאַנען תחיית המ־
תים!".



בעת און באַלד נאָך דער יום־כיפור־
מלחמה זענען דערשינען פיל אויסגאַבן
אַרויסגעלאָזט דורך קיבוצים, לערן־ אַנש־
טאַלטן, ישיבות אדג"ל, וועמענס מיט־
גלידער און תלמידים האָבן זיך געפונען

צעשפּרייט אויף די פראָנטן. די אויס־געבן (טייל אין דרוק, טייל אין סטענ־סיל) זענען צעשיקט געוואָרן צווישן די זעלנער, וואָס האָבן אַזוי אַרום אָפּגענומען אַ גרויס פון זייער היים, חברים און פריינט — אין צפון און דרום. די בלעט־לעך זענען פול געווען מיט באַשרייבונ־גען, שילדערונגען און אינטערוויוען דורכגעפירט מיט די קעמפּערס אין סאַמע ברען פון די קאַמפן. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אומקום פון יידן אין אייראָפּע האָט פאַרנומען אַ גרויס אָרט אינעם באַוווסטזיין פון אונדזערע בחורים אויפן פראָנט. זיי שרייבן און רעדן וועגן דעם ווי וועגן אַן אַנטפּלעקונג אין רגעס, ווען דער יחיד בלייבט פּנים אל פּנים מיט זיך און מיט זיין גורל.

געווען דערביי עטלעכע פאַלן, ווען חיילים אויפן שלאַכטפעלד האָבן געהאַט מיט זיך דאָס שואה־בוך פון לייב ראָכמאַן "בדמייך חיי" אין דער העב־רעישער איבערזעצונג. חנן פורת, פון די באַנייער פון ישוב אין עציון־בלאָק, וואָס איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין די קאַמפן אין סיני, דערציילט אין אַן אינ־טערוויו, פאַרעפנטלעכט אין אָרגאַן פון הקיבוץ הדתי "עמודים" (ניסן תשל"ד) ווי אויך אין דער אויסגאַבע פון ישיבת יבנה "בלכתך בדרך" (טבת תשל"ד) וועגן ראָכמאַנס בוך, וואָס ער האָט גע־לייענט אין די טעג פון די קאַמפן: "ביים אָנהייב פון דער מלחמה האָב איך געהאַט אין מיינע הענט דאָס בוך "בדמיך חיי". דאָס איז אַ פּראַקטיק בוך און ס'האָט מיר געגעבן אַ סך כוח און קראַפט אין אָט דער מלחמה".

אַ צווייטער קעמפער, אַ טאַנקיסט, האָט ט"ו כסלו תשל"ד געשריבן אַ בריוו צום "פּנים אל פּנים" פון שפּיטאָל אַרויס נאָך דעם ווי ער איז, אויך אויפן סיני־פראָנט, פאַרוווּנדעט געוואָרן אין זיין טאַנק "אי־נעם שפּיטאָל האָב איך געלייענט דאָס טאָגבוך פון לייב ראָכמאַן "בדמיך חיי" — איך בין געווען מיט אים אין בונ־קער און ער איז געווען מיט מיר אינעם טאַנק"...



מוצאי שבת ד' סיון (25.5.74) איז אין הויז פון די העברעישע שרייבערס אין ירושלים, פועה און חיים תורן, פאַרגע־קומען אַ מסיבה לכבוד דעם שרייבער עלי שעכטמאַן צום דערשיינען פון די צוויי ערשטע בענדער פון זיין ראָמאַן "ערב". וועגן דאָזיקן בוך און זיין פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור־שאַפונג האָבן גערעדט דב סדן, ד"ר דוד ספאַרד און חיים תורן.

# צו די קונסט־אילוסטראַציעס פון אונדזער אַלמאַנאַך

## פרומע יאַקובאָווסקי־בעקער

געלערנט מאַלעריי־קונסט אין מכון לאמנות אין בת־ים.

זיך באַטייליקט אין עטלעכע קאָלעקטיווע אויסשטעלונגען פון קינסטלער, אָבער דעביוטירט מיט אַ פּערסאָנאַלער אויסשטעלונג אין 1969 יאָר. אין דער תּל־אביבער „גאַלעריע 220" זענען דאָן דעמאָנסטרירט געוואָרן 30 אייל־בילדער און איבער 20 אַקוואַרעלן.

אין דער ישׂראל־פּרעסע איז הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן די אייגנאַרטיקע מייסטערשאַפט פון דער קינסטלערין, דער זאַפטיקער קאָלאָריט און די כאַראַק־טעריסטישע דורכזיכטיקייט און שפּילעוודיקייט פון אירע אַקוואַרעלן.

פרומע יאַקובאָווסקי־בעקער האָט זעקס יאָר געלעבט אין ירושלים און מיט פאַרכטיקער אינטימער ליבשאַפט צו אָט דער שטאָט לויכטן, נישט נאָר די פּיי־זאַזשן פון ירושלים, פון די יהודה־בערג, נאָר אויך די שילדערונגען פון יפו, פון עין גדי און פיל אַנדערע.

* * *

מיר ברענגען אַ רעפּראָדוקציע פון איר בילד אַן אַלטער ייד פון פּוילן, אין וועלכן דער אָנגעזעענער יידישער שרייבער און עסייאיסט ישעיהו שפּיגל האָט דערקענט, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, זיין זיידן — דעם זיידן אַנשל פון זיינע דערציילונגען.

## רבקה מרים

געבוירן אין ירושלים, אין יאָר 1952. טאָכטער פון יידישן שרייבער לייב ראָכמאַן. פאַרענדיקט אַ רעליגיעזע מיטלשול. פאַרנעמט זיך מיט מאַלעריי פון סאַמע קינדהייט. צו 17 יאָר געהאַט די ערשטע פּערסאָנאַלע אויסשטעלונג אין תּל־אביבער קונסט־מוזיי. פריער זיך באַטייליקט אין אַ גאַנצער ריי אויסשטעלונגען אין לאַנד ווי אויך אין אויסלאַנד: מעקסיקע, קאַנאַדע, דרום־אַמעריקע, אילוסט־רירט אַ גאַנצע ריי ווערק אין יידיש און עברית.

אויך אַ טאַלאַנטירטע דיכטערין אין דער מאָדערנער העברעישער ליטעראַטור (זע איבערזעצונגען פון אירע לידער אין איצטיקן אַלמאַנאַך).

* * *

1. „פרויען־געשטאַלטן" — איינע פון די בילדער וואָס זענען עקספּאָנירט גע־וואָרן אין תּל־אביבער קונסט־מוזיי און וואָס האָט באַקומען אַ הויכע אָפּשאַצונג אין דער ישׂראל־פּרעסע.

2. "וואַנט־געמעל" — אַ פראַגמענט פון די וואַנט־מאַלערייען אין הויז פון דער משפחה ראַכמאַן, אין ירושלים.

## לעוו (לבֿ) סירקין

געבוירן אין יאָר 1929, אין מאָסקווע. פאַרענדיקט די סטראָגאַנאָווער קונסט־הויכשול.

אַן אָריגינעלער מייסטער אין געביט פון גראַפיק און פּאָרטרעט, איז ער אין רוסלאַנד אויך באַקאַנט מיט זיינע פיין־געצייכנטע לירישע פּייזאַזשן. אָבער דער עיקר האָט זיך סירקין קונה שם געווען אַלס איינער פון די ערנסטע און פּיל־זייטיקע מייסטערס פון מאָנומענטאַלער און דעקאָראַטיווער קונסט. גרינטלעך דערלערנט די פאַרצייטיקע מאָזאַיק אין אָרגאַמעטיק פון סאָוועטישן מיטל־מזרח און גרוזיע, באַהערשט ער גלעצנד די הייכטצייטיקע טעכניק פון וואַנט־מאַלעריי, מאָזאַיק פון פאַרביק גלאָז (סמאַלטאַ), קעראַמיק און נאַטירלעכן שטיין; אויך די טעכניק פון פיין־שניצעריי, רעליעפן פון גיפּס און דעקאָראַטיוון צעמענט.

העכער פופציק שאַפונגען פון דעם קינסטלער באַצירן און דערגענצן די אַרכי־טעקטאָניק פון פאַרשיידענע מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע בנינים פון מאָסקווע און אַנדערע שטעט פון סאָוועטנפאַרבאַנד, ווי אויך אויסער זיינע גרענעצן (למשל דער זאַל פאַר אויפנאַמעס פון דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע אין בריסל).

עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1972. די וויכטיקע אַרבעטן אין ישראל: וואַנט־מאַלעריי און פלאַפאָנען אין בר־אילן אוניווערסיטעט, ווי אויך אינעם פּרעכ־טיקן רעסטאָראַן "גרוזיע" (ירושלים); קאָלירטע מאָזאַיק אין דער מיטל־שול פון גוה עציון לזכרון די אומגעבראַכטע 35 יונגע העלדן (ל"ה) אין גוש עציון. אָנטיילגענומען אין די קונסט־אויסשטעלונגען אין ירושלימער קינסטלער־הויז און אין בית הנשיא.

* * *

מיר ברענגען אין אונדזער אַלמאַנאַך צוויי צייכענונגען פון סירקינס פּראַכט־פולן אַלבאָם אַרויסגעגעבן אין ירושלים, געווידמעט דער יום כיפּור־מלחמה א. נ. "די וויזיע בעתן שלאַכט". דער דאָזיקער אַלבאָם איז אָפיציעל אונטערגעטראָגן געוואָרן — "אַ מתנה דעם האָלענדישן פאָלק פון פאָלק ישראל". ער איז מיט דערפאָלג עקספּאָנירט געוואָרן אין פּאַריז.

דאָס דריטע בילד "קאַפּיטאַן קאַגאַן" — פּאָרטרעט פון אַ סאָוועטישן אָפיציר, וועלכע איז, לויט דער סאָוועטישער פּרעסע, אַ שווער פאַרוווּנדעטער אַריינגעפאַלן אין פאַשיסטישער געפאַנגענשאַפט, סוף 1941. האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן מיט דער געסטאַפּאָ. די היטלעראָווצעס האָבן אים אויסגעשניטן אַ מגן דוד אויף זיין שטערן. דערביי אָבער האָבן די נאַצי־הענקער נישט אויסגעהאַלטן זיין בליק פול מיט שינאה און פאַראַכטונג צו זיי און פאַרן דערמאָרדן, אויסגעשטאָכן אים די אויגן . . .

# ביאָ־ביבליאָגראַפיע

מיר דרוקן קורצע ביאָ־ביבליאָגראַפישע ידיעות וועגן די מחברים וואָס באַטייליקן זיך צום ערשטן מאָל אין אונדזער אַלמאַנאַך. וועגן די אַנדערע אָנטייל־נעמער זע "אַלמאַנאַך — יידישע שרייבער פון ירושלים" (1973).

## לייב אָליצקי

געבוירן אין 1904 (טריסק, פוילן). געאַרבעט אַלס יידישער לערער פון די ציש״אָ־שולן אין טריסק, קאָוועל, וואַרשע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געפינט ער זיך אין סאָוועטנפאַרבאַנד (באַשקיריע). אין 1945—1946 — מיטגעאַרבעט אין יידישן אָפּטייל פון "פאַרבאַנד פון די פּוילישע פּאַטריאָטן" אין מאָסקווע. שפּעטער זיך אומגעקערט קיין פּוילן, אין די פּופּציקער יאָרן רעדאַקטאָר פון די וואַרשעווער "יידישע שריפטן" און מיט־רעדאַקטאָר פון פאַרלאַג "יידיש בוך".

זיין ערשטער בוך "אין אַ אָקופּירט שטעטל" (וואַרשע, 1924), זינט דאַן אַרויסגעגעבן אין ווילנע, וואַרשע, לאָדזש, בוענאָס־איירעס העכער 20 בענד. נאָוועלן, ראָמאַנען, לידער, משלים, איבערזעצונגען פון דער רוסישער דיכטונג (קרילאָוו, פּושקין), ווי אויך פון דער אַלטער און נייער העברעישער פּאָעזיע.

עולה געווען קיין ישראל אין 1963 און פון דאַן שוין מצליח געווען אַרויסצוגעבן 15 ביכער — אָריגינעלע און איבערזעצטע אויף עברית.

פון די וויכטיקסטע ווערק: **גערא̈נגל**, ראָמאַן (וואַרשע), **הונטמאַן**, ראָמאַן, 2 אויפ־לאַגעס (וואַרשע, 1937), **דער מענטש וועט זיין גוט**, משלים (לאָדזש, 1947), **משלים־בוך** (לאָדזש, 1949), **אָפּקלייב**, נאָוועלעס (וואַרשע, 1953), **דאָרפיע קאָוואַל**, ראָמאַן (וואַרשע, 1955), **פון מיין אייגענעם פעלדז**, לידער, באַלאַדן, משלים און עפּיגראַמען (תל־אביב, 1964), **וואָר און ווערן**, לידער ("המנורה", תל־אביב, 1967), **ישיבה־לייט**, ראָמאַן (י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב, 1968), **אויף די ראַנדן פון תנ״ך** ("אשל", 1969), **וואָלינער יידן**, (תל־אביב, 1973).

## יונה בערקמאַן

געבוירן אין אָשמענע, ביי ווילנע, אין יאָר 1904. ביז 1921 געלערנט אין חדרים און ישיבות. פאַרענדיקט די ווילנער יידישע רעאַל־גימנאַזיע.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה — צוזאַמען מיט דער פאַמיליע אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָרט שטודירט און געאַרבעט אַלס אינזשינער אין מאַגניטאָגאָרסקער מעטאַלורגישן קאָמבינאַט.

אין יאָר 1946 געקומען מיט דער משפחה קיין פּוילן (שטעטין) געווען שול־דירעקטאָר און שפּעטער — לייטער פון דער קולטור־אָפּטיילונג ביים יידישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט.

אָנהייב 1950 עולה געווען קיין ישראל. אַרבעט אַלס לערער און שול־פאַרוואַלטער אין תל־מונד.

געדרוקט זיך אין "ישראל־שטימע", "לעבנספראַגן", "פאָלקסבלאַט", "פּראָבלעמען", "לעצטע נייעס". פאַרעפנטלעכט לידער אין "די גאָלדענע קייט", "צוקונפט", "קיום", און אַנד. צייטשריפטן.

אין בוכפאָרם: "המשך" — לידער־זאַמלונג (תל־אביב פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1971).

## שלמה גערסאָן

געבוירן אין יאָר 1920 (ראַזוואַדאָוו, פּוילן). געלערנט אין חדר און פאַרענדיקט אַ פאָלקס־ און מיטלשול. שטודירט אין לעמבערג (לוואָוו) אין "אינסטיטוט פאַר פּלאַסטישער קונסט", מאָלעריי־פאַקולטעט.

אָנגעפאַנגען שרייבן אין דער פּוילישער שפּראַך. פאַרעפנטלעכט לירישע און סאַטירישע לידער אין פּוילישע צייטשריפטן "קולטורא", "ווספּולטשעסנאָשטש", "שפּילקי", "איטקרא" — זונטיק־ביילאַגע פון "טריבונא מאַזאָוויעצקאַ" און אַנד. אין 1956 אָנגעפאַנגען שאַפן אויף יידיש, מיט דער הילף פון שרייבער לייב אָליצקי, וועלכער האָט דעמאָלט רעדאַגירט אין וואַרשע די "יידישע שריפטן". פון דאַן פאַרעפנטלעכט ליריק, סאַטירע און משלים אין "יידישע שריפטן", "פאָלקס־שטימע" אין וואַרשע. אייניקע פון זיינע פּוילישע ווערק זענען אויך איבערזעצט אויף יידיש און אָפּגעדרוקט אין "יידישע שריפטן".

גלייכצייטיק אויך געמאָלט און אָנטייל גענומען אין קונסט־אויסשטעלונגען אין וואַרשע, קראָקע, ריישע, ברעסלאָו, געמאַכט אויך פּערסאָנאַלע אויסשטעלונגען.

עולה געווען אין 1957. אַ צייט געלעבט אין אַ קיבוץ (דפנה) דערנאָך אין בית ים, חולון און צום סוף ירושלים.

אין לאַנד — געשריבן לידער און משלים, ווי אויך סאַטירע פאַרעפנטלעכט אין "די גאָלדענע קייט", "לעצטע נייעס", "פריי ישראל", "פּראָבלעמען", "לעבנספראַגן". גרייט אַ לידער־זאַמלונג אויף יידיש.

אויף פּויליש אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג לידער "סאַסני נאַד זשעמאַן" (סטאַניסלאַוו גערסאָן־טאַוואַרניצקי) און אַ טאָגבוך "מאַיע וואַיעננע שלאַקי".

## חיים זעלצער

געבוירן אין יאָר 1912 לעבן קעשענעוו. געלערנט אין אַ העברעישער גימנאַזיע.

אָנגעהויבן צו שרייבן אין עברית, דערנאָך אַריבער צו יידיש און זיך באַטייליקט אין דער בעסאַראַבער גרופּע "אָנזאָג", צוזאַמען מיט הערץ ריווקין, הערש לייב קאַזשבער און יעקב יאַקיר. זיך פאַרנומען מיט מאָלעריי און פאַרענדיקט די קעשענעווער קונסטשול.

געדרוקט אין די וואַרשעווער "יידישע שריפטן" און "פאָלקס־שטימע", פאָלקסטימלעכע באַלאַדעס, משלים און מעשהלעך.

געקומען קיין ישראל אין יאָר 1973. אַרבעט אַלס פּעדאַגאָג פון קונסט־מאָלעריי.

## בלימעלע יאַקיר ז"ל

געבוירן אין יאָר 1935 (זגוריצע, בעסאַראַביע), טאָכטער פון יידישן שרייבער יעקב יאַקיר. די ערשטע געדרוקטע דערציילונג "אַ פרעמדער גורל" (1955) האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפטלעכקייט אין מאָלדאַוויע.

געשריבן אין רוסיש און אַ סך פון אירע דערציילונגען זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן פון די פעלקער פון סאָוועטנפאַרבאַנד, אויך אויף יידיש.

פאַר איר קורץ לעבן האָט זי באַוויזן אַרויסצוגעבן פיר ביכער: **אַ גוט־מאָרגן, מיט־צייטלער, געווען אַמאָל אַ הויף, אַפּראַשאַ און דאָס ווייסע ציגעלע מיט די זילבערנע גלעקעלעך.**

דער אָנגעזעענער רוסיש־סאָוועטישער קינדער־שרייבער לעוו קאַסיל האָט געגעבן אַ

באַגייסטערטן אָפּרוף אויף די דערציילונגען פון בלימעלע יאַקיר, אָפּמערקנדיק אין זיי די פרוכטבאַרע השפּעה פון דער יידישער ליטעראַרישער קלאַסיק.

בלימעלע יאַקיר איז נפטר געוואָרן נאָך אַ שווערער קראַנקהייט אין פעברואַר 1971.

אין ישראל ווערט געגרייט אַ בוך פון אויסדערוויילטע דערציילונגען אין יידיש און עברית.

## יצחק יאַנאָסאָוויטש

געבוירן אין יאָר 1909 אין שטעטל יעזעוו (פּוילן). צו 17 יאָר אָפּגעדרוקט דאָס ערשטע ליד אין אַ זשורנאַל פון יונגע דיכטער, אַרויסגעגעבן אין לאָדזש.

פאַרעפנטלעכט לידער אין זשורנאַל "ערשטער שניט" (רעדאַקטאָר ש. זאַראַמב) 1930. דאָן אויך דעביוטירט אַלס זשורנאַליסט.

זיין ערשטע לידער־זאַמלונג — **"רוויכיקע פּאַרטאַגן"** (אונטער דעם פּסעוודאָנים: י. יאַנאָס) — דערשינען אין יאָר 1933. אין 1938 דערשיינט זיין לידער־בוך **שטילקייטן** (פאַרלאַג "אות"). בעת די מלחמה־יאָרן — אויף עוואַקואַציע אין סאָוועטנפאַרבאַנד, דאָרט גייט אַרויס אין מאָסקווער "עמעס"־פאַרלאַג זיין ביכעלע **באַפרייונג** (1941, מיט אַן אַריינפיר פון אַ. גורשטיין). נאָך דער מלחמה זיך אומגעקערט קיין פּוילן. **פון** 1948 ביז 1952 געלעבט אין פראַנקרייך, ווו ס'דערשיינט זיין **פּאָעמע אַ שטוב אין שטעטל.**

אין 1952 פאָרט יאַנאָסאָוויטש אַריבער קיין אַרגענטינע. מיטאַרבעטער און שפּעטער רעדאַקטאָר פון דער טאָגצייטונג "די פּרעסע".

אין בוענאָס־איירעס דערשינען פאָלגנדיקע ביכער . **מיט יידישע שרייבער אין סאָוועטרוסלאַנד** ("קיום", 1959), די צווייטע אויפלאַגע פון **אַ שטוב אין שטעטל** און דער ערשטער באַנד פון זיין בוך עסייען **פּנימער און נעמען,** באַלוינט מיט די פּרייזן פון ניו־יאָרקער קולטור־קאָנגרעס, ש. ניגער־פּרעמיע פון בוענאָס־איירעסער קולטור־קאָנגרעס, ווי אויך מיט דער שזר־פּרעמיע פון ישראלדיקן בילדונגס־מיניסטעריום פאַרן יאָר 1973.

עולה געווען קיין ישראל אין 1973. אַרבעט אַלס רעדאַקטאָר פון די אויסגאַבן פון קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל, ווי אויך פון זשורנאַל "ביי זיך".

## בנימין ליובעלסקי

געבוירן אין אַבלין (פּוילן) אין 1909. געלעבט אין בעלגיע, פראַנקרייך. זיך באַטייליקט אין שפּאַנישן בירגער־קריג. געווען אינטערנירט אין די לאַגערן אין פראַנקרייך, צפון־אַפריקע. נאָך דער מלחמה געלעבט אין פּוילן. שפּעטער געאַרבעט אַלס פּאָליטישער ראַטגעבער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע אין וויעטנאַם. לאַנגיעריקער מיטאַרבעטער אין דער יידישער, פראַנצויזישער און פּוילישער פּרעסע. אין ישראל זיך באַזעצט פון אָקטאָבער 1965.

לייטער פון דער מזרח־אייראָפּעישער ביבליאָטעק ביי דעם העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים.

## רבקה מרים (ראָכמאַן־שערעשעווסקי)

אַ יונגע העברעישע דיכטערין און מאָלערין. דאָס ערשטע פּאָעזיע־בוך אַרויסגעגעבן אין עלטער פון 12 יאָר מיטן נאָמען **"כותנתי הצהובה"** (פאַרלאַג "עקד" תל־אביב, תשכ"ו). דאָס צווייטע בוך מיטן נאָמען **"טבעתי בבחולונות"** איז דערשינען אין פאַרלאַג

"עקדה" אין תשכ"ט, און מיט צוויי יאָר צוריק (תשל"ג) איז דערשינען דאָס בוך לידער "כּסאות במדבר" (פאַרלאַג "דביר", תל־אביב).

אירע לידער דערשיינען אין די ליטעראַרישע בײַלאַגעס פון אַ ריי צײַטונגען ווי אויך אין "מאזניים".

אויך אירע מאַלערייען זענען אויסגעשטעלט געוואָרן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, צווישן זיי אַן אַליין־אויסשטעלונג אין תל־אביבער מוזיי.

## יהושע (סטאַניסלאַוו) וויגאָדסקי

געבוירן אין יאָר 1907 אין בענדין (אויבערשלעזיע). פאַר אומלעגאַלער רעוואָלו־ציאָנערער אַרבעט געזעסן פאַר דער מלחמה אין דער פּוילישער תפיסה. דעביוטירט אין 1928 אין "וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקיע", זיין ערשט לידער־ביכל דערשינען אין 1933 אין מאָסקווע. צוויי ווייטערדיקע פּוילישע לידער־זאַמלונגען — אין קראָקע. דורכגעמאַכט די בענדינער געטאָ, די אַשווענטשים־לאַגערן, אָראַניענבורג און דאַכאַו.

נאָך דער מלחמה פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי ביכער, פּראָזע און דיכטונג. עולה געווען קיין ישראל צוזאַמען מיט דער משפּחה אין יאָר 1967.

דאָ זענען דערשינען צוויי ביכער נאָוועלן און די דערציילונג "פאַרהאַלטן ביז צום אויפקלערן", וועלכע איז אין פּוילן געווען קאָנפיסקירט.

לאַורעאַט פון בערגען־בעלזען יזכור־פּרייז און שזר־פּרייז.

## עליע ווערבלון

געבוירן אין יאָר 1908 אין ווילנע. זיך דערצויגן אין אַ יתומים־הויז. געלערנט אין אַ העברעיִשער שול (קאָוונע). צו 13 יאָר זיך שוין אַליין אויסגעהאַלטן.

אין יאָר 1930 אויסגעוואַנדערט קיין אורוגוואַי, אַ שטיקל צייט געווען אויך אין אַרגענטינע. געאַרבעט אַלס ביבליאָטעקער פון ייוו"אַ אין מאָנטעווידעאָ.

אָנגעהויבן שרייבן צו 16 יאָר, נאָך אין דער קאָוונער פאַלקסשול. פאַרעפנטלעכט לידער אין דער יידישער פּעריאָדיק פון אורוגוואַי, אַרגענטינע, ניו־יאָרק.

אין בוך־פאָרם דערשינען: מיינע קליינע לידער (1932), דער לעצטער מענטש (פאַרלאַג "איך", מאָנטעווידעאָ), אין זעלבן פאַרלאַג — די שוואַרצע טויז (1938). אין אורו־גוואַי זענען אויך דערשינען די שלאַכט פאַרן מענטש — לידער, 1944 הייליקער אַש — פּאָעמעס און לידער 1945, אַלעמענס וועלט — אַרויסגעגעבן פון יידישן שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין פון אורוגוואַי, 1957, מעשיות פון מאָנטעווידעאָ — דערציילונגען, 1959, לירישער טאָגבוך — פאַרלאַג "ווערבע", 1960, וווינט אין רמת השרון.

## קלמן סעגאַל

געבוירן אין יאָר 1917 אין שטעטל סאַנאָק, מזרח־גאַליציע. די יוגנט פאַרבראַכט אין ווילנע. געאַרבעט אַלס הויז־לערער. בעת דער היטלערישער אינוואַזיע זיך עוואַקוירט קיין סאָוועטנפאַרבאַנד. זיינע ערשטע פּאָעטישע שאַפונגען געדרוקט אין זשורנאַל "אויפגאַנג", לינץ, עסטרייך (1945—1947), שפּעטער פאַרעפנטלעכט לידער און דער־ציילונגען אין דער יידישער פּעריאָדיק פון וואַרשע, מאָסקווע, ניו־יאָרק, תל־אביב.

אין פאַרלאַג "יידיש־בוך" (וואַרשע) דערשינען פאָלגנדיקע ביכער: **לידער** (1952), **צו מיין נייער היים**, פאָעמעס און לידער (1953), **פרילינג ביי מיין טיר**, לידער (1955), **געטרייע ליבע**, נאָוועלעס (1960). אַרויסגעגעבן 20 ביכער אין פויליש.

געקומען קיין ישראל אין 1969 יאָר. אַרויסגעגעבן אין עברית אַ בוך דערציילונגען און דאָס בוך דער **טויט פון אַן אַרכיוואַר**. אַרבעט אין דער יידיש־אודיציע פון "שידורי ישראל".

## ל. פּאָדאָליער

געבוירן אין אוקראַינע, לעבן דעם אייזנבאַן־שטעטל וואַפּניאַרקע. פאַרענדיקט אַ יידישע מיטלשול, געלערנט אויפן פילאָלאָגישן פאַקולטעט פון מאָסקווער מלוכה־אוניווערסיטעט.

אָנטיילגענומען אין אַנטי־נאַצי קריג. אָנגעהויבן דרוקן אין מאָסקווער "עמעס", שפּע־טער געדרוקט אויך אין "אייניקייט" רעצענזיעס, רעפּאָרטאַזשן און הומאָרעסקעס אונטער די פּסעוודאָנימען: י. טויבעס, לייבוש בענדאָווסקי אאַ"נד. אין די סטאַלין־צייטן געווען רעפּרעסירט פאַר "נאַציאָנאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע־טעטיקייט".

עולה געווען אין יאָר 1971. וווינט אין ירושלים.

## לייב קורלאַנד

געבוירן אין יאָר 1913 אין אַ דאָרף לעבן טשענסטאָכאָוו (פּוילן). געלערנט אין "חדר". שפּעטער פאַרענדיקט אַ גימנאַזיע. אָנגעהויבן זיין שעפערישע טעטיקייט נאָך זייענדיק אין טשענסטאָכאָוו.

פון 1932 ביז 1937 שטודירט מעדיצין אין פראַנקרייך. געאַרבעט אין פּאַריז אַלס מעדיצין־דאָקטער.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געדינט אין דער פּוילישער שיקאָרסקי־אַרמיי. אַלס אָפיציר פון דער אַליאירטער אַרמיי געווען פריער אין לאָנדאָן, שפּעטער אָנטייל־גענומען אין די שלאַכטן פאַר באַפרייען אייראָפּע. געווען פאַרוווּנדעט

נאָך דער מלחמה אַרבעט ווידער אַלס דאָקטער און איז אַקטיוו אין ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון פּאַריז. אַ צייט געווען פּאַרזיצער פון דאָרטיקן יידישן ליטע־ראַטן־פּאַראיין, רעדאַגירט דעם זשורנאַל "קיום".

אַרויסגעגעבן אין בוך־פאָרם: **עס האָט זיך אָנגעהויבן**, דערציילונגען (לאָנדאָן, 1943), **פּאַרטיזאַנער טעג**, אַכצן דערציילונגען (לאַנדסבערג, 1948), **אויפן וועג צו זיך**, ראָמאַן (פּאַריז, תשכ"ז), **גאולה**, דערציילונגען (פּאַריז, תשכ"ט),**ביי די ברעגן פון כנרת**, דערציילונגען. (תל־אביב, 1973).

חוץ דעם אַרויסגעגעבן אַ ריי אויסגאַבן און פּובליקאַציעס אויף מעדיצינישע טעמעס, דער עיקר אויפן געביט פון פּראָפילאַקטיק און קוראָרטאָלאָגיע.

וווינט און אַרבעט אין טבריה.

## ד״ר יוסף קערמיש

געבוירן אין זלאָטניק (גאַליציע). אין יאָר 1927 געענדיקט גימנאַזיע אין טאַרנאָפּאָל (פּוילן). זיין מאַגיסטער־אַרבעט ״לובלין אין צייט פון קאָשטשושקאָ־אויפשטאַנד״ באַקומען אין 1933 די אוניווערסיטעט־פּרעמיע. אין 1934 באַקומען דאָקטאָראַט פון געשיכטע. פון 1944 ביז 1947 — דירעקטאָר פון אַרכיוו ביי דער ״יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע״ אין פּוילן.

אין יאָר 1950 עולה געווען קיין ישראל. איינער פון די ערשטע וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער און גרונטלייגער פון ״יד־ושם״.

פאַרעפנטלעכט אַ גרויסע צאָל אַרבעטן, דער עיקר וועגן דער צייט פון דער היטלערישער אָקופּאַציע.

## שלמה רויטמאַן

געבוירן דעם 1טן פעברואַר 1913 אין מאָהיליאָוו־פּאָדאָלסק (אוקראַינע). געלערנט אין דעם יידישן אָפּטייל פון מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. פאַרענדיקט אַספּיראַנטור מיט אַ דיסערטאַציע אויף דער טעמע ״היינעס ליריק״. פון 1945 ביז 1948 — רעדאַקטאָר פאַר פּאָעזיע אין פאַרלאַג ״דער עמעס״. פון 1949 ביז 1973 — דאָצענט פאַר מערב־ליטעראַטור אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט פון יאַשקאַר־אָלאַ (מאַרי־רעפּובליק).

די ערשטע לידער־זאַמלונג וויינגערטנער (מאָסקווער מלוכה־פאַרלאַג ״דער עמעס״, 1941), אין זעלבן פאַרלאַג — גוטמאָרגן, זינגער (1947), אין רוסישער איבערזעצונג — ליכט און שאָטן (פאַרלאַג ״סאָוועטסקי פּיסאַטעל״, 1971), לידער און פּאָעמעס, דער מאַמעס ניגון (״סאָוועטסקי פּיסאַטעל, 1973).

דעם 1טן אויגוסט 1973 געקומען מיט דער משפחה קיין ישראל, זיך באַזעצט אין הרצליה. אויסגעצייכנט מיט זלמן שזר־פּרייז (1973).

ס׳געפינט זיך נאָך אין פאַרקויף דער

# אַלמאַנאַך —

## יידישע שרייבער פון ירושלים

## נומער 1 — 1973

רייכער אויסוואַל פון פּראָזע, פּאָעזיע,
ליטעראַטור־פאָרשונג און קריטיק.
ישראל־טעמאַטיק און מעמואַרן.

ס׳נעמען אָנטייל לויטן סדר פון די פּובליקאַציעס:

דוד ספאַרד, שמחה סנה, רחל בוימוואָל, אברהם ביק, מלכה לאָקער, מאיר חרץ, לייב ראָכמאַן, יוסף קערלער, יחיאל גראַנאַטשטיין, זיאַמע טעלעסין, בנימין באַסמאַן, אַסיאַ, ז. ברכות, יאָסל חריף, אפרים שעדלעצקי, זאַמי פעדער, משה זיגלער, פּראָפ׳ דב סדן, דליה קאַופמאַן, פּראָפ׳ סאָל ליפּצין, ש. שחריה, געלע פישמאַן.

קונסט־אילוסטראַציעס פון:
יצחק ליכטענשטיין, חיים אַראָנשטאַם, פ. זאָנשיין.

פרייז פון אַן איינצל־נומער — 6 ל״י

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:

אגודת סופרי יידיש — סניף ירושלים
שדרות אשכול 12/6, ירושלים

י. ל. פרץ־פאַרלאַג
רח׳ אלנבי 31, תל־אביב

## פון דער רעדאַקציע:

כתב־ידן ווערן אָנגענומען נאָר געדרוקטע אויף אַ שרייב־מאַשינקע.

כתב־ידן שוין געדרוקטע אין וועלכער ס'איז אויסגאַבע — טעגלעכע אָדער פּעריאָדישע — ווערן נישט גענומען אין באַטראַכט.

נישט קיין אָנגענומענע כתב־ידן ווערן נישט צוריקגעשיקט.